פסח אפרתי / תל־יוסף

# אנשי הבנק

בעירנו היו נהר ויער. עצים לבלבו וגם קמלו. השמים היו מעוננים וגם תכולים. היה ירק ודשא וקמה. קרוב למחצית השנה כיסה את פני האדמה שלג צחור. רוחות קרות החרידו את עצי היער ויושבי בית. היו ברקים ורעמים.

בחודש מאי לבש כל היקום חגיגיות ופאר. בושם הפריחה מילא את חלל העולם והכל אמר הלל. המוני אנשים יצאו להשתטח על הדשא בצל עצים מלבלבים בגן העירוני הפורח והמטופח. במשך הקיץ החמים והגשום הקמה ושבליה הרטיטו את הלב.

ביתי היה בקצה העיר, לא הרחק מהגן העירוני שם שיחקנו וטיילנו. גשר עץ חיבר את העיר עם מקום מגורי. מתחת לגשר זרמו מים רבים ופרצו בכח רב מהסכר שמימיו הניעו טורבינה של תחנת החשמל. בסמוך לנהר ומול ביתנו עמדו מתקני ומבני בית החרושת שעליו היתה גאות עירנו ושמו נישא למרחקים. ארובת בית החרושת, עשויה מלבנים אדומות, גבוהה ותמירה, התנשאה מעל לכל בנין והגיעה עד לעננים...

איכרים, פועלים, סוחרים, חנוונים ובעלי מלאכה, נוצרים ויהודים חיו ביחד תוך נסיון להתרגל זה לזה. אך ההתקהלויות בימי ראשון בשבוע ובחגים הנוצריים הזכירו את האיום הקיים על קיומנו הפיזי בסביבה זרה ועוינת. המפקח מטעם בית החרושת עם כלבו הגדול והשקצים ברחוב שזרקו אבנים המחישו לי מדי פעם כי זרים אנו כאן ודי חלשים למרות שהיהודים היו רוב בעיר.

החדר ובית הספר טפחו את הקשר הסמוי עם העבר המפואר של עמנו. למדתי לחוש ולהבין כי הנני נצר לשלשלת יוחסין מכובדת ונערצת. סיפורי התנ״ך ודברי הנביאים, ספרי מאפו, שירי יל״ג וביאליק — כל אלה והרבה ספרים בנושאים דומים ששאלנו מהספריה העשירה בספרים ושעובדיה היו מתנדבים, אלה ואלה הזינו את הדמיון והולידו את הגעגועים לארץ ישראל.

תנועות הנוער השומר הצעיר והחלוץ הפכו את הגעגועים הנ״ל למעשה של התכוננות והכשרה לעליה לארץ. אך בין גמר בית הספר והעליה לארץ חלפו אי אילו שנים, מעטות אבל רבות חשיבות בעצוב הנטיה המקצועית להמשך החיים.

עם גמר בית הספר פניתי לדפוס של שמעון בר. מלאכת הסדור וההדפסה היתה רבת ענין. ברם לא עבר זמן רב ולפי משאלות אחרות ובעזרת גביר העיר סטרוגץ קבלתי עבודה בבנק. אף כי הייתי צעיר בשנים וחסר נסיון, השכלתי לעשות כל עבודה בהתלהבות ובמסירות. עבדתי בבנק מספר שנים ונדמה לי עתה כי עסקי הבנק, דרכי ארגונו ובצוע העבודה על ידי עובדיו היו לי לבית ספר חשוב מאוד. עובדי הבנק, שהקפידו לעשות את מלאכתם בטעם ובחריצות, שמשו לי בהמשך חיי, לא פעם אחת, כדוגמא וסמל, מאז ועד עתה.

שם הבנק היה „ליי און אפשפאר קאסע״. בראשו עמד גביר העיר אברהם

סטרוגץ, עשיר הסביבה, בעל קרקעות ובתים לתפארת ובאחד מהם מוזיאון (נכס נדיר בימים ההם). בשכנות לביתנו היה בית החרושת שלו שהשתרע על שטח גדול ומגודר בלוחות עץ גבוהים. חזית בית המגורים שלו ושל אחיו פנתה לעבר הכביש ממול למרפסת ביתי וחצר משפחתי. בחלון ביתם ומבעד לסדקים של הגדר ראיתי עולם נפלא ועשיר שמבחינת תנאיו ותכנו היה רחוק מרחק קטבי מאורח חיינו, למרות שרק אי אלה צעדים הפרידו בינינו. מחנכת מיוחדת מחוץ לארץ ולא ממוצא יהודי חינכה את ילדיהם. שפת דיבורם היתה פולנית וגרמנית. בכל זאת, למרות אורח חייהם הזר והמתנכר ליהדות מצא אברהם סטרוגץ ענין וזמן לעסוק בצרכי צבור. כנראה עסקי הבנק היו קרובים ללבו. הוא ישב ראש בישיבות מועצת הבנק. לעיתים קרובות נשלחתי לביתו לשאול בדעתו ולבקש את חתימתו על מסמכים. בהזדמנויות אלה הכרתי את החיים בסביבה המופלאה ונדמה היה לי אז כי בתנאים אלה המחלה והמוות אינם שולטים...

את פרטיכל המועצה היה כותב ומנהל לפידות, ראש וראשון בבנק לאחר סטרוגץ, מנהל החשבונות הראשי, המזכיר, המדריך והמתווה את מדיניות הבנק. זה האיש היה מורי ורבי במקצוע הנהלת החשבונות. חרוץ וקפדן היה לפידות. כתב ידו היה מסודר, ברור ונאה לעין. שעות רבות לאחר גמר יום עבודה ארוך המשיך לרשום את הפעולות השוטפות ולמיין אותן בספר הראשי והרחב, בעל הטורים הרבים, שתפס מלוא שטחו של השולחן. היה בא לבנק ראשון ויוצא אחרון.

במשך היום, שעה שנהל מו״מ עם הלקוחות או היה מכין וכותב „אורדרים״ (פקודות להנהלת החשבונות) — כל זה היה עושה בעמידה בהיותו גחון על שולחן משופע ורחב ידים ששמש לו כשולחן כתיבה. מאיש זה למדתי כיצד לשמור על סדר במקצוע החשבונאות ומהו סוד ההתמדה והשקידה. לפעמים הייתי עד לריב ומדון בין הלקוחות ובינו ובענינים כגון מצב החוב, שעור הריבית וכדומה. חרה לי על כך. סברתי שהתנהגותו היא ללא דופי. פעם לקוח נרגז הטיח בפניו כי עליו לחזור ולהיות סנדלר. לא טרחתי לבדוק עובדה זאת. בימים ההם היו



הנהלת גמילות חסד

הסנדלרים בעלי מקצוע משובחים שידעו לעשות מגפים ונעלים, נאות צורה, מעור משובח ועדין והעריצו את כושרם ויכולתם. בנוסף לזאת הצביעו על כמה מהם כבעלי עבר מהפכני ופעילים במפלגות שונות.

השני לחשיבות בבנק מבין העובדים היה הקופאי, ונדמה לי כי שמו היה שמואלזון: יהודי מזדקן, עובד חלקי, בעל בית מרקחת ברחוב השוק, בשכנות למאפיה הטובה והמשובחה באותו רחוב.

נחמה, בת דודתי, נערה צעירה וחיננית ניהלה את ספרי העזר של הבנק. היתה נוחה לבריות. היא סיגלה לעצמה כתב יד נאה ועשתה עבודתה במסירות. לאחר מות אמה אומצה נחמה לבת על ידי דודה (ודודי) ר׳ לייב, יהודי יפה־תואר, זקוף וגבוה, בעל זקן רב מידות, סוחר ובעל תפילה בשבתות ובחגים רגילים במנין הקבוע ברחוב שלנו. היה יהודי טוב לב, שמח ועליז.

ואני הצעיר ביניהם, כמעט ילד, עשיתי כל עבודה ומלאתי שליחויות שונות. כך הכרתי הרבה אנשים ועניינים שונים בעירנו. הייתי בן בית במשרד הדואר ובבית הנוטריון. ראיתי וחשתי בשממונם ובחוסר הטעם של חיי חנוונים רבים שהשתקעו ונדחסו ברחוב השוק כשחנות נוגעת בחנות וכולם צובאים על כל עובר ושב. ליבי שמח ורווח לי בימי השוק, אחת לשבוע, כשהרחוב התמלא המון איכרים. בימים אלה המו החנויות מקונים. הביקורים התכופים שלי אצל הנוטריון עם שטרות רבים בתיקי העידו, הוי מה העידו, על מצבם המעורער של החנוונים. עודני זוכר את הנוטריון, שמן ונמוך קומה, המבקר מדי שבוע בכנסיה שלו. לא היה לו דוגמא ואח בכתב ידו העגול, המדויק והמסודר להפליא, ממש כתב פנינים היה לו. מנורת לוקס האירה את חדר עבודתו בשעות אחר הצהריים, בבית נקי, מסודר ומרוהט בטוב טעם. רק הצ׳כי שנגן בכנור בלווי סרטים אלמים ועבד בקנטור של סטרוגץ, רק הוא התחרה ועלה בכתב ידו הקליגרפי על הנוטריון.

בתקופת עבודתי שכן הבנק בשני מקומות: בביתו של סולודוכו החובש וגם בבית הרב בקרבת רחוב השוק. באותו בית, בבית הרב, שכן גם מוסד לגמילות חסד, מנוהל על ידי קמנצקי, מנהל חשבונות חרוץ, כורך ספרים ובעל חנות למכשירי כתיבה.

עסקי הבנק נהיו לי נהירים עד כדי כך שארגנתי מוסד דומה בתנועת הנוער, כמובן בהיקף קטן. דומני כי מוסד זה הביא תועלת ועורר גם ענין. זכורני כי חברינו המבוגר בתנועה, החבר משה בינינסון, ציין זאת לשבח ואליו הצטרפו גם חברים אחרים. בכל אופן נסיון זה הביא לי תועלת ונסך בי בטחון על כושר שיפוטי בעניני ממון.

אלה קטעי זכרונות מהבנק, מוסד רב ערך בחיי העיר שלנו, עיר מחוז, שם נולדנו, שם מתו במתות משונות ואיומות, הורי ואחיותי ודודי ובני הדודים. יהיו שורות אלה נרות זכרון לבני משפחתי, שאבדו בידי הנאצים ועוזריהם בעולם מתנכר ואכזרי.

מי שלא ראה את עירנו ולא חי בימי חול ובימי מועד, בבית המדרש ובחדר, בבית הספר ובתנועה ובמשפחה — לא יבין מהו המעין ממנו שתינו מים חיים, מים זכים וטובים. נדמה כי לא נפריז אם נאמר: אשרינו שנפל בגורלנו לצמוח ולגדול בסביבה יהודית ברוכה כעירנו בימים ההם.

וועלוול שוגאר / חדרה

# אשמענע 1905—1910

צום אָנדענק פון מיין פאָטער
מיכל צוקערזיס ז״ל —
דער לערער פון אָשמענע

אַ געבוירענער אין ווילנע, האָב איך פאַרלאָזן אָשמענע אין 1910, ווו איך האָב פאַרבראַכט זינט 1905, די 5 יאָר זיינען געווען גורלדיקע יאָרן, ניט נאָר פאַר מיר, דעם 16־יעריקן בחור, נאָר אויך. פאַר אָשמענע און אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. — אויך אַפילו פאַר גאַנץ רוסלאַנד, כדאַי דאָ פאַרצייכענען איינדרוקן, געשעענישן, בעיקר מענטשן, וועלכע איך האָב דאָרט געטראָפן, ליב באַקומען און זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, אָשמענע איז געוואָרן מיין צווייטע היים; איר שיינקייט, ריינקייט, אַרומיקע פעלדער און וועלדער; גאַסן און „זאַסטשענקעס״; דעם מאַרק און דעם ראָד קראָמען; אירע יידן מיט די טליתים אונטערן אָרעם; די האָרעפּאַשנע גאַרבערס, וואַלקערס, מיט וועלכע די שטאָט איז געווען פול. איך ווייס, אַז יענע אָשמענע איז שוין מער ניטאָ און די לעבנס פון מיינע חברים און קרובים זיינען אויסגעלאָשן.

אָשמענע, אַ שטאָט אין פוילן (היינט רוסלאַנד), אַרום 50 קילאָמעטער פון ווילנע, איז נאָך באַקאַנט פון 17טן יאָרהונדערט, אין 1910 האָט די שטאָט געציילט אַרום 7 טויזנט נפשות — אַ העלפט דערפון — יידן; געהאַט פאַבריקן, אויך גאַרבערייען, וואַלקערס, סטאָלאַרעס, בעל־עגלות און אַנדערע בעל־מלאכות. די באַציאונג צווישן יידן און גויים אין יענער צייט איז געווען אַ פרידלעכע, געווען אויך גויים, וועלכע האָבן גערעדט יידיש. איך געדענק צוויי גויעטעס — סטעפּקע און רוזשקע פון ווילנער גאַס, — זיי פלעגן לערנען יידישע קליינוואַרג זאָגן ברכות און מאַכן המוציא...

אָשמענע 1906: רעוואָלוציע־ווינטן טראָגן זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד, זוויך אָשמענע פילט די ווירקונג. דער שלעכטער מצב פון דעם אַרבעטער איז גורם דעם פּראָטעסט קעגן זייער נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדריקער. מיט העלדישקייט און מוט שליסט ער זיך אָן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, אויך דער מיטל־קלאַס און אינטעליגענץ באַשליסן מער ניט צו וואַרטן, אַ טייל קלייבט זיך אין וועג אַריין קיין ארץ־ישראל. יענע יאָרן קאָנען מיט רעכט באַטראַכט ווערן אַלס איבערברוך אין גייסטיקן לעבן פון אָשמענער יידן.

איך דערמאָן זיך אַ שפּאַציר אין פּאָזשאַרנע סאָד אויף זשופּראַנער גאַס אין אָשמענע. אין אָן אַנגענעמען פאַרנאַכט — עס שפּאַצירן בחורים און מיידלעך. אָן אַ זייט, אויף אַ באַנק, זיצט אַ יונגערמאַן, איך זעץ זיך צו, מיר צערעדן זיך, זיין נאָמען — יאַנקל דער מולער, איך געווין זיין פאַרטרויען, און ער לאַדט מיך איין דעם אָוונט אויף אַ געהיימער פאַרזאַמלונג, מאָרגן איז דער ערשטער מאַי, מיר

געפינען זיך אין אַן ענגן צימער אויף ווילנער גאַס ביי יאַנקל וואַלקער, די פענצטער פאַרהאַנגען. מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרקער, איך זע פאַר זיך יונגע פּנימער, אין וועמענס אויגן עס פינקלט גלויבן און מוט. עס רעדט עלציק (דער מאליוועער), אַ געזונטער יונג, הגם אָן בילדונג, צינדן זיינע רייד אָן דעם עולם.

דער ערשטער מאַי, דעמאָנסטראַציע, אַ נערוועזע שטימונג אויפן מאַרק, יידן פאַרמאַכן זייערע קראָמען, מאַמעס האַלטן זייערע קינדער אין די הייזער, אַרום 11 אַזייגער האָט זיך גענומען טראָגן פון ווילנער גאַס דאָס געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער, ביזן מאַרק איז די גרופּע אויסגעוואַקסן ביז הונדערט מאַן. אַ „באַיאָוואָי אָטריאַד" פון העלדישע, אומדערשראָקענע; ווער מיט שטעקנס, ווער מיט רעוואָלווערן, רינגלט אַרום די דעמאָנסטראַנטן די רויטע פאָן פלאַטערט אויף: „עס לעבט דער ערשטער מאַי". די פּאָר סטראַזשניקעס מיטן נאַדזיראַטעל זיינען ערגעץ פאַרשוווּנדן, דער עולם איז זיך רויק צעגאַנגען. אין צוויי טעג אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן, דעם קאַסטן מיט געווער ברענגען צוויי אַרבעטער צו קלמן דעם וואַפּעלניק — אַן אַלטער ערלעכער ייד, וואָס האָט פאַרבראַכט זיין אָפּרו־שעה ביי אַן אַלטן ספר. ער האָט געהאָלפן באַהאַלטן די „טרייפענע" סחורה, ווייסנדיק אַז זיינע קינדער, זיינען גרייט מקריב צו זיין זייער פרייהייט, ווי אויך זייער לעבן פאַר דער גערעכטער זאַך. זיכער האָט אָט דער פּשוטער אָרנטלעכע פאָלקס־מענטש ניט געוווּסט פון פאַרטייען, וואָס זיינען געווען פיל אין יענע יאָרן.

דער צאַר האָט געגעבן אַ מאַניפעסט צו באַפרייען אַ טייל פּאָליטישע אַרעסטירטע, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם האָט זיך די ידיעה דורכגעטראָגן איבער רוסלאַנד, אויך אָשמענע האָט דאָס אָנגעצונדן. ס'האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט מיט אַברהם סטרוגאַץ (דער גביר פון שטאָט) אַן דער שפּיץ. מיר גייען צום נאַדזיראַטעל. ער האָט נאָך דעם באַפעל פון ווילנע ניט געקראָגן. מיר זעצן אַוועק אין פּאָסט נעבן טעלעגראַפיסט אונדזערס אַ מענטש. די ידיעה קומט אָן: „באַפרייען!" באַלד ווערן געעפנט די טירן פון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, מיר נעמען פון דאָרטן די פעך־פאַקלען, וואָס ווערן אָנגעצונדן. פון ערגעץ ווו איז אויסגעוואַקסן אַ כלי־זמר מיט אַ פּויק, און דער גרויסער עולם גייט צו דער טורמע אויף זופראַנער גאַס, מיטן נאַדזיראַטעל בראש. דאָס גרויסע טויער איז נאָך געווען פאַרשלאָסן, אָבער הינטערן הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן הערן זיך שוין פרייהייטס־לידער. די טירן עפענען זיך ברייט. טרערן פון פרייד פילן אָן די אויגן, ווער קאָן דעם גרויסן מאָמענט פאַרגעסן. אָלשאַן האָט יענעם דאָנערשטיק געהאַט אַ יריד, מען ריכט זיך אויף אַ פּאָגראָם, אָשמענע שיקט אַוועק איר „באָיעוואָי אָטריאַד" — אַרבעטער און קצבים, אַלע געזונטע יונגען. די גויים האָבן זיי געזען אַרומשפּאַצירן איבערן מאַרק מיט די שטעקנס אין די הענט, און דער טאָג איז אַריבער רויק.

מיכאל פלד / תל־אביב

# יהודים של שבת

„אמר לו הקדוש־ברוך־הוא למשה: משה, מתנה טובה יש לי בבית־גנזי ושבת שמה, ואני מבקש לתנה לישראל, לך והודיעם.״ (מסכת „שבת״ דף י׳)

הרבה טרחות טורח והרבה יגיעות יגע היהודי של כל ימות השנה, שאינו עשיר ולא עני, לא אמיד ולא דלפון — בנפשו יביא לחמו.

כל ימות השבוע יטרח ויגע ויסתפק בפרורים של קיום, הכל בכדי להכניס את צרכי השבת, לקדשה ולפארה.

כאלה היו יהודי עירנו ואם בבינוניים נאמר, בנמושות לא כל שכן.

את ההכנות לשבת החלו ביום חמישי בערב ואם עברת ברחוב בשעה מאוחרת של לילה דלקו אורות בהרבה בתים מצד המטבח, מכאן שעקרות הבית טרחו במוקדם בכדי לא להעמיס יתר על המידה על יום ששי, בין שהיה יום ארוך בקיץ, וודאי שלא על יום קצר בחורף.

ערב יום חמישי היה מוקדש בין היתר לחפיפת ראשי ילדים ולהליכה לבית המרחץ. מוזר אולי, אך בדירות ספורות בלבד היו אמבטיות רחצה או מקלחת (פחות יותר). נראה שקהילה שלמה עוסקת בחפיפת ראשי ילדים שבחלקם צורחים עד שנשמע קולם ברחובות. הכל בזמן אחד כאילו נדברו. זהו הווי שכיח בעירנו.

המשכים קום ביום ששי ועובר ברחובות, כבר הריח וספג בושם החלות הטריות וכל מיני מאפה לשבת, כי זריזות ופעלתניות היו עקרות הבית. אבוי, כל זה נעלם ואיננו עוד.

בבקרו של יום ששי לא הרגשת כל תכונה מיוחדת ברחוב, הכל כמנהגו, ככל ימות השבוע, פרט לעגלות עמוסות דגים של שבת.

כבודת ההכנות הנמרצות לשבת נמצאה בפנים הבית.

קיימו איפוא את הכתוב במסכת שבת: „לעולם ישכים אדם להוצאות שבת״.

בצהרי יום היה הרחוב מתחיל להשתנות: ההליכה ברחובות נעשית מזורזת, אין נעצרים לשיחת חולין, יש ממהרים לסיום עסקים ויש מזדרזין לבית המרחץ והכל נחפזים. עת צהרי היום מתחילים לנטות מערבה מתחילים המדקדקין לנעול חנויותיהם. לאט לאט הולכת וגוועת המולת הרחוב ומרגשת באויר צפיה לנעלה יותר, לשבת. המספרות מלאות עד אפס מקום לכבוד שבת. יכול הספר לשבת בחיבוק ידיים כל ימות השבוע, לא ידרך יהודי על הסף, אלא בסמוך לשבת, יתכן ביום חמישי, אך לאו דוקא קודם לכן.

אהבתי לשוטט ברחובות בערב שבת, סמוך לפנות ערב ולחוש איך השבת דוחה את החול, אמנם באיטיות, אך בעקשנות והתמדה, עד שליטה מלאה.

פה ושם מקרים של אחור בנעילת חנות או בית מלאכה, אך אז היו מופיעים

ברחוב „הקוזקים של הקדוש־ברוך־הוא", היינו, שלומי אמוני ישראל, הקנאים לקדושת השבת, ובהתפרצויות זעם היו לוחצים על סגירה ונעילה. בדרך כלל עשו זאת המשמשים בקודש, אך גם מספר צעירים ובראשם מ. ו. ז"ל, איש ירא שמים, תלמיד חכם וקנאי עד לקידוש השם. נזכר אני בחברי הטוב ז. ש. (ברבות הימים נתפס אף הוא לרוח הזמן ויצא רחמנא־ליצלן ל„תרבות רעה") שאף נמנה על חבורת הקנאים. לא פעם פרצו מריבות, אך בסופו של דבר היה הכל מסתיים בדברי פיוס והשבת כבר על הסף.

עם דמדומים מופיעים ההולכים לבתי הכנסת וכבר מתונות יהלכון, מתחילים בערב שבת לקיים את הצווי על שבת, ש„אין פוסעים בשבת פסיעה גסה".

אחרי תפילת מעריב וקבלת שבת התכנסו כולם לבתיהם לסעודה ראשונה של שבת. עתה רובץ הרחוב בדממתו, רק מן הבתים ינשאו קולות של „שלום עליכם מלאכי השרת" וגומר... וריחות של תבשילי שבת נשאים באויר. אל אלהים, איזה ריחות חריפים ומתובלים, טריות וערבות מכל חלון פתוח בקיץ ומכל סדק בחורף, נשא בחלל, חדר לנחירים ועורר תאבון וגאוה על שבת יהודי.

זכורני, היה זה בחודש אוגוסט ואני חיל בצבאה של פולין, לרגל תמרונים שנמשכו כל החודש עברנו באחד מלילות שבת את העירה סוינציאני, בחבל וילנה. שני יהודים היינו בפלוגה וצעדנו בשורה אחת. הרחוב היה שומם, כלתה רגל, החלונות פתוחים ודרך כל חלון נראים בני הבית מסובים לשולחן, המפה הלבנה, הנרות הדולקים, ריחות התבשילים הערבים נשאו בחריפות ושמו מחנק לגרון, אך דגדגו את העיניים עד לדמעות. כל העת שצעדנו ברחובות בלווי ה„זמירות" שנשאו מהבתים, שתקנו. רק כשיצאנו מתחומי העיר, נשמע לנו קולנו. רבונו של עולם, זעקנו, כמה יפה השבת, כמה חן וחסד שפוך עליה וכמה רגשות עדינים מרעיפה עלינו. נדמה שבתוך הבית, בית אבא, לא ידענו די כחה, ערכה וזיוה. הצריך היה להקלע אל בין שורות הגויים, בכדי לגלות את השבת? לא, קהילתנו לא הצטיינה באדיקות מופרזת, אך השבת יפה היתה, נעלה. וכבר ירדה „הנשמה היתרה", הנשמה של שבת, לשכון בבתי היהודים והוסיפה מהדרה ונסכה אצילות ונועם על כל פנים, יישרה קמטים, הרחיקה זעף והשליטה משלוות השבת ומתיקותה.

לא אבוא לתאר את השחרית של שבת, שעת קריאת התורה והמוסף בבתי הכנסת ואת חצר בית הכנסת בשעות שלפני הצהרים. אך יזכרו לטובה העוברים לפני התיבה ר׳ א. ש., פ. כ., א. ק. ועוד. וביחוד הבעל תפילה המבורך ר׳ דוד הסנדלר ז"ל, שהיה בקיא בפירוש המלים, קולו ערב ותפילתו נעלה.

וכך אגיע לסעודה שניה, הרי לפנינו שעת ה„טשולנט".

יהודים מבתי הכנסת והקלויז'ן פוסעים מתונות, שאין נחפזים בשבת, להיפך מחזיקים בה בכל כוח הרצון ומאריכים אותה. מספרים על ר׳ חיים ראש הישיבה המפורסם של וולוז'ין, שבאו יהודים והודיעו שהופיעה הרכבת במדינה ומשמעה שבמקום לטלטל ימים אחדים מוולוז'ין לוילנה — ירושלים דליטא — אפשר להגיע בכמה שעות, הצטחק ואמר: „יהודים, מה החיפזון. בכל מקום אפשר ללמוד, גם על העגלה". ואם בכל ימות השבוע אין להחפז, בשבת על אחת כמה וכמה. והיה בזה משום השקפת עולם.

ובכן ריח ה„טשולנט" נישא בחלל, חודר לכל סדק מסידקי הגוף והנפש ואף הגויים היו אומרים: ריח של שבת בעיר. מתבשמים ומתקנאים במאכלים של יהודים. וכשהגיעה שעת ה„קוגל" ומינים רבים היו, ו„הקוגל" הדשן „בוכה" (כך היו אומרים), מעורר תאבונם של האוכלים וממוגג את הגוף והנפש. וכי לא הומצא ה„קוגל" בזכותה של שבת? ולא רק ה„קוגל" אלא גם השולחן, המלבוש ופני הקודש של כל יהודי בזכות השבת ירדו לעולם.

אחרי ה„טשולנט" מגיעה שעת התנומה, כפי שנאמר: ראשי תיבות של שבת: „שינה בשבת תענוג". וליצני הדור אומרים: ראשי תיבות של שבת: שטאַרקע בראָנפן תרינק (ביידיש).

כך או אחרת, קהילה שלמה נמה. רק הילדים מסתובבים בבית או בחצר באפס מעשה, בשקט, בדומיה, במשחקים שקטים, כי אוי להם אם יפריעו לשלוות השבת.

היו יהודים שנסו לדחות את אכילת ה„טשולנט" ולו לשעה קלה. נדמה להם, מחזיקים בשיא שעה נוספת באמרם: רבותי, אַל בחפזון, אחרי אכילת הקוגל, מחליקה השבת במדרון. חלילה תתגלגל מהם ואבדה לנו אבן יקרה שנצטרך לחכות לה, לשבת, שבוע תמים.

ומשקמו משינה של שבת, היו מחליקים זקנים, נוטלים ידיהם, רוחצים פניהם, לובשים מלבוש של שבת ויוצאים לטייל. „לראות ולהראות". בכל יישוב קיים מסלול אחד או שניים בו נוהגים אוכלוסי המקום לטייל טיולים. בין אם זה טיול של חול שהוא נדיר, שאין הנפש נתונה לכך, ובין של שבת שזה פולחן קיים ועומד.

בעירנו היו מטילים ברחוב ז׳פראני (זשופראַנער גאַס — ביידיש). אורך המסלול היה לפי הגילים השונים. ככל שהנך צעיר, הנוער, כן גדול המרחק ועד ל„קרקובקה" יגיעו, ארבעה קילומטר מתחום העיר ו„לערוב" לא חששו. עד לבנין הגמנסיה הפולנית הלכת בשטח בנוי, מכאן ואילך, שדות, חורשות, שדרות, שמים מעל ודשא מתחת. הריהו מסלול הטיול של בני ובנות המקום הצעירים. אנשי ה„בינה" ו„העמידה" יגיעו רק עד הגשר המתוח על פני הנהר „ליילובקה" שם יעצרו, יעמדו על הגשר משני עבריו, ינוחו, יריחו ריח של מים ושדה, של עץ ושל שיח ואף לצפצוף הצפור יאזינו. הרי בכל ימות השבוע, ימות החולין, ימות העמל והיגע ומאבק על פרנסה לא יתנו את הדעת על כך. ואף חטאו אולי באומרם: „מה נאה אילן זה ומה נאה ניר זה" ספגו מקצת שבמקצת מריח השדה והזרו. יכלת לראות יוצאים לטיול משפחות שלמות כשהזאטוטים לפנים וההורים במאסף ובלב אמא תפילה: הלואי ולא תשלוט בהם עין רעה.

ואם בגיל הזקנה האנשים (וראשי תבות של זקנה ביידיש: זיפצן, קרעכצן, ניסן, הוסטן), יגיעו רק עד ביתו של ר׳ אביגדור אייזיק זיסקאנד ז״ל ומצד שמאל עד ביתו של איסר קרצ׳מר ז״ל. אם חלון ביתו של ר׳ אביגדור אייזיק פתוח — וזה כמעט תמיד — נעצרים מחליפים כוח ודברים, מחייכים וברוח טובה, סבים אחורה בדרך הביתה לקיים את מצוות הסעודה השלישית. כפי ששנו רבותינו במסכת שבת: „כמה סעודות חיב אדם לאכל בשבת? שלש". ר׳ חידקא אומר ארבע. (אני זוכר שבני קהילתנו קיימו רק „שלש סעודות"

בדרך הביתה, אם רחוקה היתה, סרו אל גן העיר שקראו לו „גן הכבאים" (פאָז׳ארנער סאַד — ביידיש). שם נחו שעה קלה על ספסל והמשיכו בדרכם.

אין דומה הסעודה השלישית לקודמותיה. המאכלים צוננים, אין ריחם נישא, אין קולות של זמירות מרנינות בוקעים מהבתים, אוכלים בשקט וחשים בהתרחק השבת, כאילו הולכת ונמוגה, ועגום קצת על הנשמה. הרהורים נדחקים ופורצים את חומת השלווה שכה היטיבו להתעטף בה ומכאן לתפילת מנחה וערבית. ההליכה של עכשיו אף היא מתונה, איטית אך כבד יצוק בה. החומרה בפנים מתפשטת ורק מעטים יצליחו להוסיף מהחל על הקדש וידחקו לעוד שעה קלה את החולין. אך אין דבר יהודים, חזקו ואמצו, השבוע יחלף מהר, אף נטל הדאגות לא ישחית ונזכה לשבת הבאה! לפי שעה, נלך, נחזור הביתה אחרי מעריב, נברך „המבדיל" ושוכן מרומים לא יעזוב את עמו. האמנם, לא יעזוב?

# שבת־יידן

געזאָגט האָט הקדוש־ברוך־הוא צו משה׳ן: משה, כ׳האָב אַ גוטע מתנה אין מיין שאַצקאַמער און זי הייסט שבת, און איך וויל זי אַוועקגעבן דעם פאָלק ישראל. גיי און טו זיי דאָס צוּוויסן.
(שבת דף י׳, עמוד ב.)

אַ סך מי און מאַטער האָט דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר — וואָס איז נישט נישט אָרעם און נישט רייך, נישט קיין עושר און נישט קיין דלפון — אַוועקגעלייגט כדי אַריינצוברענגען דאָס שטיקל ברויט אין שטוב אַריין.

אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך געמאַטערט און אָפּגעקומען מיט שהי׳־פהי׳, אַלץ כדי צו קענען מקדש זיין און צו פאַרשענערן דעם שבת מיט גוטע, געשמאַקע מאכלים.

אַזעלכע יידן זענען געווען ביי אונדז אין שטעטל. אויב דער מיטלקלאַס האָט זיך אַזוי געמאַטערט, האָבן זיך די אָרעמעלייט אַוודאי און אַוודאי געמאַטערט.

די צוגרייטונגען אויף שבת האָבן זיך אָנגעהויבן דאָנערשטיק אָוונט. אויב ביסט אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן פונעם שטעטל דאָנערשטיק ביינאַכט, האָסטו אין די שפּעטע שעהן נאָך געקענט זען ליכט אין די הייזער דורך די פענצטער פון די קיך־צימערן — אַ סימן, אַז די באַלעבאַטים האָבן זיך געפּעדערט בכדי נישט איבערצולאָזן די גאַנצע אַרבעט פון צוגרייטן דעם שבת אויף פרייטיק. און דאָס, נישט געקוקט צי דער טאָג איז געווען אַ לאַנגער אַ זומערדיקער, צי אַ קורצער אַ ווינטערדיקער.

די דאָנערשטיק־אָוונטס זענען ביי זיך אויך געווען באַשטימט פאַר וואַשן די קעפּ פון די קינדער און אַליין גיין אין מרחץ. קיין באָדצימער און טושן זענען אין די וווינהייזער נישט געווען, אפשר ביי איינצלנע (ווי מאָדנע דאָס זאָל היינט נישט קלינגען). ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ גאַנצע קהילה איז עוסק אין קעפּוואַשן פון די קינדער, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן געקוויטשעט און פאַרהילכט די גאַסן.

און אַלע אין איין צייט, ווי זיך אָפּגערעדט. דאָס איז געווען אַן אָנגענומענער שטייגער אין אונדזער שטעטל.

דער וואָס איז פרי אויפגעשטאַנען פרייטיק אינדערפרי און איז אַדורכגעגאַנגען די גאַסן, האָט באַלד דערפילט און אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם ריח פון געשמאַקע, פרישע חלות און אַנדערע מיני־געבעקסן אויף שבת, ווייל פלינקע און אַרבעט־זאַמע זענען געווען די באַלעבאָסטעס. ווי, ווי, דאָס אַלץ איז פאַרשוואונדן און מער נישטאָ.

פרייטיק אינדערפרי האָט מען נישט באַמערקט אין די גאַסן קיין שום אַנדערשקייט, אַלץ איז געווען גענוי אַזוי ווי אין די אַנדערע וואָכעדיקע טעג, אויסער וואָס ס׳האָבן זיך געזען וואָגנס אָנגעלאָדענע מיט פיש אויף שבת. די אייגנטלעכע און אויסגעשפּראָכענע צוגרייטונגען אויף שבת ווערן געמאַכט אינע־ווייניק, אינים הויז. זיי האָבן, זעט אויס, מקיים געווען וואָס ס׳שטייט געשריבן אין גמרא שבת: „תמיד זאָל זיך דער מענטש פעדערן צו... שבת״.

מיטאָגצייט האָט זיך דער דרויסן אָנגעהויבן איבערצואַנדערשן: דאָס גיין אין די גאַסן איז געוואָרן רעשיקער, מען שטעלט זיך נישט אָפּ כאַפּן סתם אַ שמועס. פאַראַן אַזעלכע וואָס איילן זיך צו פאַרענדיקן עפּעס אַן עסק, און פאַראַן אַזעלכע וואָס גייען שוין אין מרחץ אַריין. אָבער יעדער איילט זיך. בשעת דער טאָג הייבט זיך אָן אַוועקצונייגן צו מערב־זייט, הייבט מען אָן פאַרמאַכן די קראָמען. ביסלעכווייז שטילט זיך איין דער גאַסנטומל, און אין דער לופט פילט זיך עפּעס אַ דערוואַר־טונג, אַ בענקשאַפט צו עפּעס העכערס, צום שבת. די רעזורעס זענען געפּאַקט. דער פריזיער קען אַ גאַנצע וואָך זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און קיין ייד וועט זיך נישט אַריינוויזן, נאָר נאָענט צו שבת, אַמאָל אויך דאָנערשטיק, אָבער נישט פריער.

פרייטיק פאַרנאַכט האָב איך ליב געהאַט אַרומצוואַנדערן אין די גאַסן פונעם שטעטל און פילן ווי אַזוי דער שבת שטופּט אַרויס די גרויע וואָך. אמת, לאַנגזאַם, באַזאַכט, אָבער מיט עקשנות און אויסדויער ביז צום געוועלטיקן איבערן שטעטל.

ס׳האָבן אויך געטראָפן פאַלן פון פאַרשפּעטיקן דאָס פאַרמאַכן אַ קראָם אָדער אַ ווערקשטעל. דעמאָלט האָבן זיך באַלד באַוויזן „גאָטס קאָזאַקן״, דהיינו, שלומי אמוני ישראל, פאַו ביסענע שבת־היטער, און מיט כעס־אויסברוך האָבן זיי גע־צוווּנגען צו פאַרמאַכן. בדרך־כלל איז דאָס געווען די אויפגאַבע פון דער כלי־קודש, אָבער אַ צאָל יוגנטלעכע, בראש פון מ. וו. ז״ל, אַ ירא־שמים, תלמיד־חכם און פאַנאַטיש ביז קדוש־השם. איך דערמאָן אויך מיין גוטן חבר ז. ש. (מיט דער צייט איז ער „געכאַפּט געוואָרן אין דער מעשה״ און אַרויס, רחמנא לצלן, לתרבות רעה), וואָס האָט געהערט צו די קנאים. נישט איינמאָל זענען אויסגעבראָכן קריגערייען — אָבער צום שלום האָט זיך אַלץ פאַרענדיקט מיט איבערבעטן זיך. און אָט שטייט דער שבת אויף דער שוועל.

בין השמשות באַווייזן זיך די שול־גייער. זיי גייען געמיטלעך כדי מקיים צו זיין דאָס, וואָס איז באַפעלט געוואָרן וועגן שבת: אין פוסעין בשבת פסיעה גסה״ (שבת שפּאַנט מען נישט מיט שנעלע טריט).

נאָך קבלת־שבת און מעריב־דאַווענען גייט יעדער צו זיך אין שטוב צו דער

ערשטער שבתדיקער סעודה. איצט ליגן די גאַסן איינגעהילט אין שטילקייט, נאָר פון די הייזער טראָגן זיך אַרויס קלאַנגען פון „שלום עליכם, מלאכי השרת" און אַנדערע זמירות... און ריחות פון שבתדיקע מאכלים טראָגן זיך אין דער לופט. גאָט אין הימל! וואָסערע שאַרפע, געווירצטע פרישע און געשמאַקע ריחות קומען דורך דעם אָפענעם פענצטער זומערצייט, און פון יעדער שפּאַלט ווינטערצייט און פאַרפולן דעם חלל, דרינגען אַריין אין דער נאָז און דערוועקן אַפּעטיט און שטאַלץ צום יידישן שבת.

כ'דערמאָן זיך, ווען כ'בין געווען אַ זעלנער אינעם פּוילישן מיליטער, האָבן מיר, צוליב די מאַנעוורעס וואָס זענען פאָרגעקומען אין אויגוסט און זיך געצויגן אַ חודש צייט, אין אַ פּריוואַטקאָנאַקט אַדורכמאַרשירט די גאַסן פונעם שטעטל שווענטשאַן, ווילנער קרייז. צווי יידן זענען מיר געווען אין דער קאָמפּאַניע און מיר זענען געגאַנגען אין איין ריי. די גאַסן זענען פּוסט, מען זעט נישט קיין מענטש. די פענצטער פון די הייזער שטייען אָפן און מען זעט ווי בני־בית זיצן אַרום די טישן וואָס זענען באַדעקט מיט ווייסע טישטוכער, די ליכט ברענען, ריחות פון געשמאַקע געקעכטסן טראָגן זיך מיט שאַרפקייט און ווערגן אַזש די קעל, רייצן אַפילו די אויגן ביז טרערן. די גאַנצע צייט וואָס מיר האָבן מאַרשירט אין די גאַסן אונטער דער באַגלייטונג פון די „זמירות" וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די הייזער, האָבן מיר געשוויגן. ערשט ווען מיר זענען אַרויס הינטער דער שטאָט האָבן מיר דערהערט אינעווייניק אין אונדז אונדזער אייגן קול: „רבונו־של־עולם" — האָט אין אונדז עפּעס געשריגן — „ווי שיין איז דער שבת, וויפל חן און גנאָד איז אויסגעגאָסן אויף אים, און וואָסערע אידעלע געפילן ער טריפט אויף אונדז אַרויף. דאַכט זיך, אַז אין דער היים, ביים טאַטן אין שטוב, האָבן מיר נישט געוווּסט זיין כוח, זיין ווערט און זיין פּראַכט. צי האָט מען ערשט געדאַרפט אַריינפאַלן אין די גוישע רייען, כדי צו אַנטדעקן דעם שבת?"

ניין, אונדזער קהילה האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איבערגעטריבענער פרומקייט, אָבער דער שבת איז געווען שיין, דערהויבן.

און אָט איז שוין אַראָפּגעקומען די „נשמה יתרה", די נשמה פון שבת, זיך באַזעצן אין די יידישע שטובן און האָט צוגעגעבן פון איר שיינקייט און באַגאָסן מיט איידלקייט און ליבלעכקייט יעדער פּנים, אויסגעגליכן קנייטשן, דערוווייטערט פאַרביטערונג און איינגעפּירט די שבת־שלוה און האַרציקייט.

כ'וועל נישט שילדערן דעם שבתדיקן „שחרית" און נישט דאָס „לייענען" און נישט דעם „מוסף" אין דער שול און נישט דעם הויף ביי דער שול שבת פאַר מיטאָג. אָבער מען דאַרף דערמאָנען צום גוטן די „דאַווענער ביים ברעטל", ר' א. ש., פּ. כ., א. ק. און אַנדערע, איבערהויפּט דעם געבענטשטן בעל־תפילה ר' דוד שוסטער ז"ל, וואָס איז געווען אַ בקי אין פּירוש המלות, געהאַט אַן אַנגענעמע שטימע און זיין דאַווענען איז געווען דערהויבן.

און אַזוי קומען מיר צו דער צווייטער סעודה. אָט האָבן מיר טשאָלנט־צייט.

יידן פון די שולן און קלויזן גייען געלאַסן. שבת איילט מען זיך ניט, פאַרקערט, מען האַלט אים צו מיטן גאַנצן ווילנסקראַפט און מען פאַרלענגערט אים. מען דערציילט וועגן רבי חיים, דעם באַרימטן ראש־ישיבה פון וואָלאָזשין, אַז יידן

זענען צו אים געקומען און אים מבשר געווען, אַז מען האָט געמאַכט אַ באַן, וואָס אָנשטאָט זיך צו שלעפּן עטלעכע טעג פון וואָלאָזשין קיין ווילנע — ירושלים דליטא — קאָן מען מיט איר קומען אין עטלעכע שעה. האָט ער זיך צעשמייכלט און געזאָגט: „יידן וואָס איז דאָס געאייל? אויף יעדן אָרט קען מען לערנען, אויף אַ וואָגן אויך". אויב אַ גאַנצע וואָך דאַרף מען זיך נישט איילן, שבת אַוודאי און אָוודאי נישט. און אין דעם איז געווען אַ מין וועלטקוק אַלזאָ, דער טשאָלנט־ריח טראָגט זיך אינעם חלל, דרינגט אַריין אין יעדער שפּעלטל פונעם גוף און נשמה, אַזוי, אַז אַפילו די גויים פלעגן זאָגן: דער שבתדיקער ריח טראָגט זיך אין שטאָט. זיי שמעקן זיך אָן און זענען מקנא די יידישע מאכלים. און אַז ס׳איז געקומען די קוגל־צייט, און אַ סך מינים זענען געווען, איבערהויפּט די פּעטע „וויינענדיקע קוגל" (אַזוי האָט מען געזאָגט), האָט געררייצט דעם אַפּעטיט פון די עסערס און איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים. צי איז די קוגל נישט אַנטדעקט געוואָרן אין זכות פון שבת? און נישט בלויז די קוגל, נאָר אויך דער טיש, דאָס מלבוש און דאָס הייליקע פּנים פון יעדן ייד זענען אַראָפּ אויף דער וועלט אין זכות פונים שבת.

נאָכן טשאָלנט כאַפּט מען אַ דרימל, ווי עס זאָגן די ראשי תבות פון שבת: „**ש**ינה **ב**שבת **ת**ענוג" און ליצים פלעגן זאָגן: **ש**טאַרקן **ב**ראָנפן **ת**רינק...

אַזוי אָדער אַנדערש, אַ גאַנצע קהילה דרימלט. נאָר דאָס קליינוואַרג דרייט זיך אַרום אין שטוב אָדער אין הויף רויק, שטיל, גאָרנישט טוענדיק, אָדער שפּילן זיך אין רויקע שפּילערייען, ווייל אָך און וויי וואָלט געווען ווען זיי שטערן די שבת־דיקע רו.

געווען יידן וואָס פלעגן דאָס טשאָלנט־עסן אַ ביסל אָפּלייגן, כאָטש אַ ביסל, ווייל ס׳האָט זיך זיי געדאַכטן אַז זיי האַלטן דעם הויכפּונקט נאָך אַ שטיקל צייט. זיי האָבן געזאָגט: רבותי, נישט געאיילט. נאָכן קוגל גליטשט זיך דער שבת באַרג־אַראָפּ און ער קאָן זיך, חלילה, שנעל אַוועקקאָלערן און מיר פאַרלירן אַ טייערן אוצר און מען וועט מוזן וואַרטן אויפן שבת אַ גאַנצע וואָך צייט.

און אַז מען איז אויפגעשטאַנען פונעם שבתדיקן דרימל, פלעג מען אויס־גלייכן די באָרד, וואַשן די הענט און דאָס פּנים. מען טוט זיך אָן שבתדיק און מען גייט אַרויס שפּאַצירן. „צו זען און אַליין זיך לאָזן זען".

אין יעדן יישוב איז פאַראַן אַ גאַס אָדער צוויי ווו עס פלעגט גיין שפּאַצירן די אָרטיקע באַפעלקערונג. נישט וויכטיק צי דאָס איז געווען אַ וואָכעדיקער שפּאַציר, וואָס אַזאַ איז פאַרגעקומען זעלטן, ווייל דער קאָפּ איז נישט געשטאַנען דערצו, צי דאָס איז געווען אַ שבתדיקער שפּאַציר וואָס איז געוואָרן אַ פעסט־שטייענדיקער מנהג.

אין אונדזער שטעטל פלעגט מען שפּאַצירן אויף דער זשופראַנער גאַס. די לענג פון דעם טראַקט איז געווען לויט דער עלטער. וואָס יונגער דו ביסט, אַלץ גרעסער דער מרחק און קענסט דערגיין ביז צו דער „קראַקווקע", פיר קילאָ־מעטער הינטער דער שטאָט, און פאַרן ערוב איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. ביז דער פוילישער גימנאַזיע ביסטו געגאַנגען אין אַ פאַרבויטן שטח, און פון דאָ אָן און ווייטער: אַלייען, פעלדער און וועלדלעך, הימל פון אויבן און גראָז פון אונטן.

אָט דאָס איז דער שפּאַציר־טראַקט פון די אָרטיקע יונגע זין און טעכטער. מענטשן אין די „פערציקער" און „פופציקער" דערגייען בלויז ביז צו דער בריק, וואָס ליגט אַריבערגעוואָרפן איבערן טייך „לעלוווקע". דאָרט שטעלט מען זיך אָפּ, מען שפּאַרט זיך אָן אָן די אָנלענס פוןביידע זייטן בריק. מען רוט זיך אָפּ, מען זאַפּט אַריין דעם ריח פונעם טייך און פון פעלד, פון ביימער און קזשאַקעס און מען הערט זיך אַפילו צו צו דער שוויטשעריי פון די פייגל. אַ גאַנצע וואָך, אין די פּראָסטע טעג, טעג פון מי און פּראַצע און געראנגל וועגן ביסל פּרנסה, איז דאָך נישט דער קאָפּ צו אַזעלכע זאַכן. און אויב זיי האָבן געזינדיקט מיט זאָגן: „מה נאה אילן זה ומה נאה ניב זה" (ווי שיין איז דער בוים און ווי שיין איז דאָס פעלד), האָבן זיי דערפאַר אַריינגעזאַפּט אין זיך אַ ביסל פעלד־ריח און געגאַנגען צוריק אַהיים. מען האָט געקענט זען ווי גאַנצע משפחות גייען אַרויס אויפן שפּאַציר — דאָס קליינוואַרג פאָרויס און די עלטערן נאָך זיי, און אין די מאַמעשע הערצער אַ תפילה: ס'זאָל זיי נאָר קיין עין־הרע נישט שאַטן.

און אויב זענען די שפּאַצירער זקנה־מענטשן — זיפּצער, קרעכצער, ניסער, הוסטער — דערגייען זיי נאָר ביז צו ר' אביגדור זיסקאַנדס הויז, און אויף דער לינקער זייט ביז צו איסר קאַרטשמער'ס הויז. אויב דאָס פּענצטער איז אָפן ביי ר' אביגדור אייזיקן — אָפן כמעט שטענדיק — פאַרהאַלט מען זיך דאָרטן, מען כאַפּט אָפּ די כוחות און אויך אַ שמועס, און שמייכלענדיק מיט אַ גוט געמיט קערעוועט מען זיך אויס, צוריק אַהיים מקיים זיין די דריטע סעודה, לויט אונדזערע רביים האָבן געלערנט: „וויפל סעודות איז מען מחויב צו עסן שבת? דריי. ר' חידקא זאָגט פיר". (איך געדענק, אַז אין אונדזער קהילה האָט מען מקיים געווען נאָר „דריי סעודות").

אויפן וועג אַהיים, אויב ער איז געווען אַ לאַנגער, האָבן זיי אָפּגעטרעטן אינעם גאָרטן פון די פייערלעשער (פּאַזשאַרני סאַד) אַ ביסל זיך אָפּגערוט אויף אַ באַנק און דערנאָך פאָרגעזעצט דעם וועג אַהיים.

די דריטע סעודה איז נישט גלייך צו די אַנדערע: קאַלטע מאכלים, וואָס זייער ריח טראָגט זיך נישט אין מרחקים; קיין פריילעכע זמירות רייסן זיך נישט אַרויס פון די הייזער; מען עסט שטיל און מען פילט ווי דער שבת דערווייטערט זיך, ווי ער צערינט זיך, און ס'ווערט אַ ביסל טרויעריק אויפן געמיט. הירהורים שטופּן זיך אַריין אינעם מוח און ברעכן אויף די מויער פון שלווה מיט וועלכער מען האָט זיך געהאַט אַזוי ריין אַרומגעשטעלט. נאָך „שלוש סעודות" גייט מען צו מנחה־מעריב. דער איצטיקער גאַנג איז אויך געלאַסן, פאַמעלעך אָבער עפּעס אַ שווערקייט איז אָנגעגאָסן אין אים. די גשמותדיקע שטרענגקייט צעשפּרייט זיך אינעווייניק, און נאָר יחידים געלונגט פון אָט דער וואָכעדיקייט, וואָס הויבט אָן באַהערשן, עפּעס צוצוגעבן צו דער הייליקייט און אָפּשטופּן נאָך אַ ביסל די גרויע וואָך. אָבער נישט געדאגהט יידן, שטאַרקט אייך און מוטיקט אייך. די וואָכעדיקע טעג וועלן שנעל פאַרביי, אַפילו דאָס ביסל דאגות וועט נישט שטערן און מען וועט זוכה זיין צום קומענדיקן שבת! דערווייל וועט מען נאָך מעריב גיין אַהיים מאַכן הבדלה און דער אין די הימלען וועט ניט פאַרלאָזן זיין פאָלק. צי וועט ער טאַקע נישט פאַרלאָזן?

# ניצוצות עולים מן החורבות

## א. יושבי קרנות

„גאניק" או „גאנעק" — אינני יודע תרגומה של מלה זו לעברית, אף לא מוצאה ושורשה. תושבי המקום הנוצרים, אף הם כינו את זה בשם „גאנעק".

אך לא בפירושה של המלה עסקינן, אלא במהות של יום יום ואת התפקיד שמלא ה„גאנעק" בחיי התושבים, אחינו בני ישראל.

מקובל היה שפתח הבית לא יהיה ישר עם פני הקרקע אלא בהגבהה ניכרת. ועולים היו אל הפתח באחת, בשתיים או שלוש מדרגות. למדרגות אלו קראו „גאנעק". אם מספר המדרגות היה גדול יותר, קראו לזה פשוט — מדרגות.

ברצוני ליחד את תאורי ל„גאנעק" כמשהו מיוחד ובעל משמעות.

בשעות של בין־הערביים, בשבתות אחרי הצהרים, בערבי קיץ חמים, היו בני המשפחה מתישבים בחוץ על ה„גאנעק" שבדרך כלל נמצא בחזית הבית בקרבת המדרכה, לשאוף אויר צח, שלא תמיד היה באמת צח. למעשה, היתה ל„גאנעק" משמעות רחבה יותר.

יושבי ה„גאנעק" שעתם היתה פנויה, לבם פתוח, עיניהם פקוחות ואזניהם קשובות לכל המתרחש ברחוב, מימין, משמאל ומלפנים.

כל העובר על פני ה„גאנעק" נתון היה לתשומת לב מדוקדקת ולבקורת של הרגע בכל גדלו וישותו. ומשפתחו בשיחה על העובר או העוברים, הרי נמשך הדבר הלאה הלאה, עד שהופיע לנגד היושבים „מוצג" אחר ואז החליפו את הנשוא, אך לאו דוקא את הנושא.

הנה עובר על פני ה„גאנעק" הזקן י. ק. ז. ומיד מנמיכים הקולות, מקרבים פה לאוזן וכמגלים סוד אומרים: „חזיר זקן, קמצן וכילי, מה יהיה בסופו. אינו מרשה לעצמו מאכל טרי, רק יבש ומסריח, הגיע לכך ש„בשר טרי מזיק לקיבתו העדינה". בסך הכל יהודי הנותן כספו בנשך ובעלי חובותיו יהיו יורשיו"... ולמי זה איכפת — תוקע האחר דברו, — למה לדבר סרה ביהודי יודע תורה ושומר מצוות. אך הפותח בנושא אינו מרפה — עכשו אפשר לדיין בקול רם, האיש כבר רחוק ולאזניו לא יגיעו דברי הקטרוג — אמנם, מסכים הראשון, האמת, שלא איכפת, אך למה לו ליהודי כמוהו לחיות חיי כלב. רותחת הקבוצה היושבת, כאילו בהם אישית פוגע הדבר. אל יהי הדבר קל בעיניכם, קימת אחריות חברתית...

ואם זוג צעירים עבר, היה מיד טרף ללשון היושבים. הפעם היתה לרוב פותחת בנושא אשה. ומה גם אם היו במשפחה בנות שהגיעו לפרקן.

„היא (הכוונה לנערה), מה היחוס, למה תזקף ראש, בסך הכל אין בה לא יופי ולא חכמה, מה מצא בה שכה מרבה לחזר אחריה? ובעצם, מצא מין את מינו — אין הוא טוב יותר ממנה..." דברים אלה אינם לפי רוח הגבר והוא מגיב בקורטוב רוגזה לצד אשתו: „מה לך, כי נזעקת? ויפתח אלהים את פי האתון... וכי מה

רעה גרמו לך, ובכלל מה לך ולהם, דור צעיר, יערב להם, יבושם להם. וכי היית טובה מהם".

והאשה בחלקת לשונה: נו, נו, מכירים אותך. בדרך כלל אין אדם שיעבור לתומו ולא תשלח בו לשון ופתאום נפת צופים על לשונו, שמא גם נפשך חשקת בצעירות והנך מופיע כמלאך המגן... ומי יודע במה היתה מסתיימת השחזת לשונות זו, אלא בינתיים הופיע בשדה הראיה נושא חדש.

וכך שמש ה„גאנעק" מוסד שכל ההתרחשויות היו נידונות בשבט לשונם של היושבים. אמרתי לשבט? לא, לא תמיד — לשבט וגם לחסד.

כי אם עבר מי שטעון רחמים, הרי להשתפכות הנפש לא היה גבול...

„גאנעק" בעל ארבע מדרגות ומפורסם מאד היה פתחו של נ. ד. נילוו לבעל הבית ואשתו גם הדרים בחצר שנזקקו לחזית ולרחוב. הנה כי כן, היו „היושבים" הקבועים גם א. ז. גם א. ק. ואשתו ולעיתים אף עוברי אורח מבין הידידים.

ומנהג היה בביתו של נ. ד. שלפני היציאה ל„שאוף אויר" היו שותים תה של מנחה, מנהג שלא היה נפוץ ביותר, ולתה של מנחה היו נכנסים גם האחרים.

עתה, לאחר שקיימו את פולחן התה, היו „יושבים" ומתענגים על שיחה בטלה. בטלה? לא דוקא, אך לא שיחת חולין של תלמידי חכמים, כי תלמידי חכמים לא היו, אך גם לא הדיוטות, אלה היו יהודים של „לחצאין" משכילים למחצה, יודעי תורה למחצה ואף חכמים למחצה, אך מוחות חריפים להם, לשונם שנונה ועינם רואה למרחוק.

כאן לא עסקו בזקנים קמצנים, ברכילויות מסוג של נשים, כאן איוררו עסקים, פשיטות רגל, עניני הצבור במקום וגבאות בבתי הכנסת. מזמן לזמן, כפרפראות, נהנו מלשון לא מעודנת ביותר לעברן של נערות ונערים שנקלעו לטווח ראיה ושמיעה. „גאנעק" זה, יכלת להצטרף אליו גם לרגע קט, שמעת, צחקת יחד עם כולם וודאי היה לך שילווך בעקיצות ושנינויות על חשבונך. כאן היה המסתלק מיטיב לנהוג, אם אמר: „נו, נו הריני הולך כבר. המתינו רגע קט ותוכלו להעלותני על שולחן המטבח... אך אנא, נהגו בי בחסד..." הנהגו בחסד? איך לפעמים, הכל לפי מצב הרוח באותה שעה.

„מוסד" מעין זה שימש גם „החלון הפתוח" לרחוב. על אדנו היו נשענים בידיים שלובות, כמי שנח אחר עמלו של יום האיש ואשתו ובוהים אל הרחוב.

„מוסד" זה היה מדרגה נמוכה יותר בהיקף ועומק, אך לא נפל ממנו בקליטת „רשמים", בעיכולם וסינונם.

על יד חלון כזה היו נעצרים לעתים מן העוברים ושבים מחליפים מלה או שתיים בבחינת: ראית? שמעת? מה תאמר? ולא תמיד מחכים לתשובה או תגובה, הכל לפי השואל והשאלה.

היו חלונות בלתי חביבים, שאם הרגשת מרחוק שפתוחים הם העדפת לעבור למדרכה שממול, לעומתם היו חלונות שברצון עברת מן הצד השני, לכבד באמירת „שלום" ולקבל ברכה או לשמוע מלה טובה ואף דבר חכמה. הכל היה תלוי מי היו בעלי החלון הפתוח.

בשבת אחר הצהרים, כשהשלוה נסוכה על הרחוב היהודי והמנוחה עדיין שליטה באדם והדאגה נדחתה עד לאחר ההבדלה, טוב היה לעבור על יד חלון פתוח

ולהחליף ברכות. החיוך היה על כל פנים, שעה של רצון ורחמים, בהתקרב הדמדו־מים, בין מנחה למעריב, חוט של חן היה נסוך אפילו על נענוע ראש, כי זה כוחה של שבת וזה חינו של חלון פתוח. תמיד? לא. אך הרבה פעמים כן. ורואה הנך את החלונות הפתוחים ואת ה„גאניקעס" רובצים בחורבנם ודואב הלב ואינך שוכח.

ואף זה „מוסד". העמידה בקרן רחוב מסוים. הנה בית שהיה ידוע בשם „הבית של טאראבור". עד היום איני בטוח אם זה היה שם משפחה או כנוי, אך אין לזה חשיבות.

בקרן בית זה שמצד אחד הנך מסתכל לסמטת בית הכנסת ומצד שני לשוק היה מקום עמידתם של א. ש., ל. ל., ש. ג. ועוד. כאן היו מדיינים בעמקות בשפוט, חוות דעת ומסקנות וכל כך היו שקועים בדיוניהם שלא תמיד הרגישו בהולכים ושבים ועוברים, כי הרכילות רחוקה מהם, מכבודם ומעמדם.

כאן עמדו לדיון אגודת הסוחרים, המיסים, מסי השלטון והעיריה, מתווכחים על נציגים יהודים במוסדות השונים, בנקאות, הלוואות, שטרות, על גאות ושפל בעסקים ועל צרותיהם של יהודים.

לחבורה הקבועה הצטרפו מזמן לזמן אנשים מאותו סוג ונוטלים חלק בשיחה. שיחות של רצינות וכבד ראש.

הרבה דברים שנחתכו בפנים המוסדות, על יד שולחן הדיונים, ראשיתם בקרן רחוב מסוג זה.

קרנות כאלה, פגשת בכל כמה רחובות. קרן, קרן והאופי המיוחד למקום, למשוחחים ולנושאים.

ומי יאמר שנטולי ערך היו מפגשים אלה? גם הם, מפגשים אלה, היו חוטים ולפעמים חוטי משי ממש ברקמת ההוי והחיים היהודיים. נדמה לך, עוד עומדים שם יהודים יקרים אלה ומתווכחים בלהט, על דברים שברומו של עולם, למעשה נמחקו ביד זדונית והפכו לאגדה, אגדה שיש לכבדה ולזכרה.

## ב. חרוסת

בקערה של פסח מקום החרוסת מתחת ל„לזרוע" מצד ימין. על המרור מברכים „על אכילת מרור" ומטבילים המרור בחרוסת (להמתיק) שאין מברכים על החרוסת כל ברכה. החרוסת עשויה מתערבת של אגוזים, שקדים, תפוח עץ, קנמון ומעורבבת ביין, ואף כי החרוסת זכר לטיט שגבלו בני ישראל במצרים, הריהי טעימה שלא כמרור שהנו זכר על שום שמררו המצרים את חיי אבותינו במצרים.

היודע יודע והזוכר זוכר שלא כל בית אב היה נוהג להכין חרוסת לקערה של ליל הסדר. הדבר לא נבע מחוסר ידיעה איך להכין וממה.

משום מה היה כאן מצב של מזכים וזוכים. בכל רחוב היה נמצא יהודי למדן וירא שמים שראה לנכון לזַכּוֹת את הרבים בחלוקת מנה של חרוסת.

זמן רב לפני החג נוהג היה להודיע לשכניו הקרובים והרחוקים לבל ישכחו חס וחלילה לבוא ולקבל מנה של חרוסת שהכין הוא הגבר במו ידיו, שלא כשאר דברים שהיתה מכינה עקרת הבית.

ברחובנו התגוררו שניים כאלה: א. ב. וי. א. צ. ואם יצאת לרחוב בשעה שלפני הליכה לבית הכנסת וראית נערים ולפעמים אף נערות עוברות בחפזון כשבידיהם צלחות מכוסות וידעת, כי את החרוסת מביאים הביתה מבתי המזַכּים.

חדוה וחרדת קודש היה מלווה ריצות אלה. אהבו הילדים את הברכות בהם ליוום בעלי החרוסת.

עלה הכורת על יהודים אלה ועל מנהגים נאים שעליהם חונכו דורות: „כיצד מהנין את האחרים״.

חלוקת חרוסת זאת, הנה סמל מעט ממערכת הסמלים וערכם הרב. סמלים שעלו בלהבות השואה.

### ג. „שבועית״ (וואכער — ביידיש)

לבטוי „וואָכער״ ביידיש, היה מובן רב משמעות:

תשלומים לשעורים, מידי שבוע בשבוע (וואָך ביידיש משמע שבוע) והכוונה לא ללווה, אלא למלווה, שהיה נותן כספו בנשך בתנאי.

בפרעון החוב (את הרבית היו מנכים מראש) יעשה שבוע בשבוע ואם חלילה לא פרעת בזמן היית צפוי לאיבוד האמון ונסתם מקור חשוב להלוואות. מלוה מסוג זה היו קוראים „וואָכערניק״ משמע גביה קפדנית מידי שבוע. כנוי זה ל„בעל טובה״ הקרוי גם מלוה לא נחשב כשם של שבח וקילוס.

הבטוי „וואָכערניק״ היה מעביר צמרמורת בליבותיהם של רבים, אך היו שהודו, שאף אלה הצילו לא פעם.

בדרך כלל „וואָכערניק״ מושג שלילי היה והמלה „וואָכער״ מציינת דלות, כי הנתונים במצוקה גדולה היו נזקקים לאלה.

אך היה גם צליל משמעותי אחר למלה „וואָכער״ כשהמדובר היה בקניה בהקפה. ניתן היה לקנות בסכומים ניכרים מצרכים שונים ואף דברי טכסטיל ונעליים בתנאי תשלומים שבועיים ללא רבית וללא העלאה זדונית במחיר המצרך. נכון שבמזומנים אפשר היה לקנות בזול יותר, אך זה משום ש„המזומנים״ שחררו את בעל העסק מתשלום רבית על שטרותיו הוא.

שני הצדדים נזקקו לצורה עיסקית זו והיו מקובלים על שניהם מתוך הכרת הצדק ואהדה הדדית.

היה גם „וואָכער״ שונה משניהם. הרבה מפעלים תרבותיים היו מתקיימים על תרומות. היו תרומות חד פעמיות, מין אוסף כספים ללא התחייבות להבא. אך בין כל הצורות היתה גם צורת „וואָכער״. תשלום שבועי מתמיד מתוך התחייבות שנרשמה בפנקס המפעל ומתנדבים היו יוצאים ומחזירים על בתי המתחייבים ואוספים את תרומותיהם שנתנו מתוך הכרה ונפש חפצה.

רבים מהתורמים מסרו לעתים פרוטותיהם מתוך מצוקה חמרית של עצמם. ההתביישו לא להמנות בין התורמים, ההיו בעלי נשמות של חסד, אם לא למעלה מזה? היש טעם לחטט בכגון זה?

יעלו אלה לרצון וזכרון, המתרימים והתורמים הקדושים והטהורים שניצוצות מעשיהם ונוהגם מאירים מתוך אפלת השואה. וכבר אמרו חכמים: „אין את (אתה) יכול לעמוד על אופיה של אומה זאת — נתבעין לעגל ונותנין, נתבעין למשכן ונותנין״ (תלמוד ירושלמי מסכת שקלים, דף א׳ עמוד א׳).

יהודים אלה שנתנו, למשכן נתנו. יהי זכרונם לברכה!

# פונקען פון די חורבות

## א. ווינקל־זיצערס

„גאַניק" אָדער „גאַנעק", — שווער צו וויסן די אָפּשטאַמונג פון דעם וואָרט. די אָרטיקע קריסטלעכע איינוווינער האָבן עס אויך אָנגערופן מיטן נאָמען „גאַנעק". אָבער נישט דער עיקר איז דער שורש פון וואָרט, נאָר וואָס איז עס געווען טאָג־טעגלעך און וואָסער אויפגאַבע האָט דער דאָזיקער גאַנעק געשפּילט אין לעבן פון די יידן אין שטעטל צווישן אחינו בני ישראל.

ס'איז געווען אָנגענומען, אַז דער אַריינגאַנג פון אַ הויז זאָל ניט זיין גלייך מיטן באָדן, נאָר קענטיק העכער פון דער ערד. און צו דער טיר פלעגט מען אַרויפגיין מיט איין, צווי אָדער דריי טרעפּן. די דאָזיקע טרעפּן האָט מען גערופן „גאַנעק". אויב די צאָל פון די טרעפּן איז אָבער געווען אַ גרעסערע, האָט מען זיי פּשוט גערופן טרעפּ. מען דאַרף אויסטיילן דעם „גאַנעק" ווי עפּעס אייגנאַרטיקס און פון באַזונדערער באַדייטונג.

פאַרנאַכט, שבת נאָך מיטאָג און אין די הייסע זומערדיקע צייטן פלעגן זיך משפחות אַוועקזעצן אינדרויסן אויפן „גאַנעק", וואָס איז אין אַלגעמיין געווען אין פראָנט פון הויז נאָענט צום טראָטואַר, כדי צו שעפּן פרישע לופט (וואָס איז ניט שטענדיק געווען אַזוי פריש). פאַקטיש האָט דער „גאַנעק" געהאַט אַ פיל ברייטערן זין.

די „גאַנעק"־זיצערס האָבן געהאַט צייט, זייער האַרץ איז געווען אָפן, די אויגן צעפּראַלט און די אויערן אָנגעשטעלט צו אַלץ וואָס ס'קומט פאָר אין גאַס — פון רעכטס, לינקס און פון פאָרנט.

ווער ס'איז נאָר דורכגעגאַנגען פאַרן „גאַנעק" איז געווען אויסגעשטעלט אויף דער פּרעציזער אויפמערקזאַמקייט און אויף דער מאָמענטאַלער קריטיק מצד די „גאַנעק" זיצערס: אַזוי ווי ער שטייט און גייט מיט זיין גאַנצער גרויס און פולן וועזן. און, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס איבער דעם פאַרבייגייענדיקן אָדער פאַרבייגיינדיקע, האָט ער זיך פאַרצויגן אָן אַ שיעור, וואָס ווייטער אַלץ מער — ביז ס'איז דערשינען פאַר די אויגן אַן אַנדער „עקספּאָנאַט"; דאַן האָבן זיי געביטן דעם סוביעקט, אָבער ניט די טעמע.

אָט גייט פאַרביי דעם „גאַנעק" דער אַלטער י. ק. ז., און באַלד ווערן די קולות שטילערע, מ'שטעלט מויל צו אויער — פונקט ווי מ'וואָלט אַנטפּלעקט, ווער ווייסט וועלכע סודות — זאָגט מען: „אָן אַלטער חזיר, קאַרגער און גייציקער קמצן, וואָס וועט זיין זיין סוף. ער פאַרגינט זיך ניט קיין פריש עסן, נאָר טרוקנס און פאַרשטונקנס. ר'איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז פריש פלייש שאַדט אים צו זיין איידעלען מאָגן. אין סך־הכל איז דאָס אַ ייד אַ פּראָצענטניק און זיינע בעלי־חובות וועלן צום סוף זיין זיינע יורשים"...

„און ווען גייט עס אָן" — מישט זיך אַריין אַן אַנדערער. „צו וואָס באַרעדן אַן אָפּגעהיטענעם ייד אין מצוות און אַ למדן?"

דער וואָס האָט אָנגעהויבן גיט זיך אָבער ניט אונטער — איצט קען מען שוין רעדן הויך, דער מענטש איז שוין ווייט און צו זיינע אויערן וועלן שוין די ווערטער ניט דערגרייכן — „אמת, ס׳איז טאַקע אמת״ — זאָגט דער ערשטער, — „ס׳גייט טאַקע קיינעם ניט אָן, אָבער פאַר וואָס זאָל אַזאַ ייד ווי ער לעבן אַזאַ הינטיש לעבן?״

ס׳קאָכט זיך אין דער זיצענדיקער גרופּע, גלייך ווי די זאַך וואָלט געווען ממש זייער אַ פּערזענלעכער ענין. מען טאָר עס טאַקע ניט גרינגשעצן. ס׳איז פּאָרט פאַראַן אַ געזעלשאַפטלעכע אחריות...

און ווען ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ יונג פּאָרל, איז עס מאָמענטאַל ממש פאַרצוקט געוואָרן דורך די צינגער פון די זיצערס. אין דעם פאַל איז, מערסטנטייל, די באַרעדערין געווען אַ פרוי. בפרט ווען אין איר משפּחה זענען געווען „אויסצוגעבן״ טעכטער.

„זי (געמיינט דאָס מיידל), וואָס איז מיט איר דער יחוס, וואָס פאַררייסט זי אַזוי דעם קאָפּ? צוזאַמענגענומען פאַרמאָגט זי ניט קיין שיינקייט און ניט קיין חכמה. וואָס האָט ער אין איר געפונען וואָס ער לויפט איר אַזוי נאָך? און צוריקגעשמועסט האָט אייגנטלעך יעדער פון זיי געפונען „זיינס־גלייכן״, ווייל ער איז אויך ניט בעסער פון איר.״

די רייד געפעלן ניט דעם מאַן, און ער רעאַגירט אַביסל בייזלעך אין דער ריכטונג פון זיין פרוי: „וואָס איז מיט דיר, וואָס דו האָסט זיך אַזוי צעשריגן? און דער אויבערשטער האָט געעפנט ס׳מויל פון אייזל; וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן זיי דיר געטאָן? און אין אַלגעמיין וואָסערע געשעפטן האָסטו מיט זיי? יונגע מענטשן — זאָל זיי ווויל באַקומען. און דו ביסט בעסער געווען פון זיי?...״

דאָס ווייבל האָט ניט נאָכגעלאָזט און געשאַרפט אויף צוריק איר צינגל: „נו, נו, מען קען דיך. און בכלל טרעפט עס גאָרניט, אַז אַ מענטש זאָל דורכגיין און דו זאָלסט אים ניט באַגלייטן מיט דיין גאָלדן מויל, און איצט, פּלוצלונג, טריפט גאָר דיין צונג מיט לאַקריץ זיסקייט. אפשר האָבן זיך דיר אויך פאַרגלוסט יונגע מיידלעך און דערפאַר ביסטו זייער מליץ־יושר?״

און ווער ווייסט מיט וואָס דער צונגען־געפעכט וואָלט זיך פאַרענדיקט, ווען ס׳וואָלט נישט דערשינען אויף דער אַרענע קיין נייער אָביעקט.

אַזוי האָט דער „גאַנעק״ געדינט ווי אַן אַנשטאַלט וואָס אַלץ איז דאָרט באַהאַנדלט געוואָרן דורך די צונגען־שמיץ פון די זיצערס. אָבער נישט תמיד איז עס געווען נאָר צום שלעכטן. ס׳איז טיילמאָל אויך געווען צום גוטן.

ווייל טאָמער איז ווער פאַרבייגעגאַנגען, וואָס איז ווערט געווען מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן — איז צום רחמנות קיין גרענעץ נישט געווען...

*

אַ באַרימטער „גאַנעק״ מיט פיר טרעפּן איז געווען פאַר דער טיר פון נ. ד. צום באַלעבאָס מיט זיין ווייב פּלעגן זיך דאָ צוזעצן די לאָקאַטאָרן פון הויף, וועלכע האָבן זיך געגויטיקט אין אַ פראָנט־אויסקוק צו דער גאַס. צווישן די

סטאַבילע „זיצערס" זענען דאָ אויך געווען א. ז. און א. ק. מיט דער פרוי און צייטנווייז אויך דורכגייער און פריינט.

און אַ מינהג איז געווען איינגעפירט ביי נ. ד. אין הויז, אַז פאַרן אַרויסגיין „אויף דער פרישער לופט" האָבן זיי געטרונקען אַ פאַרנאַכטיק גלעזל טיי. דאָס איז גראָד ניט געווען קיין פאַרשפרייטער מינהג. צו דעם פאַרנאַכטיק גלעזל טיי פלעגן אויך אַריינקומען אַנדערע. נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעריכט דעם טיי־קולט, האָבן זיי זיך „געזעצט" אין דרויסן צו „קיבעצן" און שמועסן מיט גרויס הנאה. אַ פּוסטער שמועס איז עס גראָד ניט געווען, אָבער אויך ניט פון תלמידי חכמים, ווייל קיין תלמידי חכמים זיינען זיי ניט געווען, אָבער קיין גראָבע יונגען אויך ניט. דאָס זיינען געווען „האַלביקע" יידן, האַלבע אינטעלי־געגטן, האַלבע תורה־קענער ווי אויך האַלבע חכמים, אָבער שאַרפע קעפּ האָבן זיי געטראָגן אויף זייערע אַקסלען און נאָך שאַרפערע צונגען, אין מויל און אויגן וואָס זען ווייט...

דאָ האָט מען זיך ניט פאַרנומען מיט קיין קאַרגע אַלטע לייט, אָדער מיט ווייבערישע „פּליאָטקעס". דאָ האָט מען דורכגעלופטערט געשעפטן, באַנקראָטן, אָרטלעכע געזעלשאַפטלעכע ענינים און גבאות פּראָבלעמען פון די שולן.

פון צייט צו צייט פלעגן זיי האָבן פאַרגעניגן, ווי פון אַ געשמאַקן ביסן, פון ניט קיין איבעריקע איידעלע באַמערקונגען אויפן אַדרעס פון מיידלעך און יינגלעך וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זייער זע־ און קער־קרייז.

צו דעם „גאַנעק" האָט מען געקענט צוקומען אויף אַ ווייל, צוהערן, מיטלאַכן מיט אַלע און מען איז געווען פאַרזיכערט אַז מ׳וועט באַגלייטן מיט שטעכלדיקע באַמערקונגען. דאָ האָט דער אַוועקגייער גוט געטאָן, אויב ער האָט געזאָגט: „נו, אַט גיי איך שוין אַוועק, וואַרט אונטער אַ ווילע און איר וועט מיך קענען אַרויפנעמען אויפן פלייש־באַנק... אָבער, כ׳בעט אייך, באַהאַנדלט מיך לייטיש מיט גנאָד און רחמים..."

צי האָבן זיי טאַקע אַזוי געטאָן? ווי אַ מאָל. אַלץ לויט דער שטימונג.

אַזאַ מין ענלעכער „אַנשטאַלט" איז אויך געווען דער „אָפענער פענצטער" אין גאַס אַרויס. אויף דעם פענצטער־פאַראַפּעט פלעגן זיך אָנשפּאַרן מיט פאַר־לייגטע הענט דער מאַן מיטן ווייב נאָך אַ מיפולן טאָג און „גאַפן" אין גאַס אַריין...

דער דאָזיקער „אַנשטאַלט" האָט זיך געפונען אויף אַ נידעריקערן שטאַפּל פונעם „גאַנעק" מיט זיין פאַרנעם און טיפקייט איז ער אָבער ניט געווען הינטער־שטעליק בנוגע אויפנעמען „איינדרוקן", מיטן איבערזייען און פאַרדייען זיי.

ביי אַזאַ פענצטער פלעגן פאַרבייגייענדיקע זיך פאַרהאַלטן, איבערוואַרפן עטלעכע ווערטער, למשל: „האָסטו געזען? געהערט? וואָס זאָגסטו דערצו?" און ניט שטענדיק פלעגט מען אפילו וואַרטן אויף אַן ענטפער. אָפּהענגיק פון דער טעמע.

עס זיינען געווען אומסימפּאַטישע פענצטער. אויב מ׳האָט דערפילט פונדער־ווייטנס, אַז זיי זיינען אָפן, איז מען אַריבערגעלאָפן אויפן צווייטן טראָטואַר. ס׳זיינען אָבער אויך געווען פענצטער, צו וועלכע מ׳איז גערן אַריבערגעגאַנגען פון דער צווייטער זייט, זאָגן „גוט־מאָרגן", באַגריסן אָדער הערן אַ גוט וואָרט

און אַפילו אַ קלוגן געדאַנק. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק אין דעם, ביי וועמענס אָפּענעם פּענצטער.

שבת נאָך מיטאָג, בעת די געמיטלעכקייט איז אויסגעגאָסן אויף דער ידישער גאַס, דער מענטש איז אויסגערוט און די זאָרגן ווערן אָפּגעשטופּט ביז נאָך הבדלה — איז גוט געווען אַדורכצוגיין פאַרביי אַן אָפּענעם פּענצטער און איבערטויישן באַגריסונגען. דער שמייכל האָט אַראָפּגעלויכטן פון יעדן פּנים. שעהן פון גוטן ווילן און באַרמהאַרציקייט זיינען געווען די שעהן פון שבתדיקן פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב, איידער ס׳פאַלט צו די נאַכט פון וואָכעדיקייט. יעדער שאָקל מיטן קאָפּ איז געווען מלא חן, ווייל דאָס איז דער כוח פון שבת און דער חן פון אַן אָפּענעם פּענצטער. הגם ניט תמיד, אָבער פיל, פיל מאָל יאָ.

און דו זעסט די אָפענע פענצטער און „גאַניקעס" צעפאַלענע אין חורבות און ס׳ווייטיקט דאָס האַרץ און ס׳לאָזט זיך ניט פאַרגעסן.

ווינקלען — און אויך דאָס איז געווען אַן „אַנשטאַלט". שטיין אין ווינקל פון אַ געוויסער גאַס. אָט איז אַ הויז וואָס איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „דאָס הויז פון טאַראַבאַר". ביז היינט בין איך ניט זיכער צי דאָס איז געווען אַ פאַמיליע־נאָמען אָדער אַ צונאָמען. דאָס איז אָבער אַן באַזונדערער ווינקל.

אין ווינקל פון דעם הויז, וואָס פון איין זייט האָט מען געקענט קוקן צום שול־געסל און פון דער צווייטער זייט צום מאַרק; ס׳איז געווען דאָס אָרט, ווו ס׳זיינען געשטאַנען א.ש., ל.ל., ש.ג. און נאָך אַנדערע. דאָ האָבן זיי טיף פאַלע־מיזירט אין פאַרשיידענע באַטראַכטונגען, מיינונגען און אויספירן און זיי זיינען געווען אַזוי פאַרטיפט אין זייערע געשפרעכן, אַז זיי האָבן ניט תמיד באַמערקט, ווער ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען, ווייל פון רכילות זיינען זיי געווען ווייט און ס׳איז ניט פון זייער כבוד וועגן און שטאַנד זיך צו פאַרנעמען דערמיט.

דאָ איז באַהאַנדלט געוואָרן דער סוחרים־פאַראיין, שטייערן, רעגירונגס־שטייערן און שטאַטישע שטייערן. דאָ האָט מען דיסקוטירט איבער די יידישע פאַרשטייער אין די פאַרשיידענע אַנשטאַלטן, וועגן בענק, הלוואות, וועקסלען; וועגן גוטע און שלעכטע צייטן אין געשעפטן און וועגן — יידישע צרות.

צו דער סטאַבילער גרופּע זיינען פון צייט צו צייט צוגעשטאַנען מענטשן פון דער קאַטעגאָריע, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין ערנסטע, שווער וואָגיקע געשפּרעכן.

פיל פון די זאַכן וואָס זיינען שפּעטער דעצידירט געוואָרן אין די אינסטי־טוציעס ביי די פאַרהאַנדלונגס־טישן, זיינען פריער אַרומגערעדט געוואָרן אין אַזאַ ווינקל פון אַ גאַס פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

אַזעלכע ווינקלען זיינען געווען אין יעדע עטלעכע גאַסן. יעדעס ווינקל מיט זיין באַזונדערן אָרטיקן כאַראַקטער — כאַראַקטעריסטיש, לויט דער טעמע און די אָנטיילנעמער.

ווער זאָגט עס אַז אָט די צוזאַמענטרעפן זיינען געווען מינדערווערטיק? אויך די צוזאַמענטרעפן זיינען געווען פעדים און טיילמאָל זיידענע פעדים אין געוועב פון יידישן שטייגער און יידישן לעבן.

ס׳דאַכט זיך, אַז אָט שטייען נאָך דאָרט די דאָזיקע טייערע יידן און פּאָלע־מיזירן הייס איבער די וויכטיקסטע פּראָבלעמען. זיי זיינען אָבער אָפּגעמעקט געוואָרן דורך רשעותדיקע הענט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע, אַ לעגענדע, וואָס דאַרף געדענקט און געשאַצט ווערן.

## ב. חרוסת

אין דער פּסחדיקע קערה פון סדר־טיש איז דאָס אָרט פון חרוסת אונטער דער „זרוע" פון דער רעכטער זייט. אויף דעם כריין בענטשט מען „על אכילת מרור" און מען טונקט איין דעם כריין אין חרוסת (אויף זיס צו מאַכן) און אויפן חרוסת מאַכט מען ניט קיין שום ברכה. דער חרוסת ווערט געמאַכט דורך אַ מישונג פון ניס, מאַנדלען, עפּל, צימרינג מיט וויין. און כאָטש חרוסת איז אַן אָנדענק פון דעם ליים, אין וועלכן מען האָט געפּייניקט די יידן אין מצרים — איז זי דאָך זיס און געשמאַק און ניט ביטער ווי דער מרור, וואָס דאַרף דערמאָנען ווי די מצרים האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון אונדזערע אור־עלטערן אין מצרים.

ווער ס׳ווייסט — ווייסט, און ווער עס געדענקט — געדענקט, אַז ניט אין יעדער משפּחה האָט מען זיך נוהג געווען צוצוגרייטן חרוסת פאַר דער קערה פון דער סדר־נאַכט און דאָס ניט צוליבן ניט וויסן ווי אַזוי און פון וואָס מען מאַכט עס.

אין דעם פאַל איז געווען אַ לאַגע פון געבער און נעמער. אין יעדער גאַס איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד, אַ למדן, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק מזכה צו זיין יידן און טיילן זיי חרוסת וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר זיי.

אַ לענגערע צייט פאַר יום־טוב האָט אַזאַ ייד זיך געפּירט צו מעלדן זיינע נאָענטע שכנים און וויטערע באַקאַנטע, זיי זאָלן חס־וחלילה ניט פאַרגעסן צו קומען צו אים ערב פּסח נעמען זייער פּאַרציע חרוסת, וואָס ער, דער מאַנס־פּאַרשוין אַליין, האָט צוגעגרייט מיט זיינע אייגענע הענט. ווייל חרוסת איז געווען דער ענין פון די מאַנסלייט און ניט ווי אַנדערע זאַכן, וואָס די באַלעבאָסטע האָט געמאַכט.

אין אַונדזער גאַס האָבן געוווינט צוויי אַזעלכע יידן: א. ב. און י. א. צ. און ווען מ׳איז אַרויס אין גאַס פאַרן גיין ערב־פּסח אין שול אַריין, האָט מען געקענט זען יינגלעך און טיילמאָל אויך מיידלעך ווי זיי לויפן פאַרביי מיט באַדעקטע טעלערס. ס׳איז געווען קלאָר, אַז אָט ברענגען זיי אַהיים די חרוסת, וואָס זיי האָבן באַקומען ביים חרוסת־פּאַרטיילער. די דאָזיקע לויפּעניש זיינען געווען באַגלייט מיט פרייד און הייליקער אַנגסט. די קינדער האָבן ליב געהאַט די ברכות און ווונטשן, מיט וועלכע די חרוסת־געבער האָבן זיי באַגלייט.

און אָט זיינען פאַרשניטן געוואָרן די אַלע יידן מיט זייערע שיינע מנהגים, וואָס דורות האָבן זיך אויף זיי דערצויגן. צי קאָן מען דאָס פאַרבייטן?

די חרוסת־פּאַרטיילונג איז אַ געוויסער סימבאָל צווישן פיל, פיל אַנדערע ווערטפולע סימבאָלן, וואָס זיינען אַוועק מיטן רויך און פלאַמען פון דער פאַר־ניכטונג.

**ג. „וואָכערס"**

דער אויסדרוק „וואָכער" האָט געהאַט אַ פּילזייטיקע באַדייטונג. דאָס מיינט וועכנטלעכע ראַטן אויסצאָלונגען און דאָס מיינט ניט דעם הלוואה־נעמער, נאָר דעם געבער, וואָס לייט דאָס געלט אויף פּראָצענט.

דער פּראָצענט איז אַראָפּגערעכנט געוואָרן פאָרויס, באַלד ביים געבן די הלוואה. און דאָס אויסצאָלן דעם חוב, וואָס איז געבליבן נאָכן אַראָפּרעכענען דעם פּראָצענט, האָט געדאַרפט זיין וועכנטלעך. אויב די וואָך־ראַטע איז חלילה ניט באַצאָלט געוואָרן אין דער צייט, איז מען געווען אויסגעשטעלט צו פאַרלירן דעם צוטרוי און מער ניט צו באַקומען פון „וואָכער" קיין הלוואות. אַזאַ פּראָצענטניק האָט מען גערופן „וואָכערניק", וואָס עס מיינט, אַז ער מאָנט פּרעציז דאָס צאָלן יעדע וואָך. דער דאָזיקער ביי־נאָמען פון דעם „בעל־טובה" האָט אים, פאַרשטייט זיך, קיין לויב און רום ניט צוגעגעבן.

דער אויסדרוק „וואָכערניק" האָט אויפגעשוידערט הערצער ביי פיל מענטשן. ס' זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן מודה געווען, אַז ניט איין מאָל האָט אַ „וואָכערניק" גערעטעוועט. אין אַלגעמיין איז דער באַגריף „וואָכערניק" געווען אַ נעגאַטיווער און דאָס וואָרט „וואָכער" באַצייכנט אָרעמקייט, ווייל נאָר די, וואָס זיינען געווען אין אַ שווערער לאַגע, זיינען אָנגעקומען צו זיי.

דער באַגריף „וואָכער" האָט אָבער געהאַט אַן אַנדערע באַדייטונג, אַז מ'האָט גערעדט וועגן קויפן אויף באָרג. מען האָט געקענט קויפן פאַר אַ קענטיקע סומע פאַרשיידענע אַרטיקלען, אַפילו טעקסטיל־סחורה און שיכוואַרג פאַר ניט באַזונדערס בייזוויליקע העכערע פּרייזן און אויף וואָכענטלעכע אָן־פּראָצענטיקע אויסצאָלונגען. אמת, אַז פאַר מזומן־געלט האָט מען געקענט קויפן ביליקער, אָבער דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דאָס מזומן־געלט האָט באַפרייט דעם סוחר פון צאָלן פּראָצענט אויף זיינע וועקסלען.

ביידע צדדים זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דער דאָזיקער האַנדלס־פאָרם. זי איז געווען אָנגענומען ביי ביידע ווי אַ גערעכטע און מיט קעגנזייטיקער סימפּאַטיע.

ס'איז אויך געווען גאָר אַן אַנדערער „וואָכער". פיל קולטורעלע אונטער־נעמונגען האָבן עקזיסטירט אויף שפּענדונגען. ס'זיינען געווען איינמאָליקע שפּענדונגען, אַזאַ סאָרט געלט־זאַמלונג אָן אַ פאַרפּליכטונג אויף ווייטער. אָבער צווישן די פאַרשיידענע פאָרמען איז אויך געווען די „וואָכער"־פאָרם. ס'רעדט זיך וועגן אַ וואָכענטלעכן פּערמאַנענטן אָפּצאָל אויפן גרונט פון אַ פאַרפּליכטונג, וואָס איז פאַרצייכנט געוואָרן אין דער אונטערנעמונג. פרייוויליקע איינקאַסירער פלעגן אַרויסגיין באַזוכן די צאָלער אין די הייזער און אויפמאָנען די שפּענדונגען, וועלכע זיינען געגעבן געוואָרן באַווּסטזיניק און גוטוויליק.

פיל פון די שפּענדער האָבן טיילמאָל געגעבן זייערע גראָשנס געפּונענדיק זיך אַליין אין אַ שווערער לאַגע. האָבן זיי זיך געשעמט ניט צו זיין צווישן די שפּענדער, זיינען זיי געווען גנאַדיקע גוטוויליקע מענטשן, אויב ניט העכער...

זאָלן געדענקט ווערן די שפּענדער און פרייוויליקע אויפמאָנער, הייליקע און

זויבערע, וואָס זייערע טאַטן און שטייגער לייכטן ווי פונקען פון דער פינצטערניש פון אומקום. און ס'האָבן שוין געזאָגט אונדזערע חכמים: „קענסט ניט אָפּשאַצן דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלק"! ווערן זיי אויפגעפאָדערט צו געבן פאַרן קאַלב — גיבן זיי; ווערן זיי אויפגעפאָדערט צו געבן פאַרן מישכן — גיבן זיי" (תלמוד ירושלמי מסכת שקלים, דף א׳, עמוד א׳).

די יידן, וועלכע האָבן געגעבן, האָבן געגעבן פאַרן מישכן.
זאָל זייער אָנדענק זיין געבענטשט.

# „עליות"

לא בעליות־גג המדובר, שקיומן היה נפוץ במקום מגורים זול. הפעם מדובר ב„עליות" לתורה.

בדרך כלל מוזמנים בשבת בבית הכנסת, בשעת קריאה בתורה, שבעה קרואים. לקריאה היו עולים במספר מדרגות אל ה„בימה", ובהזמנה היה משום „עליה" לכבודה של תורה. האם משום כך קראו לזה „עליה"?

לכאורה, כל התורה קדושה היא, כל הפרשיות נכתבו על הר סיני ואין ביניהן ולא כלום בהבדל שבין פרשיה לפרשיה ואף על פי כן; נוצרו „עליות" מכובדות יותר ומכובדות פחות. את ההתפתחות איני יודע, אך העובדות היו שרירות וקיימות. אף איני יודע, אם כך היה הנוהג והיחס בכל תפוצות הגולה ובכל העדות בישראל, אך במקומנו, בקהילתנו כך היה. הקרואים ראשון ושני, לא ראשון ושני נקראו, לא כונו במספר. קראו ראשון תמיד כהן, שני תמיד לוי שכן כהנים ולויים יחסנים היו, להם הבכורה בעם. רק במקרים ולא היה בשעת התפילה כהן או לוי הוזמן „ישראל" פשוט, אלא הכריזו „במקום כהן" או „במקום לוי" ללמדך שזוכה מן ההפקר, כי לא לו מיועד כבוד זה. ואם כי בית המקדש לא היה קיים, שמרו בהקפדה על סדר היחוסין.

מכאן ואילך הכל במספר: שלישי, רביעי, חמישי, ששי ואחרון (לפני העליה למפטיר) ולא שביעי. איני יודע למה — עובדה, אחרון הקרואים היה „מפטיר" שבו קוראים מלבד הפרשה גם פרק תנ"ך, הכל בהתאם לתוכן ה„פרשה".

במספר קרואים זה היו איפוא „עליות" מכובדות יותר ומכובדות פחות. „שלישי" מקבל אחד מנכבדי העדה, „רביעי" מן הנמושות ועלבון צורב הוא לאחד „נכבד" להיות קרוא ל„רביעי". קצת מעלה מזה היה „חמישי" אך רק במעט לעומת זה היתה „ששי" עליה מכובדת מאד, אך לא יכלה להתחרות ב„שלישי" אלא בדוחק.

„מפטיר" — היתה זאת עליה מכובדת ומיוחדת במינה. „מפטיר" היתה נופלת בחלקו של נכבד, אברך צעיר, בר־מצוה ו„הקונה" „מפטיר".

„מפטיר" היה ברוב המקרים עומד ל„מכירה" והתרומה (קראו לזה „פלוני מנדב"), היתה לצרכי בית הכנסת, אחד ממקורות ההכנסה.

ענין „העליות" היוו מוקד חברתי ביחסים הצבוריים בין כתלי בית הכנסת ולעתים התגלגלו הדברים אף מחוץ לכתלים אלה.

לא מעט סכסוכים היו נגרמים בין באי הכנסת בגלל העליות לתורה, ביחוד שאוכלוסית המתפללים היתה גדולה. בגלל מיעוט ה„עליות" היו רבים שזכו לעליות לתורה לעתים רחוקות ואפילו לא פעם בשנה, אילולי חג שמחת־תורה שאז היו מתפצלים להרבה „מנינים" ומזכים „בעליה" את ההמונים ואפילו דלים וקבצנים היו זוכים לברך על התורה.

מי ידע להעריך נשמה יהודית שכלתה נפשה ל„עליה", לנשק את התורה, שלא ידע ממנה אף אות אחת, אך הכיר בקדושתה והשתוקק לברך עליה ואפילו בגמגום.

היו בין „האחרונים" שמקומם ע"י התנור (בקיץ ולא בחורף) בקרבת הפתח שלא ידעו ברכה כלשהי וכשנתנה האפשרות לזכות ב„עליה" (בשמחת תורה) היו חוזרים מלה, מלה, אחרי ה„בעל־קריאה"; יהי זכרם ברוך!

צר לומר שלא תמיד ידעו הפרנסים והגבאים להסתכל לעברם של אלה ולזכותם במצוות. אך מאידך נמצאו, שידעו וחוננו תמימים ישרים אלה.

רואה אני את א. ש. או את ש. ב. עומדים על ה„בימה" עמידה בטוחה ותקיפה כשעיניהם משוטטות מעל ראשי קהל המתפללים ולוחשים ל„בעל הקריאה" וזה כבר מסלסל מתוך גרון צלול או צרדרד את „יעמוד" פלוני בן פלוני ויעלה ל.... וכאן סימן המספר החשוב יותר או פחות. אם היה קרוא „שלישי", הרי ראית ממש איך מוזמן זה, נהרה משתפכת על פניו, יקום אט אט כאומר, יש פנאי, אין להחפז, ימתינו, ימתינו. מתקן הטלית על כתפיו ויצעד בטוחות לעבר הבימה. יעלה במדרגות צעד צעד, כאדם המכיר בערכו.

הפגישה בין המוזמן לגבאי חיכנית וטרם ינשק את גוילי התורה, יחזיק רגע קט את קצה הטלית ויסקר את המתפללים ורק אז יפתח בברכה. איש מסוג זה, חלק מבאי הבית יחייך לעומתו וחלק יזעיף פנים; ראו נא, ראו נא, כמה מנופחת גאוותו ואנו, הרי אנו מכירים אותו...

אם „רביעי" האיש, לא תמצאו אצלו כל גינוני הליכות, בצעד חפוז במקצת יעבור ממקומו אל הבימה, במהירות יברך, לא יסתכל לעבריו וירד, אך גם בין אנשי רביעי היו אנשים גאים שאף הם לא נתבטלו בפני מיוחסים והפגינו לא אכפתיות או אף שביעות רצון והעלו את המעמד של „רביעי" לדרגה גבוהה יותר.

כך ואחרת, כאלה וכאלה היו פני הדברים ופני האנשים שבמאבקם החברתי קדשו את התורה. ואם קרו מקרים של חילול הקודש בפרץ זעם שגרם לעיכוב הקריאה, הרי היו אלה מקרים בודדים ולא יוחד מקומם בקודש שהיה בדרך כלל שוכן בבית הזה.

תיקון חשוב ל„עליות" יש לראות ברבוי בתי הכנסת וה„קלויזן". זה נתן מקום לתוספת של גבאים שגם על זה היה נטוש מאבק צבורי — ומגדיל מספר העולים לתורה בשבת ומועד.

כבוד מיוחד נקבע לעליות לארון הקודש לפתיחה ולנעילה. מי שזכה בכך

או שמאוד נכבד היה, כגון רב, למדן גדול וירא שמים או שידע לקנות כבוד זה במיטב כספו לטובת בית הכנסת ולטובת מוסדות צדקה אחרים.

מן הראוי לציין שבבית הכנסת לא השתמשו בבטוי תורם, אלא „מנדב" בטוי לקוח מן התורה ואף כי גם המלה „תרומה" מן התורה היא ואף „סדרה" שלמה נקראת כך, זיכו את הנותן בתואר „מנדב" ככתוב בספר שמות, פרשת „תרומה" „דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה, מאת כל איש, אשר ידבנו לבו", הסמיך לבו ל„ידבנו" ולא ל„תרומה" (תרומה למשכן)

לא תמיד התבטאה נדבת הלב בכסף, לעתים הכריז המנדב כי יספק עצים להסקה לימות החורף והרי החורף ארוך היה וכבד, או יפריש סכום נכבד לשפוץ הבית. הנה, כי כן ספק בית הכנסת לא מקום לתפילה בלבד, אלא גם למעשים טובים.

לא נעדר גם מקומה של האשה במסכת „נדבת לבו": פרכת, כפורת, מפות לשולחנות ואף לצדקה. רב היה חלקן בקופת מתן בסתר שנמסר לידי איש נאמן, מאוד נאמן, נאמן על הכסף שמעולם לא נרשם שם הנותן ונאמן על הסוד, שמעולם לא נזכר שם המקבל. כאלה כאלה היו בקהילתנו שרק לאחר מותם נודע הדבר. יזכר נא כאן לברכה ולו אחד, הריהו הירשל האופה ואשתו ריסיה ז"ל ומעלה אני בזכרוני מילדותי, אחד שהיתה לו „חזקה" על פתיחה ונעילה של ארון הקודש בליל יום הכפורים הלא הוא ר' ש. ז. ל., איש פשוט, שתורה לא ידע ופרק לא שנה, אך הוקיר מעומק לבו כל קודש, תרם ונדב לבית הכנסת ולתמיכה בתלמידי חכמים. ודאי שרבים וטובים בתפוצות ישראל, אך קהילת אושמינה איננה עוד.

# „עליות"

נישט וועגן עליות אין בוידעם־שטובן, וואָס זענען געווען אָנגענומענע און ביליקע וווין־ערטער רעדט זיך דאָ. אין דעם פאַל מיינט זיך עליות פון עולה זיין לתורה.

בדרך־כלל ווערן אין שול יעדן שבת אויפגערופן זיבן מתפללים צום „לייענען". לייענען די תורה פלעגט מען אויפן בעלעמער, אויף וועלכן מען איז אַרויפגעגאַנגען עטלעכע שטיגן. ביים אויפרופן צו דער תורה האָט מען במילא געמוזט אַרויפ־שטייגן לכבוד התורה. צי דען טאַקע צוליב דעם האָט מען דאָס גערופן „עליה"?

לכאורה, איז די גאַנצע תורה הייליק, אַלע פרשיות זענען געשריבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, און צווישן איין פרשה און דער אַנדערער איז נישט פאַראַן קיין אונטערשיד, און פונעסטוועגן האָבן זיך געשאַפן עליות מער בכבודיקע און וויניקער בכבודיקע. דער גאַנג און אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן שטייגער ווייס איך נישט, אָבער די פאַקטן זענען ריכטיקע. איך ווייס אויך נישט צי אַזוי איז געווען דער מנהג און צוגאַנג אין דער גאַנצער יידישער צעשפרייטקייט, אין אַלע יידישע קהילות, אָבער אין אונדזער געגנט, אין אונדזער קהילה האָט מען זיך

אַזוי געפירט: די ערשטע צוויי וואָס מען האָט אויסגערופן צו עלית־התורה האָט מען ניט גערופן לויט דער אָרדענונג־צאָל ווי דער שטייגער ביי די איבעריקע, נאָר דעם ערשטן האָט מען תמיד אויסגערופן כהן, און דעם צווייטן תמיד לוי. היות ווי כהנים און לויים זענען געווען יחסנים, קומט זיי די בכורהביים פאָלק. נאָר אין אויסנאַמספאַלן, ווען ס׳איז צווישן די מתפללים נישט געווען קיין כהן אָדער לוי, האָט מען אויפגערופן צו דער ערשטער און צווייטער עליה אַ פשוטן „ישראל״, אָבער דערביי אויסגערופן הויך, אויפן קול „במקום כהן״ אָדער „במקום לוי״ כדי דיר אָנצוּווייזן אַז האָסט זוכה געווען פונעם הפקר, אַז ניט פאַר דיר איז באַשטימט דער כבוד. און כאָטש דאָס בית המקדש האָט שוין לאַנג נישט עקזיסטירט, האָט מען מיט שטרענגקייט אָפּגעהיטן דעם ייחוס־סיסטעם.

פון איצט אָן און ווייטער זענען שוין אַלע אויסגערופן געוואָרן לויט דער אָרדענונגס־צאָל: שלישי, רביעי, חמישי, שישי און אחרון (דער מפטיר) און נישט שביעי, ווי ס׳דאַרף זיין. פאַרוואָס ווייס איך נישט — אָבער אַ פאַקט! דער סאַמע לעצטער וואָס איז געוואָרן אויפגערופן איז געווען „מפטיר״, וואָס ביי אים ווערט אויסער דער פרשה אויך געלייענט די הפטרה, אַ קאַפּיטל פון נביאים וועלכעס אַנטשפּרעכט דעם אינהאַלט פון דער סדרה.

אין דער דאָזיקער צאָל עליות זענען געווען מער בכבודיקע און ווייניקער בכבודיקע. „שלישי״ פלעגט באַקומען איינער פון די חשובי העיר. „רביעי״ האָט באַקומען אַן עפּיגאָן (אַ צווייטראַנגיקער) און אַ ברענענדיקע באַליידיקונג איז געווען פאַר אַ חשוב אויב ער איז אויפגערופן געוואָרן „רביעי״. „חמישי״ איז שוין געשטאַנען אויף אַ ביסל אַ העכערע מדרגה, אָבער נאָר אַ ביסל. אַקייגן דעם איז „שישי״ געווען אַ גאָר חשובע עליה אָבער מיט „שלישי״ האָט זי געקאָנט קאָנקורירן נאָר בדוחק.

„מפטיר״ איז געווען אַ גאָר וואָזשנע און ספּעציפישע עליה. „מפטיר״ פלעגט אַריינפאַלן צו אַ חשוב, אַ זיידן־יינגערמאַנטשיקן, אַ בר־מצוה־בחור און אַ „מפטיר־קויפער״. די דאָזיקע עליה איז על פּי רוב געשטאַנען צום „פאַרקויפן״ און די שפּענדע (גערופן האָט מען זי: דער און דער איז „מנדב״) איז געגאַנגען אויף שול־באַדערפעניש, איינע פון די הכנסות־קוואַלן אין שול.

דער ענין „עליות״ איז געווען אַ גוזעלשאַפטלעכער ברענפּונקט אין די סאָציאַלע באַציונגען צווישן די שול־ווענט און צייטנווייז זיך אויך אַרויסגעקייקלט אין דרויסן אַרויס.

נישט ווייניק סכסוכים האָבן זיך געשאַפן צווישן די מתפללים אין צוזאַמענ־האַנג מיט די עליות, איבערהויפּט ווען די צאָל דאַווענער איז געווען גרויס. צוליב דער קליינער צאָל „עליות״ זענען געווען אַ סך מתפללים וואָס האָבן זעלטן זוכה געווען עולה לתורה צו זיין, און געווען אַזעלכע וואָס וואָלטן איין מאָל אין יאָר אויך נישט זוכה געווען דערצו, ווען נישט שמחת־תורה וואָס דעמאָלט צעשפּאַלט זיך קהל אין אַ סך קליינע מנינים און מען איז מזכה מיט אַן עליה אויך דעם פּראָסטן המון, אַפילו אָרעמעלייט און בעטלער האָבן דעמאָלט זוכה געווען צו מאַכן אַ ברכה איבער דער תורה.

ווער קאָן אָפּשאַצן אַ יידישע נשמה וואָס איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַן

„עליה", צו קושן דאָס אָפענע ספר, פון וועלכן ער האָט אפילו קיין איין אות נישט פאַרשטאַנען, אָבער ער האָט געוווּסט, געפילט די קדושה פון דעם און געלעכצט אַפילו שטאַמלענדיק צו מאַכן אַ ברכה איבער דער דאָזיקער הייליקייט.

ס'זענען געווען צווישן די „לעצטע", וואָס זייער אָרט איז ביי דער טיר, נעבן אויוון (נישט ווינטער נאָר זומער), אַזעלכע וואָס האָבן נישט געקענט מאַכן קיין ברכה, און ווען מען האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט עולה לתורה צו זיין (שמחת תורה) האָבן זיי איבערגעחזרט וואָרט ביי וואָרט די ברכה וואָס מיט זיי האָט געמאַכט דער „בעל־קורא". זאָל געבענטשט זיין זייער אָנדענק!

ס'טוט ווי צו זאָגן, אַז נישט תמיד האָבן די פּרנסים גבאים געדענקט אַהינ־צוקוקן אין זייער זייט, און מזכה זיין די דאָזיקע יידן מיט אַ מצווה, צו וועלכע זיי האָבן אַזוי געלעכצט.

אָבער צוריקגעשמועסט האָבן זיך אויך געפינען אַזעלכע וואָס האָבן יאָ געוווּסט זיך מרחם צו זיין אויף די דאָזיקע ערלעכע, אומשולדיקע יידן.

כ'זע נאָך פאַר די אויגן א. ש. אָדער ש. ב. ווי זיי שטייען אויפן בעלעמער פעסט און תקיפותדיק, זייערע אויגן וואַנדערן איבער די קעפּ פון די מתפללים און שעפּטשען צום „אויפרופער" און דער אַ ניגנט באַלד אויס, אַמאָל קלאַנגפול און אַמאָל הייזעריקלעך: יע־ע־מוד פלוני בן פלוני ויעלה ל... דאָ שטרייכט ער אונטער די אָרדענונג־צאָל פון דער מער אָדער ווייניק וויכטיקערע עליה. אויב האָט מען איינעם אויפגערופן „שלישי" האָט מען געזען באַשיימפערלעך ווי ביי יענעם שיינט אויף דאָס פנים. ער הייבט זיך דאַן פּאַמעליכקע אויף פונעם אָרט, ווי איינער וואָס זאָגט: ס'ברענט נישט, פאַראַן צייט, מ'קאָן וואַרטן, וואַרטן. ער מאַכט גלייך דעם טלית אויף די אַקסלען און שפּאַנט זיכער צום בעלעמער, ער גייט אַרויף טריט ביי טריט אויף די פאַר שטיגלעך, ווי איינער וואָס ווייסט זיין ווערט. די באַגעגעניש מיט די גבאים איז אַ שמייכלענדיקע און איידער ער קושט דאָס ספר, האַלט ער אַ צייט דעם שפּיץ טלית און וואַרפט אַ בליק אויף די מתפללים און ערשט דאַן טוט ער אַ באַריר מיטן שפּיץ טלית אויפן אָנגעוויזענעם אָרט אין דער תורה, גיט אַ קוש און מאַכט די ברכה. אַזאַ ס'גאַל מענטש ווערט פון אַ טייל אויפגענומען מיט אַ שמייכל און פון אַ טייל מיט כעס: זעט נאָר ווי דאָס בלאָזט מיט גאוה, מיר ווייסן דאָך יאָ ווער דו ביסט...

אויב איינער באַקומט „רביעי" ווערט מען אין זיין פירונג אָדער גאַנג נישט באַמערקן קיין שום מאַניערן. מיט גיכע טריט גייט ער אַרויף אויפן בעלעמער, מאַכט אויף גיך די ברכה און פטור. אָבער אויך צווישן „רביעי"־מענטשן זענען געווען שטאָלצע יידן און נישט בטול געוואָרן פאַר די מיוחסים. זיי האָבן ממש דעמאָנסטרירט זייער „עס אַרט מיך נישט" און אַפילו אַרויסגעוויזן צופרידנקייט מיט דער דאָזיקער עליה און האָבן דערהויבן „רביעי" צו אַ העכערע מדרגה.

אַזוי, אָדער ענלעך, האָבן אויסגעזען די מענטשן וואָס האָבן אין זייער געזעל־שאַפטלעכן גערעדל מקדש געווען די תורה. און אויב ס'זיינען געווען פאַלן פון חילול הקודש, צוליבן אויסברוך פון אַ געוויסן צאָרן וואָס האָט גורם געווען צום פאַרהאַלטן דאָס „לייענען", זענען זיי געווען איינצלנע פאַלן און האָבן נישט כאַראַקטעריזירט דאָס אָרט ווו די הייליקייט האָט געהערשט בדרך כלל.

אַ וויכטיקע רעפאָרם אין ענין עליות האָט זיך געשאַפן מיטן מערן זיך פון בתי־כנסת און „קלויזן". זיי האָבן געגעבן פּלאַץ פאַר נאָך גבאים, וואָס אויך אַרום דער פראַגע האָבן זיך געפירט געזעלשאַפטלעכע ראַנגלענישן, און אויך געגעבן די מעגלעכקייט מער מתפללים עולה לתורה צו זיין אין שבתים און ימים־טובים.

ס'איז ווינשנסווערט צו פאַרצייכענען, אַז אין בית־הכנסת האָט מען זיך ניט באַנוצט מיט דעם אויסדרוק תורם (שפּענדער), נאָר „מנדב" (שפּענדער פון גוטן ווילן) — אַן אויסדרוק וואָס איז גענומען געוואָרן פון דער תורה, נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס וואָרט תרומה געפינט זיך אויך דאָרט, און אַפילו אַ גאַנצע סדרה רופט זיך מיט דעם נאָמען, האָט מען מזכה געווען דעם געבער מיטן טיטל „מנדב" ווי ס'שטייט געשריבן אין חומש שמות, פרשת תרומה: „רעד צו די קינדער פון ישראל און זאָלן זיי נעמען פאַר מיר שפּענדונג, פון יעדן איינעם, וואָס זיין האַרץ טוט באַוויליקן". די תורה דערנענטערט דאָס האַרץ צו גוטוויליקער שפּענדונג און נישט צו תרומה, סתם שפּענדונג (תרומה למשכן).

נישט תמיד האָט זיך אויסגעדריקט די גוטוויליקע שפּענדע אין געלט. צייטנ־ווייז פלעגט דער מנדב מעלדן, אַז ער שטעלט צו האָלץ אויף ווינטער, און דער ווינטער, ווי מיר ווייסן, האָט זיך לאַנג געצויגן און איז געווען שווער. אָדער ער האָט געמאָלדן, אַז ער האָלט אויס דעם רעמאָנט. אַזוי אַז די שול איז נישט געווען קיין אָרט בלויז פאַר תפילה, נאָר אויך פאַר מעשים טובים.

דאָס אָרט פון דער פרוי האָט אויך נישט געפעלט אין דער מסכתא „נדבת לבו": אַ פּרוכת, אַ כפּורת (לאַמבּרעקינע), טישטוכער און צדקה. אַ גרויסן חלק האָבן זיי געהאַט אין דער „מתן־בסתר־קאַסע", וואָס איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ זייער באַגלייבטן מענטש, באַגלייבט אויפן געלט און ס'איז קיינמאָל נישט פאַרשריבן געוואָרן דער נאָמען פונעם געבער, און באַגלייבט אויפן סוד, אַז קיינמאָל וועט נישט אויסגעזאָגט ווערן דער נאָמען פונעם נעמער (פונעם נצרך).

אַזעלכע יידן זענען געווען אין אונדזער קהילה. ערשט נאָך זייער טויט איז מען געוואָר געוואָרן וועגן זייערע מעשים. זאָל געבענטשט זיין זייער אָנדענק! זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן כאָטש איינצלנע וואָס שווימען מיר אויף אויפן געדאַנק: הירשל דער בעקער און זיין ווייב רייסע ז"ל, און איינער ר. ש. ז"ל וואָס האָט געהאַט די „חזקה" פון פתיחה ונעילה יום־כפּור ביינאַכט. געווען איז דאָס אַ פּשוטער ייד וואָס האָט ניט געקענט לערנען און איז ניט געווען פון די לערנער, אָבער ער האָט טיף אין האַרץ געשעצט יעדע הייליקייט. ער האָט ווייליק געשפּענדעט פאַר דער שול און פאַר תלמידי חכמים. זיכער זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע יידן גוטע, ערלעכע אין די תפוצות, אָבער קהילת אָשמענע איז מער נישטאָ.

# עוללות

1. לא התנזר מכוסית, אך משום מה האמין, כי מצליח הוא להעלים מאחרים חולשה זאת.

מזנון בזעיר אנפין היה תלוי על הקיר מאחורי שולחן עבודתו. לעתים, אם ישב מישהו מולו, ואף על פי כן, לא יכל היה להתאפק, פונה היה אחורנית, משקיע ראשו במזנון, שותה כוסית, מקנח שפמו, חוזר לכסאו ואומר כמו שחושדים בו: „בבקשה ממך, השתיה אסורה עלי, אף איני מחבבה, אלא מאי, הצצתי בארון וקונם עלי שלא נפגעתי". „ודאי שלא נפגעת" — מחייך האורח, אך אם כן, שיהיה לבריאות!" לא, לא, מתעקש בעל הבית, כידוע „אסורה עלי השתיה, ואף איני מחבבה, תסלח אך הפעם, הפעם אחטא ולא אשוב ואחטא", והפעם לגם בפרהסיה. חייכו שניהם ואיחלו אחד לשני בריאות טובה.

2. אשה נאה ביותר היתה, טובת טעם ואצילה, הליכותיה צנועות ומידות לה תרומיות. קנא האיש באשתו, קנא מאד. היו מידידיו שרצו להרעימו. אמרו: „ידידנו הטוב, אשה מופלאה נפלה בחלקך" היה מתלהט, יורק לאחור ובכעס אומר: „אינכם מכירים אותה רבותי, לא די שאינה יפה בחיצוניותה, אלא אף אינה אשה טובה!". חייכו הידידים וענו: „אל תרגז, רק למען הקניטך אמרנו, ואתה מה?" נתפייס והשיב: „האמת, נאה ונפלאה היא".

3. היה בעיר אדם נכבד שמשום מה יצאו לו מוניטין של „כזבן" רחמנא ליצלן. אמר עליו הנכבד הקודם: „תודה לאל שאין בכזביו של פלוני להזיק, שאילו כן, היו כל בני עירנו מהלכים פצועים וחבולים". שמעו השומעים ואף „הנוגע בדבר" ותגובתם ידידותית, פשוט צוחקים וטופחים איש על שכם רעהו... נו, נו יפה דרשת!

4. וכך היה אומר:

לעולם לא ישא אדם אשה עובדת ועוזרת בפרנסת הבית.

„אני, שאין אשתי עובדת ומכניסה, אלא, ממונה על ההוצאות בלבד, הרי ערכי בעיניה כקליפת השום ואילו היתה עובדת ומכניסה? אנה אני בא..."

5. אשה זו ניתן להרגיש בה מרחוק מבלי לראותה אפילו, לפי שריחה נודף ת"ק על ת"ק פרסה ולאו דוקא ריח בשמים לה. כך היה טוען בעלה וכולם הסכימו לדעתו בניד ראש.

6. „אנכי איני קונה אצל מי שהייתי רוצה לקנות, אלא אצל מי שמוכן לתת לי אשראי".

7. האיש מעולם לא נמנה על חכמי המקום, יש והיו מטיחים בו את ההיפך. אך ארנקו היה „שמן". ידעו המתרימים במקום, שממנו לא יקבלו אפילו „אנחה", אך משום מה לא דלגנו על ביתו. את תשובתו ידעו בעל פה: „אלהים חלק לי ברב טובו כסף ועצה. הכסף אני שומר לעצמי, אך בעצה טובה אוכל לעזור לכם".

ברור, כסף לא קבלו ועצה טובה לא נטלו.

8. האחד מן העמלים ופרנסתו בדוחק. השני מאנשי „הצווארון הלבן" ופרנסתו מצויה בשפע.

ויהיו השניים „צהובים זה לזה". האחד — טינה נשא בלבו על השני. השני — מצטחק ולועג לו.

לימים נכנסו בריב שפתיים (בשבת בחצר בית־הכנסת). התאוה האחד לסטור על לחיו של השני. השני, לא צחק הפעם, נרתע אחורנית. המתקהלים מעודדים את האחד ואין נותנים לשני להתחמק. פתאום נפלה רוחו של האחד. ידו נשמטה, משה, נאנח ואמר: „נצלת הפעם, הלב לסטור חומד, אך הארנק אינו מרשה". סטירת לחי בימים ההם עלתה 20 זהובים (אדמיניסטראטיבית).

9. שניים שמהלכים בדרך לעיר ממרחק רב. נעצר פתאום האחד ואומר: „עתה ברור, דרך ארבעה קילומטרים לפנינו עד בואנו למקום". תמה השני ושואל: „וזו מניין לך? ציוני דרך איני רואה ושעון לפיו נחשב דרכנו אין לנו, וכיצד קבעת את המרחק בדיוק 4 קילומטרים?"

חייך הראשון ואמר: „הרחב נחירים ותרגיש בריח מוכר!" הרחיב השני נחיריו, נשם ונשף. התחילו הנחיריים רוטטים ומרעידים. אכן ריח חריף של תבשילים חרוכים עולה באפי. אף אתה חש ב„ריחות עדינים" אלה? „להווי ידוע לך ריח זה נשא משלשה בתים אשר בעירנו, שאם דלת, חלון או אפילו אשנב פתוח, הרי מגיע עד לארבעה קילומטרים בדיוק. ככל שנתקרב יחריף הריח וכשנתחיל להתעטש ולזורר — סימן שנותר רק קילומטר אחד".

„מה תגיד? אכן, הריני מסכים שעיר נפלאה היא זו! לא רק שמעה יצא למרחוק, אלא אף ריחה... ומי יודע עוד איזה סגולות נעלות טמונות בה."

כן, היו טמונות, אך טרם נתגלו, נעלמה הקהילה ואינה עוד...

10. תמהוני היה האיש ובעיר נודע על שם אשתו שאשת חיל היא.

חנות לכלי סידקית היתה להם במרכז החנויות, אשר בשוק העיר. הוא — הגבר היה מסתובב ומתלבט בין רגלי הקונים, מנסה להיות פעיל, אך נמצא תמיד מפריע. היתה אשתו שולחתו לבית־הכנסת ואל יהיה מטרד.

הפציר הבעל באשתו, חזור והפציר שתשלחהו פעם לוילנה העיר ולפי רשימה מדויקת שתתן בידו יקנה את הסחורה.

לא יכלה האשה לעמוד בסירובה והסכימה, אך זו הפעם. נטל הרשימה, את הכסף תפרה בבטנת מעילו וברכתהו בשלום. עלה על עגלתו של ש. ד. ונסע לתחנת הרכבת, מרחק שבעה־עשר קילומטרים מהעיר.

שמח ומדושן ענג הגיע לתחנה. נפרד מבעל העגלה ועמד להמתין לרכבת. והנה הפתעה: לתחנה הגיעה הכרכרה ההדורה של מושל המחוז. פונה ידידנו לרכב ושואל בדרך משל: „אילו צריך הייתי במקום לנסוע ברכבת, לחזור הביתה, ההיית נאות לקחתני?" הבין הגוי, במה דברים אמורים והשיב „כן". כעבור שלש שעות, בעצמו של יום, נעצרה הכרכרה המרופדת והרתומה לזוג ערמונים מול החנות ובפנים שמחות יורד הנוסע אל פתח החנות. כאן פרצה האשה בקולי קולות, וההתקהלות רבה. והוא בנחת: „האפשר להחמיץ הזדמנות כזאת?" זאת היתה הפעם הראשונה והאחרונה לנסיעתו לוילנה.

# ז ק נ י ם

## ר׳ שלמה דער „גאלגינישקער"

היינו ר׳ שלמה מגלגינישוק, כפר ממנו גורש בימי גזרות הצאר הרוסי שגזר על גרוש יהודים מהכפרים. איש ודאי לא ידע או לא זכר את שם משפחתו. מי יודע מתי השתמש בשם המשפחה. ילד הייתי באותם הימים וזוכרני אותו, כי התגורר מול ביתנו ב„קרעצמע" של אפט. לפי דבריו היה בן תשעים. אך הולכי רכיל טענו שמתקרב האיש למאה. בודד היה האיש, אשתו נפטרה מזמן, ילדיו, אחיו ובני משפחה אחרים נשאם הרוח לכל קצוי תבל.

גבוה היה מאוד ורזה מאוד ורגליו ארוכות שלא כרגיל ועדיין היה כל יום המישי לפנות ערב רוכב על סוסו ודוקא נמוך קומה ורגליו כמעט נגררות על האדמה. איני יודע ממה התפרנס האיש, כנראה מועטים היו צרכיו, אף כי בודד לא היה מר נפש, ותמיד אפשר היה לראותו עומד ברחוב מוקף אנשים מבוגרים וילדים. נוהג היה לספר על המרד הפולני נגד השלטון הרוסי משנת 1863. השומעים שתו דבריו בצמאון רב. זכר הכל במדה מפליאה על פרטי פרטים אך דבר אחד לא זכר... פעם לפנות ערב ברחוב נטפל לר׳ שמעון דוד באראן בשאלה שכנראה הטרידה אותו מאוד מאוד. הגד נא לי שמעון דוד, חזר ושנה בתרעומת מה, אח היה לי באמריקה ושכחתי את שמו, אך גם שמעון דוד לא זכר או לא ידע. רגז ר׳ שלמה, הכיצד שמעון דוד אינך מגלה לי שם אחי? באותו זמן עברתי ברחוב, קרא לי שמעון דוד, ספר לי את המעשה ואמר: קרא בשמות! נשמעתי והתחלתי לקרא בשמות משמות שונים עד שאחד מהם הזכיר לו את אחיו. שמח ר׳ שלמה ומרט אזני בהכרת תודה. ימים מספר לא יכלתי לנגע באוזן, כי כאבה. מריטה זאת שמתוך חיבה נמרטה זכורה היטב, אך כדאי היה — גרמתי אושר ליהודי זקן.

## „יענקל דער פישר"

כך קראו לו. לא שדייג היה, אלא סוחר דגים שאחרים טרחו לדוג, אך כך היו מכנים בשפת היידיש, „פישער" (שפירושו אמנם דייג) — גם לסוחרי הדגים. זקן היה האיש, זקן מופלג וכן אשתו. זקנים אלה התגוררו בדירה האחורית של משה וולברג (בן להם באפריקה הדרומית) בודדים היו, כי בניהם הרחיקו נדוד לאמריקה ומשם שגרו מכתבים ובכל מכתב דולר אחד או שניים ועל זה קיומם.

ר׳ יעקב היה בביתו המוציא והמביא. וכך היה נוהגו: כל בוקר היה נכנס לחנותו של מחלה גינזבורג וקונה מצרכיו בהקפה, ולעת ערב בא ומחזיר חובו.

לימים שאלה אותו מחלה, — הגד לי ר׳ יעקב, מה נוהג הוא לך שבבוקר אתה לוקח את המצרכים בהקפה ולעת ערב אתה מחזיר, שמא תאמר אתה מרויח במשך היום והרי אתה חי על קצבתם הקבועה של בניך, מה טעם?

חייך ר׳ יעקב ואמר: אי לך מחלה שאשה נבונה את, הביני: כל ימי הייתי מקובל כאדם הגון וישר והכל הקיפו לי מתוך בטחון, שמא ישכחו שאפשר להקיף לר׳ יעקב, הריני ממשיך בכך ונהנה שאין את מסרבת לי. חייכה גם מחלה וענתה: ישר כחך! עד מאה ועשרים!

## דער „פאדמוראוושציק"

אינני זוכר את שמו, יש להניח שגם לא ידעתי מעולם. באותם ימים למדתי ב„חדר" אצל ר׳ לייבע ה„באס". מאחורי בית הכנסת, בביתה של בתיה החלבנית, היה החדר — חלבנית על שום עיסוקה בחלב ותוצרת חלב. בסמטת בית המרחץ גר האיש וכינויו דער „פאדמוראוושציק", הווה אומר מתקין יסודות מאבנים מתחת לבתי העץ.

זקן גברתן היה, זקן מופלג והיה מגלגל את האבנים בידיו הגדולות והחזקות כגלגל כדורי טניס. אנו ילדי ה„חדר" היינו כרוכים אחריו וכרוכים אחרי ספוריו מתקופת „החטופים", כי קנטוניסט היה הזקן ובעודו ילד נעקר מבית הוריו. לקרא לא ידע בסדור והיו תפילות שידעם בעל פה. את ביתו ועירו לא זכר ואיך התגלגל לעירנו? ומעשה שהיה כך היה: מי שזכה לעבור כל מדורי הגהינום של החטופים לאחר 25 שנה בשרות סדיר מגיל 21, והרי גם עד גיל ההתגייסות גדלו בבתי גויים בכפרים שברוסיה הרחוקה. משנשחרר, חייב היה להיות רשום ב„ספר הנכתבים" של קהילה יהודית. אם לא נחשב היה כנווד ומגורש תדיר ממקום למקום. התגלגל הזקן הזה ממקום למקום וקהילת אושמינה נאותה להכניסו לרשימת ה„נכתבים" וכך הפך להיות בן עירנו. קרובים לא היו לו, בחסד אנשים לא רצה ועבד עד כלות כוחו וסיים חייו ב„הקדש".

## ר׳ שמעון „דער דרייער"

כך כינוהו. ודאי שהיה לו שם משפחה, אך זה לא היה בשמוש ויש להניח שהזקן עצמו שכח מזמן את שם משפחתו והסתפק בשם הלווי „דער דרייער" ועל שום מה קראוהו כך? משום שעבד כ„דרייער" (מפעיל הגלגל — היינו מסובב) בבית הדפוס היחידי בעיר שהיה שייך לבעל בית בשם מעקעל.

כילדים היינו נעמדים בפתח בית הדפוס ומסתכלים בעבודתו. קשה לקבוע כיום בודאות, במה עורר ענין והרי עבודתו מכנית נעשתה, אולי בגלל עצמו, גבוה מאוד ורזה מאוד היה ר׳ שמעון „דער דרייער". קומתו כפופה היתה ותנועותיו כסימן שאלה גדול ושתקן היה, „שתקן נורא", ניסו הילדים להרעימו וצעקו לעברו, „דרייער" „דרייער" — המשמעות השניה של המלה הזאת היתה שלילית. „דרייער פרושו — איש לא הגון — איש המערים על הבריות — שאינו עומד בדבורו.

היה הזקן מפנה ראשו, מסתכל בעיניו העצובות, הגדולות והמפיקות טוב לב ואומר: „קינדער" — ילדים — מוטב לסובב את הגלגל מאשר לסובב בכחש בני

אדם, זכרו, אין דבר, איני מתרעם עליכם, הנכם ילדים, מוטב תחזרו ל„חדר״, למדו היטב ואל תרעו.

תשמשנה שורות אלה, מילות התנצלות של הרבה ילדים שבגרו ובילדותם צעקו בעליזות של תעלול: „דרייער! „דרייער״!

## לאה ניסנס ז״ל

חותנתו של ר׳ איתמר שיינברג היתה, סבתם של זלמן, ניסן, יעקב ורבקה ילדי שיינברג. מוניטין יצאו לה בעיר כאשה נבונה ופקחת מאוד. מוח של גבר חכם היה תקוע בגולגלתה, כך היו אומרים כשמזכירים את שמה. כשהכרתיה זקנה היתה, זקנה מאוד וחיה גלמודה לבד, לא אצל ילדיה. בערבי החורף הארוכים והכפוריים כשהיינו יושבים תכופות בבית השיינברגים היתה עומדת, נשענת אל התנור החם מאזינה לפטפוטי הצעירים ומחייכת. אמנם פניה הביעו פקחות, ועיניה תבונה, אך לעתים רחוקות התערבה בשיחת הצעירים. היה לנו יחס של דרך ארץ לזקנתה ולמוניטין שלה ובטרם שמענו ממנה דבר של ממש. באחד מערבי הקרה („פראַסט״ ביידיש) ואנו כדרכנו, מסביב לשלחן נפתחה הדלת ואחד מחברינו פרץ הביתה, בהשאירו אחריו הבל הכפור והכריז: השמעתם? פלונית הבתולה הזקנה התארסה לפלוני! התגובה היתה: הא הא! פעמיים, הא אחד של שמחה — סוף סוף פלונית תנשא, מזמן הגיעה שעתה לשמוע קולם של כלי־זמר, והשני של פליאה, לו לזה, לחדל אישים זה התארסה, הרי זה „שדוך עקום״ („א קרומער שידעך״) ומן התנור נענתה הזקנה ואמרה: ילדים, דלי נסיון הנכם וארחות חיים טרם תדעו: דומה שידוך לסולם, רק כשהינו נשען בשפוע ניתן לטפס עליו ואם זקוף וישר יעמוד, דומה למי שמטפס על קיר חלק. וכי מה ערך לעובדה שבעיניכם לא ישר הדבר, כי בראי עקום הנכם מסתכלים. תברכו במזל טוב! הכל יתיישר.

לימים ידענו שהזוג חי באושר ונחת וזכרנו דברי לאה ניסנ׳ס.

## ר׳ חנה בעל הכרכרה

היה גדול, כבד גוף וגברתן, אשתו נמוכה היתה, גוצה. ליצני העיר היו מתבדחים על חשבונו — עד כמה ירא הוא את אשתו הגוצה וכמה „קטן״ הוא בשלטונה.

והוא ר׳ חנה מנהג היה לו — מנהג הראוי לציון. כאמור היתה פרנסתו על הסעת אנשים לתחנת הרכבת הקרובה לעיר המחוזית. לתחנה זאת קראו סול והיא שכנה בסך הכל במרחק של 17 ק״מ. אך תשקלו על ידו כל הון שבעולם לא יסע ולא יעבוד לאחר שקיעת החמה. אז היה מתרחץ, מחליף כותונת והולך מתון לחברה „משנה ברורה״. איני יודע, מה היה כוחו בלמודים. נראה היה יותר קרוב לעמי הארצות ואף על פי כן, משנשאל מה טעם מוותר הוא על פרנסה והרי נצרך הוא, ענה: „דרך ארץ״ — היינו עגלונות אני מקיים מאונס, תורה אני מקיים מרצון ומתוך שמחה, שמא בזכות זאת יקלו מעלי במקצת מעול דרך ארץ, כי קבלתי עלי עול תורה.



אמצעי התחבורה בעיירה

אַמאָליקע קאָמוניקאַציע אין שטעטל

## ר׳ ש. ד.

אף הוא בעל כרכרה ואף הוא פרנסתו על הסעת בני אדם לתחנת הרכבת.

אמרו עליו שבנו של שוחט היה ומתמצא באותיות הזעירות. אמרו עליו שביקר כמה כתות בבי״ס עירוני רוסי. לימים — כך היו מספרים — יצא ל„תרבות רעה״, התחבר „לחברה עליזה״ המרבה לשבת בבית המרזח. בעל בית בעמו היה, בית משלו, בניו משכילים, בבית אשתו מנהלת עסק והוא על הכרכרה. לא פשוט היה להיות בין נוסעיו. היושב בכרכרתו חייב היה לעמוד ב„בחינות״ הן בדקדוק רוסי ובמקצת בעברי, וחידות לפתור אין ספור. נעים היה בכרכרתו, כי הדרך עברה כאילו מהר מתוך ענין, אך לא פשוט היה הדבר. אם לא עמד האיש במבחן הצליף בו ר׳ ש. ד. בשבט לשון לא פחות משהצליף על הסוס בשוטו.

וכשנשאל: מה טעם אתה כועס ורוגז, מחרף ומגדף, היה עונה בחיוך מפייס: רבותי, היושב בעגלתי חייב לדעת לפתור חידות!

וכך קרה, ביום בוקר בהיר עזב הכל ובא לבית המדרש לשמש את הצבור. היה זה אדם אחר. אדם שחזר לשרשו.

## ועוד אחד א.א.

כך נקרא רק בתעודות, בחיי יום יום נודע היה על פי כינויו. ואף נמנה על בעלי השוט. ומנהג היה לו, ביחוד בחורף כשהימים קצרים: בדרך לתחנת הרכבת במרחק 10 ק״מ מאושמינה ישבה על אם הדרך העיירה היהודית הקטנה זופרני. נוהג היה א.א. לערוך חניה במרכז העיירה. חניה של שתי דקות הוא יכנס לפונדק, הוא רק ילגום ויחמם אבריו הקפואים. נו, מילא, אומרים הנוסעים הלבושים יפה. אך הנה עברה מחצית השעה ויותר מכן „והילד איננו״. מטריח עצמו אחד, נכנס לראות מה קרה והנה, הצפור פרחה. מסתבר שיצא דרך הדלת האחורית והלך לבית המרחץ. כשהיה חוזר סוף סוף מעלה הבל וצוחק היו מתנפלים עליו „לרצחו נפש״, גזלן, היו זועקים, איך אפשר נאחר לרכבת! והוא בבטול „רכבת — שמכבת״ היום יום ששי בשבת, לכשאחזור הביתה לא אספיק לבית המרחץ ואיך אופיע ב„קלויז״? דעו לכם „אין תפילה בלי טבילה״, הריני משתף אתכם במצוה. כמובן שנתפייסו.

ואלה, וביחוד האחרון, על פשוטי העם נמנו שמקומם בבית הכנסת על יד הדלת, עליה לתורה, רק בשמחת תורה. אלה אבק אדם — „אדם״ היו אם התבוננת לתוך נשמתם.

יהי זכרם צרור בזכרון הקהילה שחרבה.

# זקנים

## ר׳ שלמה דער „גאלגינישקער"

דאָס מיינט ר׳ שלמה פון גאלגינישאָק, אַ דאָרף, פון וואַנען ער איז אַרויס־געטריבן געוואָרן אין די צייטן פון די גזירות פון רוסישן צאַר, וועלכער האָט באַפוילן אַרויסצוטרייבן יידן פון די דערפער. קיינער האָט זיכער נישט געוווסט, אָדער נישט געדענקט זיין פאַמיליע־נאָמען. ווער ווייסט ווען ער האָט זיך באַנוצט מיטן פאַמיליע־נאָמען? איך בין דאַן געווען אַ קינד און געדענק אים, ווען ער האָט געוווינט אַנטקעגן אונדזער הויז, אין דער „קרעטשמע פון אַפטן. לויט זיינע רייד איז ער אַלט געווען נײַנציק יאָר. אָבער רכילות־טרייבער האָבן געטענהט, אַז ער דערנענטערט זיך שוין צו די הונדערט. איינזאַם איז ער געווען. זיין ווייב איז שוין פון לאַנג געשטאָרבן. זיינע קינדער, ברידער און אַנדערע קרובים האָט דער ווינט פאַרטראָגן אין אַלע עקן וועלט.

ער איז געווען אַ זייער הויכער און דאַרער מיט אומגעווײנלעך לאַנגע פיס. יעדן דאָנערשטיק פאַרנאַכט פלעגט ער נאָך רייטן אויף זיין פערד, וואָס איז גראָד געווען נידעריק, און זיינע פיס פלעגן זיך ממש נאָכשלעפּן אויף דער ערד. איך ווייס ניט פון וואָס דער מענטש האָט געלעבט. זיינע באַדערפענישן זיינען, ווייזט אויס, געווען קליינע. כאָטש ער איז געווען איינזאַם איז ער ניט געווען פאַרביטערט, און שטענדיק האָט מען אים געקענט זען שטיין אין גאַס אַרומגערינגלט מיט מענטשן — דערוואַקסענע און קינדער. ער פלעגט דערציילן וועגן דעם אויפשטאַנד קעגן דער רוסישער מאַכט אין יאָר 1863. די צוהערער פלעגן אים הערן מיט גרויס אינטערעס. ער האָט אַלץ געדענקט מיט די קלענסטע איינצלהייטן. נאָר איין זאַך האָט ער ניט געדענקט... איין מאָל, אין אַ פאַרנאַכט, איז ער אין גאַס צוגע־שטאַנען צו ר׳ שמעון דוד באַראַן מיט אַ פראַגע, וואָס האָט אים, ווייזט אויס, זייער ניט צו רו געלאָזט:

— זאָג מיר, שמעון דוד, כ׳האָב געהאַט אַ ברודער אין אַמעריקע און איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען...

אָבער שמעון דוד האָט אויך ניט געדענקט, אָדער פריער ניט געוווסט. האָט זיך שלמה געבייזערט:

— פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט מיין ברודערס נאָמען?

איך בין דאַן דורכגעגאַנגען די גאַס, האָט מיך שמעון דוד צוגערופן, דער־ציילט די געשיכטע און געבעטן:

— רוף אָן נעמען:

כ׳האָב אים געפּאָלגט און אָנגעהויבן אויסרעכענען פאַרשידענע נעמען, ביז איינער פון זיי האָט אים דערמאָנט זיין ברודער. ר׳ שלמה האָט זיך געפרייט און מיר פאַר דאַנקבאַרקייט אָנגעריסן דאָס אויער. עטלעכע טעג האָב איך דאָס אויער נישט געקענט אָנרירן פון ווייטיק. דעם ווייטיק פון ליבשאַפט אָנגעריסענעם אויער געדענק איך גוט. ס׳איז אָבער כדאי געווען, ווייל איך האָב גורם געווען, אַז אַן אַלטער ייד זאָל זיין צופרידן.

## „יענקל דער פישער"

קיין פישער איז ער ניט געווען, נאָר אַ הענדלער מיט פיש, וואָס אַנדערע האָבן זיך מטריח געווען צו כאַפּן, אָבער אין יידיש „פישער, האָט מען אויך גערופן די פיש־הענדלער. דער מענטש איז געווען אין טיפן עלטער. ער און זיין פרוי האָבן געוווינט אין דער אונטערשטער דירה פון משה וואָלבערג (זיי האָבן אַ זון אין דרום־אַפריקע). זיי זיינען געווען איינזאַם. זייערע קינדער האָבן וווּיט אויסגע־וואַנדערט קיין אַמעריקע און פון דאָרט געשיקט בריוו. אין יעדן בריוו איז געווען בייגעלייגט אַ דאָלאַר אָדער צוויי און דערפון האָבן די אַלטע לייט געלעבט.

ר׳ יעקב איז געווען דער גאַנצער מאַכער אין שטוב. יעדן פרימאָרגן פלעגט ער אַריינגיין אין מחלה גינזבורגס קראָם און קויפן פּראָדוקטן אויף באָרג. פאַר־נאַכט איז ער ווידער געקומען און אָפּגעגעבן דעם חוב.

איין מאָל האָט אים מחלה געפרעגט: — „זאָגט מיר, ר׳ יעקב, פאַרוואָס נעמט איר פּראָדוקטן אין דער פרי אויף באָרג און באַצאָלן באַצאָלט איר אין אָוונט. אפשר ווילט איר זאָגן, אַז איר פאַרדינט אין פאַרלויף פון טאָג — איר לעבט דאָך אָבער פון דער סטאַבילער שטיצע פון אייערע זין?

האָט ר׳יעקב אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: — „איר זענט אַ פרוי מיט פאַר־שטאַנד, מחלה. אַלע מיינע יאָרן בין איך געווען אָנגענומען אַלס אַן ערלעכער און אָרנטלעכער מענטש און אַלע האָבן מיר געבאָרגט און געטרויט. טאָמער וועט מען פאַרגעסן, אַז מ׳קען ר׳ יעקבן לייען, זעץ איך עס פאַר און האָב הנאה, וואָס איר זאָגט מיר ניט אָפּ". האָט אויך מחלה געשמייכלט און געזאָגט: — אַ יישר־כוח אייך, ביז הונדערט און צוואַנציק!

## דער „פאַדמוראָווטשיק"

איך געדענק ניט זיין נאָמען, ס׳קען זיין, אַז כ׳האָב קיין מאָל ניט געוווּסט ווי מען האָט אים גערופן. אין יענער צייט האָב איך געלערנט אין חדר ביי ר׳ לייבע דעם „באָס". דער „חדר" איז געווען הינטער דער שיל, אין הויז פון בתיה די מילכיקערין, ווייל זי האָט פאַרקויפט מילך און מילך־פּראָדוקטן. אין באָד־געסל האָט דער מענטש געוווינט און זיין צונאָמען איז געווען „דער פאַדמוראָווטשיק", וואָס עס מיינט, אַז ער האָט איינגעריכטעט די שטיין־פונדאַמענטן אונטער די הילצערנע הייזער.

אַן אַלטער און שטאַרקער מאַן איז ער געווען. אין טיפן עלטער האָט ער גע־קוילערט די שטיינער מיט זיינע גרויסע שטאַרקע הענט ווי טעניס־באָלן. מיר, די קינדער, האָבן אים זייער גערן געהאַט, צוליב זיינע דערציילונגען וועגן ד־„געכאַפּטע", ווייל ער איז געווען אַ קאַנטאָניסט, און אַלס קינד איז ער געכאַפּט געוואָרן פון זיין עלטערן־היים. ער האָט ניט געקענט דאַווענען פון סידור, האָט אָבער געקענט די תפילות פון אויסנווייניק. זיין היימשטאָט האָט ער ניט געדענקט. ווי אַזוי איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן אין אונדזער שטאָט? איז די מעשה אַזוי געווען: ער האָט זוכה געווען איבערצוקומען אַלע צרות פון די „געכאַפּטע". אַלס קינד

איז ער אויסגעוואַקסן אין גויִישע דאָרפישע הייזער אין טיף רוסלאַנד. פון 21סטן לעבנס־יאָר האָט ער 25 יאָר געדינט אין צאַרישן מיליטער. ווען ער איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן, האָט ער געדאַרפט זיין רעגיסטרירט ווערן אין די מעלדונגס־ביכער פון אַ קהילה, אויב נישט, וואָלט ער געווען אָנגענומען אַלס וואַנדערער און וואָלט געטריבן געוואָרן פון אָרט צו אָרט. האָט ער זיך טאַקע געוואַלגערט פון איין אָרט צום צווייטן ביז די אָשמענער קהילה האָט אים איינגעשריבן אין דער ליסטע, און אַזוי איז ער געוואָרן אַן אָשמענער תושב. קיין קרובים האָט ער ניט געהאַט, קיין הילף פון מענטשן האָט ער ניט געוואָלט אָננעמען און געאַרבעט ביז זיינע לעצטע כוחות און פאַרענדיקט זיין לעבן אין „הקדש".

## ר׳ שמעון „דער דרייער"

אַזוי האָט מען אים גערופן. זיכער האָט ער געהאַט אַ פאַמיליע־נאָמען, ער איז אָבער ניט באַנוצט געוואָרן און ס׳איז אָנצונעמען, אַז דער אַלטער אַליין האָט פון לאַנג שוין פאַרגעסן זיין פאַמיליע־נאָמען און זיך באַגנוגנט מיט דעם צונאָמען „דער דרייער". און פאַרוואָס האָט מען אים אַזוי גערופן? ווייל ער האָט געאַרבעט אַלס דרייער פון אַ ראָד אין דער איינציקער דרוקעריי אין שטאָט, וואָס האָט באַ־לאַנגט צום בעל־הבית מעקעל.

אַלס קינדער פלעגן מיר זיך אַוועקשטעלן אין טיר פון דער דרוקעריי און קוקן ווי ער אַרבעט. שווער היינט צו זאָגן מיט וואָס האָט אונדז אַזוי פאַראינטרי־גירט זיין מעכאַנישע אַרבעט. אפשר האָט ער אַליין אַרויסגערופן אונדזער אינ־טערעס. הויך און שלאַנק איז געווען ר׳ שמעון „דער דרייער". איינגעבויגן אײַן זיינע באַוועגונגען, האָט ער אויסגעזען ווי אַ גרויסער פראַגע־צייכן. אויסער דעם איז ער געווען אַ גרויסער שווייגער, אַ „געפערלעכער שווייגער". די קינדער פלעגן אים באַשרייען: „דרייער", „דרייער"! דאָס וואָרט איז צווידייטיק און די צווייטע באַדייטונג פון וואָרט איז אַ נעגאַטיווע. „דרייער" — מיינט — אויך ניט־ערלעכער מענטש. הערנדיק די געשרייען פון די קינדער פלעגט דער אַלטער אויסדרייען צו זיי דעם קאָפּ, קוקן אויף זיי מיט זיינע גרויסע, אומעטיקע און גוט־מוטיקע אויגן, און זאָגן: — „קינדער, בעסער דרייען דעם ראָד, איידער דרייען און אָפּנאַרן מענטשן. געדענקט, ס׳מאַכט ניט, איך בייזער זיך ניט. איר זענט קינדער גייט בעסער אין חדר אַריין לערנט גוט און טוט ניט קיין שלעכטס".

זאָלן די שורות דינען ווי אַנטשולדיקונגס־ווערטער פון פיל קינדער, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן און אַלס קינדער האָבן זיי פריילעך געשטיפּט מיט: „דרייער! דרייער!"

## לאה ניסנס ז״ל

די שוויגער פון ר׳ איתמר שיינבערג איז געווען די באָבע פון זלמן, ניסן, יעקב און רבקה — שיינבערגס קינדער. זי איז געווען באַרימט אַלס אַ זייער קלוגע און פאַרשטענדלעכע פרוי. „אַ קאָפּ פון אַ מאַנצפּאַרשוין אַ חכם, פאַרמאָגט זי", אַזוי האָט מען געזאָגט אויף איר. ווען איך האָב זי דערקענט איז זי געווען אַלט,

זייער אַלט. זי האָט געלעבט איינזאַם, נישט מיט די קינדער. אין די ווינטערדיקע לאַנגע און פּראַסטיקע אָוונטן, בעת מיר זיינען אָפּט געזעסן ביי די שיינבערגס אין הויז — פלעגט זי שטיין אָנגעשפּאַרט ביים וואַרעמען אויוון, צוהערן זיך צו די רייד פון יונגוואַרג און שמייכלען. איר געזיכט האָט אויסגעדריקט קלוגשאַפט און פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט פאַרשטאַנד. זי האָט אָבער זיך זעלטן ווען אַריינגע־מישט אין שמועס פון די יוגנטלעכע. מיר האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צו איר עלטער און רענאָמע. אין אַ פּראַסטיקן אָוונט זיינען מיר איין מאָל געזעסן דאָרט אַרום טיש. ס׳האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און איינער פון אונדזערע חברים איז אַריין אין שטוב: „איר האָט געהערט? די און די, די אַלטע מויד האָט תנאים געשריבן מיט דעם און דעם!" די רעאַקציע איז געווען: האַ, האַ! צווי מאָל האַ, איין האַ! פון פרייד אויף דעם וואָס זי וועט סוף־כל־סוף חתונה האָבן, ווייל ס׳איז שוין פון לאַנג צייט געווען, אַז זי זאָל הערן שפּילן. און דער צווייטער האַ! איר געוועזן פון וווּנדער — — וואָס מיט אים גייט זי חתונה האָבן, אָט מיט דעם גאָרנישט. ס׳איז דאָך אַ „קרומער שידוך". פון אויוון האָט זיך אָפּגערופן די אַלטע און געזאָגט: „קינדערלעך, איר זענט נאָך יונג און איר קענט ניט דאָס לעבן. אַ שידוך איז געגליכן צו אַ לייטער. נאָר ווען ער איז אָנגעשפּאַרט קרומלעך קען מען קלעטערן אויף אים. אויב דער לייטער שטייט אָבער שטאַרק און גלייך, איז דער וואָס פּרוווט קלעטערן אויף אים געגליכן צו איינעם וואָס דראַפּעט זיך אויף די גלייכע ווענט. וואָס איז וויכטיק, אַז אייך געפעלט נישט דער שידוך. איר קוקט דאָך אין אַ קרומען שפּיגל. זאָגט אַ „מזל־טוב" און אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג.

שפּעטער האָבן מיר געוווּסט, אַז דאָס פּאָרל לעבט גליקלעך און צופרידן און מיר האָבן געדענקט לאה ניסנס ווערטער.

## ר׳ חנא „דער דאָראָזשקאַזש"

ער איז געווען גרויס, דיק און שטאַרק. זיין ווייב, קליין, נידעריק און קורץ־געוויקסיק. די לצים פון שטאָט פלעגן זיך וויצלען אויף זיין חשבון — הלמאי ער האָט אַזוי מורא פאַר זיין קליין ווייב און ווי „קליין" ער איז אונטער איר הערשאַפט.

ר׳ חנא האָט געהאַט אַ מנהג, וואָס איז ווערט באַצייכנט צו ווערן. זיין פּרנסה איז, ווי געזאָגט, באַשטאַנען אין פירן פּאַסאַזשירן פון שטאָט צו דער באַן־סטאַציע. די סטאַציע האָט זיך גערופן סאָל און פון שטאָט איז סך־הכל ווייט געווען נאָר 17 קילאָמעטער. איר האָט אים אָבער געקענט אָפּציילן אויף דער האַנט די גרעסטע סומע געלט — וועט ער ניט פאָרן נאָכן זון־אונטערגאַנג. אין אָוונט פלעגט ער זיך אַרומוואַשן, איבערטאָן אַ העמד און גיין בנעימותדיק אין דער חברה „משנה ברורה". איך ווייס, וויפל ער האָט געקענט לערנען. ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער איז נענטער צו עם־הארצות. פון דעסטוועגן, אַז מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער פאַר־ציכטעט אויף פּרנסה אין וועלכער ער נייטיקט זיך, האָט ער געענטפערט: „דרך־ארץ!" — וואָס עס מיינט — „בעל־עגלה בין איך צוליב נויט, אָבער תורה לערן איך פון פרייען ווילן און מיט פרייד, און אין דעם זכות וועט מיר אפשר לייכטער זיין דער עול פון דרך־ארץ, ווייל איך האָב גענומען אויף זיך דעם עול פון תורה".

**ר׳ ש. ד.**

ער האָט אויך געהאַט אַ דראָזשקע און אויך זיין פרנסה איז באַשטאַנען אין פירן מענטשן צו דער באַן־סטאַציע. מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ זון פון אַ שוחט און קען זיך אויס אין די קליינע אותיות. מ׳האָט אויך דערציילט, אַז ער האָט געלערנט אין עטלעכע קלאַסן פון אַ שטאַטישער רוסישער שול. מיט דער צייט — האָט מען דערציילט — איז ער אַרויף אויף „שלעכטע וועגן״, דערנענטערט זיך צו אַ „פריילעכער געזעלשאַפט״ וואָס האָט פיל פאַרבראַכט אין שענקן. ר׳איז געווען אַ בעל־הבית, מיט אַן אייגן הויז, געבילדעטע קינדער. אין שטוב האָט זיין ווייב געפירט אַ געשעפט, און ער — אויף דער קעלניע. ס׳איז נישט געווען פשוט צו פאָרן מיט אים. ווער ס׳איז געזעסן אין זיין דראָזשקע האָט געמוזט אויסהאַלטן „עקזאַמענס״ אין רוסישער גראַמאַטיק, און אַ ביסל אויך אין עברי, און רעטענישן האָט ער געמוזט טרעפן אָן אַ שיעור. עס איז געווען אָנגענעם אין זיין קאַרעטע, ווייל דער וועג איז אַריבער שנעל, מיט אינטערעס. די זאַך איז אָבער ניט געווען פשוט. האָט אַ מענטש עפּעס ניט געוווּסט, האָט אים ר׳ ש. ד. געשמיסן מיט זיין צונג, ניט ווייניקער ווי ר׳האָט געשמיסן זיין פערד מיט דער בייטש. אַז מ׳האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער בייזערט זיך, זידלט און באַליידיקט, פלעגט ער ענטפערן מיט אַן איבערבעטנדיקן שמייכל: „רבותי, ווער ס׳זיצט ביי מיר אין וואָגן מוז קענען טרעפן רעטענישן!״

אין אַ געוויסן העלן פרימאָרגן האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט און איז געקומען אין בית־מדרש אַריין משמש זיין און באַדינען דעם ציבור. דאָ איז ער געווען אַן אַנדערער מענטש, אַ מענטש, וואָס האָט זיך אומגעקערט צו זיינע וואָרצלען.

**און נאָך איינער: א. א.**

זיין נאָמען איז געווען נאָר אין די דאָקומענטן. אין טאָג־טעגלעכן לעבן איז ער געווען באַקאַנט מיט זיין צונאָמען. ער האָט אויך געהערט צו די בייטש־מענטשן. אין די ווינטערדיקע קורצע טעג האָט ער געהאַט אַ מנהג, פאַרנדיק צו דער באַן־סטאַציע, זיך אָפּצושטעלן אין יידישן שטעטל זשופּראַני — אין מיטן וועג, 10 קל״מ ווייט פון אָשמענע. אין מיטן שטעטל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט „אויף צוויי מינוט״. ער פלעגט אַריינגיין אין קרעטשמע עפּעס אַ טרונק טאָן, צו דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע גלידער. „נו, מילא״ — פלעגן זאָגן די גוט אָנגעטוענע פּאַסאַזשירן. אָבער אָט איז אַריבער אַ האַלבע שעה און ער איז ניטאָ. איז זיך איינער פון די פּאַסאַזשירן מטריח און גייט אַריין זען וואָס ס׳איז געשען — און ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פויגל איז אַוועקגעפלויגן: ער איז אַרויס דורך דער הינטערשטער טיר און געגאַנגען אין באָד אַריין. אַז ער איז צוריקגעקומען אַ צעפּאַרעטער און לאַכנדיקער, האָבן זיך זיינע פּאַסאַזשירן אַ לאָז געטאָן אויף אים מיט כעס: „גזלן״, — האָבן זיי געשריגן — „ווי קען מען אַזוי? מיר וועלן דאָך פאַרשפּעטיקן די באַן!״ און ער, מיט ביטול: — „באַן—שמאַן, היינט איז פרייטיק און ווען איך וועל צוריקקומען אַהיים, וועל איך ניט באַוויזן צו גיין אין באָד אַריין און ווי אַזוי וועל איך קומען אין קלויז צו „לכו נרננה״? איר באַדאַרפט

וויסן, אַז ס'איז ניטאָ קיין תפילה אָן טבילה. איך נעם איך צו אַלס שותפים צו דער מצווה און פאַרטיק!" זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, אים מוחל געווען.

*

אָט די אַלע, בפרט דער לעצטער, האָבן באַלאַנגט צו די פשוטע עמך־יידן און זייער אָרט אין שיל איז געווען ביי דער טיר. אָן עליה האָבן זיי באַקומען נאָר אין שמחת־תורה. פשוטע מענטשן — זייער מענטשלעכקייט האָט מען געזען ווען מ'האָט אַריינגעקוקט אין זייערע נשמות.

זאָל זייער אָנדענק זיין פאַראייביקט אין זכרון פון דער חרובער קהילה.



אייזיק הקברן
אייזיק דער באַגרעבער

# לסיום כתיבתי...

**„מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה**
**ואבכה יומם ולילה את חללי בת־עמי".**
(ירמיהו ח', כ"ג)

**לא משורר וסופר כתב דפי זכרון והנצחה אלה. לא פיטן או אמן סופד לך, קהילה שנעלמה. לא אמן הלשון והוגה דעות העלה מנבכי לבו את רגשי הכאב והשכול.**

**כל אשר יקרא דפי זכרון אלה, יוכל אולי לחוש את תמצית האבלות שנושאים בלבם אלה, אשר ערש ילדותם עמדה ברחובות וסמטאות העיר. בעיר זו נתקיימה ונאבקה על קיומה וצביון לחיים יהודיים, קהילת אושמינה המפוארת ז"ל.**

**אנשים פשוטים, אך אוהבים מאוד, הערו נשמתם וענוותם בשורות אלה. אין זה סגנון של הגיון ונתוח, כי את שארית הזכרון היה הכרח לצקת בדמות אותיות מדברות ומספרות.**

**הצורך הנפשי לפרוע את החוב הגדול והנורא לאלה שהיו אבותינו, אמותינו, אחינו ואחיותינו, חברינו וידידינו וכל אשר נשמו את חיינו המשותפים, הביאנו לכתיבה.**

**בדם ודמע עלו וצפו ממעמקי ההויה האישית, הטוב והיפה, התוסס והחי והסגולה לקיים את הנאמר: „בדמיך חיי, בדמיך חיי!".**

**גדולה התקוה ועמוק האמון שנתן לקורא בבואו לשתף עצמו במה שהיה, במה שאיננו, במה שנתכה הקללה במקום הברכה.**

**אך לא דמעות בלבד יש לראות ברסיסי הבטוי, אלא גם אמונה איתנה בנצח ישראל. ומתוך תפילה שבלב עולה בדממה התקוה, כי תעבור מן העולם כל ממשלת זדון.**

**איזו מצבה, יד וזכר, לך קהילה יקרה, יכול להציב בנך אוהבך מלבד דפים בודדים, ספוגים צער ודאבון, אם לא להעלות זכרך בפני אלה ששרדו מחורבנך האיום.**

**יהי זכרך צרור בצרור הזכרונות של עם עולם שרבות רבות פעמים בתולדותיו עלה על גרדום הרשע ושמתוך להבות המוקדים עולה כמנצח לעד, לעד!!!**

# צום פאַרענדיקן מיין שרייבן...

„ולואי וואָלט מיין קאָפּ געווען פול וואַסער און מיינע אויגן — אַ קוואַל
פון טרערן, וואָלט איך באַוויינט, טאָג און נאַכט, די געפאַלענע פון
מיין פאָלק". (ירמיהו ח׳ כ״ג)

ניט קיין שרייבער, ניט קיין פּאָעט, האָט געשריבן די דאָזיקע פאַר־
אייביקונגס־בלעטער.
ניט קיין דיכטער אָדער קינסטלער האָט דיך באַקלאָגט —
אומגעברענגטע קהילה.
ניט קיין וואָרט־ווירטואָז און דענקער האָט אַרויסגעברענגט
פון די טיפענישן פון האַרץ די געפילן
פון ווייטאָק און פאַרשניטנקייט.

יעדער, וואָס וועט לייענען די דאָזיקע זכרונות־בלעטער, וועט אפשר קענען פילן דעם עיקר־טרויער, וואָס עס טראָגן אין האַרצן די, וועמענס קינדער־וויגל איז געשטאַנען אין די גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט. אין דער שטאָט איז געווען און געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ, פאַר אַ פילפאַרביק ייִדיש לעבן — די באַרימטע אָשמענער קהילה ז״ל.

פראָסטע מענטשן, אָבער פול מיט ליבע, האָבן אויסגעגאָסן זייער נשמה און פיין אין די דאָזיקע שורות. דאָס איז ניט קיין סטיל פון קאַלטער לאָגיק און אַנאַליז, ווייל די רעשטלעך זכרונות איז נייטיק געווען איבערגיסן אין אַ פאָרם פון אותיות, וואָס זאָלן רעדן און דערציילן.

די גייסטיקע באַדערפעניש און דראַנג אָפּצוצאָלן דעם גרויסן און שרעקלעכן חוב צו אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, חברים און פריינד און די אַלע, וועלכע האָבן געאָטעמט אונדזער בשותפותדיק לעבן — האָט אונדז געברענגט צום שרייבן די בלעטער.

מיט בלוט און טרערן זיינען אויפגעגאַנגען און אַרויסגעשווומען פון די טיפענישן פון דער פערזענלעכער עקזיסטענץ, דאָס שיינע, דאָס גוטע, דאָס ברויזנדיקע און לעבעדיקע און די אייגנשאַפט מקיים צו זיין דאָס פון נביא אַ מאָל געזאָגטע: „אין בלוט וועסטו לעבן, אין דיין בלוט — אָבער דאָך זאָלסטו לעבן!"

גרויס איז די האָפענונג און טיף דער צוטרוי צום לייענער, וועלכער קומט זיך באַטייליקן אין דעם וואָס איז אַ מאָל געווען, וואָס איז אָבער מער ניטאָ, דאָרט, ווו עס האָט זיך אויסגעגאָסן די קללה, אַנשטאָט די ברכה.

נאָר ניט בלויז טרערן, דאַרף מען זען אין די שפּליטערן־אויסדרוק, נאָר אויך דעם פעסטן גלויבן אין דער ייִדישער אייביקייט. און פון דער תפילה אין האַרצן גייט אויף אין דער שטיל די האָפענונג, אַז פאַרשווינדן וועט די הערשאַפט פון שלעכטס פון דער וועלט.

וואָסערע מצבה, דענקמאָל און זכר, דיר, טייערע קהילה, קען אויפשטעלן

דיין דיך ליבנדיקער זון, אַחוץ איינצלנע בלעטער, דורכגעזאַפּטע מיט צער און טרויער, אויב ניט דורכן אויפהאַלטן דיין זכר פאַר די אַלע, וועלכע האָבן איבער־געלעבט דיין שרעקלעכן חורבן.

זאָל דיין זכרון זיין איינגעבינדן אין בונד זכרונות פון אייביקן פאָלק,
וועלכער פיל, פיל מאָל אין זיין געשיכטע איז אומגעקומען
אויפן שייטערהויפן פון רשעות,
און דאָך פון די ברענענדיקע פלאַמען גייט ער אויף אַלס אייביקער
זיגער, זיגער אויף אייביק!!!

**מיכאל פעלער**

זלדה זיסקינד / רעננה

# העיירה והרחוב שלי

גרתי ברחוב ששמו היה רחוב המים עקב קרבתו לנהר. לא יעלה בכוחי לתאר את יופי הנוף והטבע במקום הזה. היה זה קצה מגורי היהודים, ומסיבה זו טעמנו את טעם האנטישמיות. אם היתה לנו סוכה בחג הסוכות, הרסו אותה הגויים, ושיכורים היו שרים לנו „סרנדות", ואנו פחדנו לצאת בלילות החוצה.

בשכנות הבית היה גן שהשתרע על עשרות דונמים עם דשאים, מטופל בשבילים ופרחים, עצים נהדרים אשר עד היום אזכור את הריח הנהדר והעדין של הלבלוב בשעות המוקדמות של הבוקר, וספסלים אשר ה„רומנטיקה" מצאה בם מקום.

בגן הזה, אשר נקרא „ה־3 במאי", היו נערכות חגיגות לאומיות וריקודי עם ואירועי ספורט שונים, מקומו של הגן היה על גבעה ואנחנו גרנו למרגלותיה. השכנים היו ברובם גויים שגרו בבתים קטנים. על יד כל בית היה בוסתן ופרחים בשלל צבעים.

את הנוף פאר בית החרושת של סטרוגץ לשמרים ויי"ש עם שתי ארובות שהזדקרו לשמים. בית החרושת היה עובד יומם ולילה והיה משמיע תקתוק מונוטוני מיוחד של מכונה; זר, שהיה נקלע לסביבה, היה משתומם ושואל כיצד אנשים גרים ברעש כזה, אבל אנחנו התרגלנו ולא שמענו את הרעש. ביום ראשון, הוא יום מנוחת הנוצרים, כשבית החרושת שבת, הרעש היה חסר לנו. את התמונה השלים הנהר, שגדותיו עטורות עשבי בר ועצים, ובימות החמה היו הכל רוחצים במימיו. הנהר זרם בנחת, בחורף היה קפוא והיינו מתחלקים על מחליקיים; לפני פסח, כשהשלגים הפשירו, היה הנהר משתפך על גדותיו ולא פעם לא יכלתי להגיע הביתה מבית הספר, והיו פעמים שהלנתי חברה שגרה מאחורי הנהר כי הגשר היה מוצף.

במורד הנהר היה מעין זך כבדולח ומימיו שימשו לשתיה. בלילה היינו שטים בסירות ושרנו שירי געגועים לארץ. בבית הספר „תרבות" קבלנו את ההשכלה היהודית. כאן נטעה האהבה לעמנו ולעברו, ופותחה הערגה לציון, שנתנה את אותותיה כעבור שנים בהצטרפות לתנועת הנוער „השומר הצעיר". אלה היו השנים היפות בחיי. קבלנו חינוך לקראת חיי חברה, ולאהבת ארץ ישראל.

זוכרת אני שפעם הצטרכתי לצאת כמדריכה עם הקבוצה שלי למושבת קיץ אשר הכשירה את החניכים לצופיות וחיי עבודה בחוה חקלאית, ברם מתוך איזו שהיא סיבה לא יכלתי לצאת באותו יום המיועד ויצאתי כעבור יום; ביום שיצאתי — היה זה יום חמישי אחרי הצהריים, יום השוק השבועי, נסעתי בעגלה וירדתי בחושך אך לא מצאתי את המקום, אך מרחוק הגיע לאזני הד של שירה. לפי קולה יכולתי להגיע למקום. עברתי בדרכי חצרות, גדרות, כלבים נבחו — עד שהגעתי לבית המיועד.

בפתחי את הדלת כולם התנפלו עלי בשמחה וכמעט שנחנקתי על ידי הילדים

שהיו בגיל 14־16, אף שולבתי בריקוד הורה סוער. חונכנו וחינכנו לחיי פשטות וחיי עבודה.

בלבי עולים זכרונות על מוסדות ואישים, על ילדים, נערים שחלמו לעלות לארץ ישראל ולהצטרף לבוני הארץ, אולם פתיל חייהם נותק ע״י רוצחים.

תהיינה שורות אלה נר זכרון לנשמותיהם הטהורות.



נוף העיירה — שטאָט לאַנדשאַפט

אהרון באַראָווסקי / ניו־יאָרק

# פון א באזוך אין היימשטעטל

## (בלעטער פון אַ טאָגבוך)

**פרייטיק, 3טער סעפטעמבער 1937**

מיר זיינען אָנגעקומען קיין אָשמענע מיט לערנערס טעקסי, 6 אָוונט, כדי נייגיריקע זאָלן אונדז ניט אָנקוקן, זיינען מיר געפאָרן דורך דעם זאַסציאַנעק. פאָרנדיק דורך די פאַרשידענע געסלעך איז אָנגעפאַלן אויף אונדז אַ שרעק. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די הייזער זיינען איינגעפאַלן און די מענטשן אַזוי קליין אַזוי געפאַלן, עפּעס ווי לעבעדיקע מתים. אָט דאָס איז אָשמענע? איך האָב אָבער געוווּסט, אַז קומענדיק פון ניו־יאָרק און די גרויסע שטעט פון אייראָפּע מוז זיך שאַפן אַזאַ איינדרוק, און דעריבער האָב איך זיך ניט געאיילט מיט פאָראורטיילן.

אויפן וועג פאָרנדיק האָבן מיר זיך צעשמועסט מיט אונדזער פורמאַן און זיין העלפער. איידער וואָס זיינען מיר אָנגעקומען אין ווילנער גאַס און שוין, דוכט זיך, געוווּסט וועגן אַלעמען און וועגן אַלץ. למשל, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי רבנים אין שטעטל; אַז אַ לאַנגע צייט איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקת צווישן ביידע צדדים וואָס סימפּאַטיזירן מיט זייערע רבנים: אַז ווען גורוויץ פעלדשער איז געשטאָרבן, זיינען נאָכגעגאַנגען און נאָכגעפאָרן די גאַנצע „פּאַזשאַרנע" מיט אירע פרייוויליקע פייערלעשער; אַז ער איז געווען שטאַרק ביזן לעצטן מאָמענט און פאַר זיינעם אַ שלום־עליכם האָט מען געציטערט; סאַלאָמאָן גרופּ איז געוואָרן רייך און קלייבט זיך אַריבער קיין ווילנע, ווייל ר׳האָט מורא פאַר אָשמענער עקסצעסן, און — אַז ער איז איינער פון די צוויי, וואָס האָט אַ באַדצימער און אַ טואַלעט מיט הייס וואַסער ביי זיך אין הויז; אַז ביי אונדז אין הויז, וואָס איז געשטאַנען ליידיק פאַר אַ ווײַלע נאָך פרומעלעס טויט, איז אַריינגעקומען אַ זון מיט אַן אַכסניה; אַז זינגער האַלט דעם קינעמאַטאָגראַף און האָט שוין דריי מאָל „אָנגעזעצט"; אַז עס זיינען פאַראַן דריי שולן — אַ העברעישע, אַ יידישע און אַן אָרטאָדאָקסישע (תלמוד־תורה).

ביי גאָלעמבן אין הויז, זאָגט מען אונדז, ריכט מען זיך שוין עטלעכע טעג, מען קאָכט, באַקט, וואַשט און סקראָביעט, און אַז אין גאַנץ אָשמענע דערוואַרט אונדז מיט אומגעדולד. מען האָט אונדז דאָרט גלייך געמאַכט פילן, אַז מיר זיינען ביי זיך אין דער היים.

**שבת, 4טער סעפטעמבער**

אַ ביסל שפּעטער בין איך אַרויס אויפן גאַס. אַרויסגייענדיק אויפן טראָטואַר הער איך ווי עמעצער רופט מיך: „אַרעלע, וואָס מאַכסטו?" איך קער זיך אום, עס שטייט אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד. איך קוק אויף אים און דערקען אים:

„וואָס מאַכט איר, שמעון־דוד ?" --- „געוואָרן אַ שמש אין קלויז" „און אַ ביסל בראָנפן וועט איר נעמען ?", פרעג איך. „אויב דו וועסט נאָר געבן", איז דער ענט־פער". איך האָב אים געהייסן אַרויפקומען אַ ביסל שפּעטער.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען צו אונדז אין הויז. קאַרצמער, וועלכער איז אין מיין עלטער, איז געווען זייער צופרידן און מיך אַרומגעפירט אין הויז. איך בין דורכגעגאַנגען דעם הויף, דעם שטאַל און די קלייטן און די עטלעכע הייזקעלעך. עס איז דאָס זעלבע און — דאָך ניט דאָס זעלבע. איך בין אַריין צום ראַזירער, וועלכער איז ביי אונדז אין הויז, וווּ מיר האָבן געהאַט דאָס ווייך־געשעפט. האָב איך אַריינגעקוקט אין שרה לאה ניסנס קראָם. אַלץ הייסט אַ קראָם אין אָשמענע, ליידיקע פּאָליצעס, פּוסטע ווענט, זי זיצט מיט אַ גרויסע פּאַטשיילע אויפן קאָפּ און פּלייצע און וואַרט אויף אַ קונה. און אַז דער קונה קומט שוין אַריין, האָט זי סיי־ווי ניט וואָס ער וויל.

עס האָט זיך געוואָלט זען מער אָשמענער. גייענדיק שבת פון שול, האָב איך געזען חנה יענטע לערנער, דבורה, אביגדור אייזיק זיסקינדס פרוי, זייערע זין — חיים און שלום; קאַמינעצקי מיט זיין פרוי; איסער שיינבערג, זיינע זין ניסן און זאַמקע (אַן עלטערער זון, יעקב, אַ חדר־חבר, איז אַן אַדוואָקאַט און וווינט אין ווילנע). מיר געדענקען ניט נאָר די פּנימער, נאָר אפילו זייערע נעמען. אָט גייט נאָטיל דאַנישעווסקי, איך פרעג זיך וועגן מיין שווער און מיין שוואָגער יצחק לעווין. אָט גייט איצע זיסקאָוויץ, אָט גייט דער אַלטער פידלער, מאירקע זעלצער, דער אַמאָליקער קאָמעדיאַנט פון „קאָלדוניע", אָט גייט שמעון־בער — דער האָצ־מאַך פון דעם זעלבן ספּעקטאַקל; אָט איז חיים בעקער (איצע זיסקאָוויצס שוואָגער) און אָט זיינען מיר דערגאַנגען צו די קוריניעצקיס. אָפּגעגעסן, און מען גייט ווייטער. מען דאַרף צוגיין צו מיכלעצקין־גאָלעמבעס, עס דויערט אַ שעה צייט צוצוגיין די 2 בלאָקן. מען פרעגט זיך נאָך, וואָס מאַכט באָריס, אסתר, וואָלף, יצחק לעווין און אַנדערע ? וואָס מאַכט מירקע ? מיר מאַרשירן ווייטער און מען באַגלייט אונדז — פון רעכטס און פון לינקס, פון פאָרנט און פון הינטן. די גאַסן ווערן פול, עס איז שבת, די אָשמענער פילן זיך אַ ביסל מער יום־טובדיק, פאַרלייגנדיק די הענט אויף הינטן, שפּאַצירט מען אין גרופּעס אויף דער זשופּראַנער גאַס. מיר טרעפן לעקערס אַ טאָכטער און קלמן שפּירא.

די מעכאַניקעס שטעלן אונדז אָפּ, צי האָבן מיר געזען זייער זון און ברודער ? ליידער ניט. מיר האָבן זיך שוין ווי עס איז דערשלאָגן צו די גאָלעמבעס, געטראָפן אויך ברוכן, ער פאַרקויפט גאַזאָלין פאַר די אויטאָמאָבילן און אָמניבוסן. מיר זעען זיין פרוי אויך מיכליעצקיס מאַן. עס קומען אָן סאָניע מיט יוסף גאָלעמבאַ. ס'איז שוין מוצאי שבת. אַמאָל אין דער היים האָט מען ניט געוואָלט אָנצינדן קיין ליכט, כדי דעם שבת איינצוהאַלטן וואָס לענגער, איז מען געזעסן אין דער האַלבטונקלקייט און צוגעהערט זיך צו די מעשיות פון אידל ציזלינג, די פּאָגאָדעס, גורוויץ דער פעלדשער, טאַטע, מאַמע, ע"ה, סאָלאָדוכע און נאָך און נאָך. כ'דערמאָן מיך אַמאָל אין ווינטער— מיר זיינען ביי סאָניען און פרומלען אין צימער, דאָס איוועלע ברענט, די שיקסע האָט נאָר וואָס אַריינגעלייגט נאָך אַ שייטל האָלץ, עס ברענען די האָלעוועשקעס, און עס ווילט זיך עפּעס עס זאָל ברענען און ברענען,

אין צימער איז פינצטער און דער שיין פון דעם פּי־ער און פון די האָלעוועשקעס שפּיגלט אָפּ דאָס גאַנצע צימער. עס זיצן סאָניע, רבקה און הינדע קאַפּלאַן, סאָניע מיאַסניק, איך — און אַמאָל אויך וואָלף און אַנדערע, מען זינגט אומעטיקע רוסישע לידער — פול מיט ליבע, האָפענונג און יאוש. מען זינגט „יאַמטשיק, ניע גאַניי לאשאדיי". טאַקע וואָרעם איילן זיך, וואָס פאַרזאַמט מען? לעב, כל־זמן מען קען. עס איז עפּעס אַזוי טרויעריק און דאָך — געשמאַק און אָנגענעם. עס ווילט זיך פאַרלענגערן די צייט, עס ווילט זיך ניט הערן דעם „גוט־וואָך, גוט־יאָר". נאָך אַזוי פיל יאָרן — דער יונגער דור איז צעלאָפן זיך, ווער קיין פּאַלעסטינע, ווער קיין רוסלאַנד, און ווער קיין אַמעריקע, און די וועלכע זיינען יאָ געבליבן, האָבן אונטער דעם דרוק פון דער מלחמה און נאָך מלחמה־יאָרן פאַרלאָרן דעם גאַנצן חוש פון הומאָר, פון שמייכלען און לאַכן. און דעם נייעם דור, אים קען איך נישט.

די מומע באַשע היט אונדז אָפּ, עס קומען צו גיין ראַליע מיט איר מאַן, פאַליע מיט איר מיידעלע מירעלע. ראַליע איז זייער זיס, איר מאַן איז אַ לערער אין דער העברעיִשער שול. עס זיינען נאָך געקומען קעצעלע, פייגעלע, רחל באגאד (געווען אין רוסלאַנד 3 יאָר און איז צוריקגעקומען), אויך איז געקומען די פאַמיליע קורי־ניעצקי, יוסף יאַנקעלעוויץ און זלמן שיינבערג. שוין 18 יאָר זיך ניט געזען.

### זונטיק, 5טער סעפּטעמבער

אונדזער מומע כאַשע איז אַ בריהטע. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו די קריינאָ־וויצעס. טרויעריק איז געוואָרן ווען ראַליע האָט דערציילט פון דעם פאַרגאַנגענעם לעבן פון איר שוועסטער סאָניע (די יינגסטע), זי לעבט נעבן דער דייטשישער גרענעץ, און מיט דער הילף פון דינהן, וועלכער איז אַ הויפּט־קראַנקן־שוועסטער אין ארץ־ישראל, שטיצט מען זי.

היינט איז ערב ראש־השנה. צוזאַמען מיט סאָניען, געקומען מיט יוסף וועבער. מיר און סעלמאַ, גייען צוזאַמען מיט סאָניען צו שמואל גרופּ, אַן אַמאָליקער פריינד פון דער גאַנצער פאַמיליע זייערער. אַלע איילן זיך צו גיין אין שול. דער־ווייל איז אָנגעקומען מאָטל לאַסקאָוו (ער וווינט אין קיציעוויטשא), אויף ראש־השנה און יום־כיפור קומט ער קיין אָשמענע. חאָנע שניידער, דער גבאי פון בית־מדרש, האָט געבעטן, אַז איך זאָל אויך קומען דאַווענען אין בית־מדרש, ווייל מיין טאַטע ע"ה פלעגט אָפט דאָרט אויך דאַווענען. ער וועט מיר שוין געבן אַ שטאָט אין „מזרח". עס ווילט זיך דאָך ניט פאַרשווענכן דעם טאַטנס ע"ה נאָמען. האָב איך באַשלאָסן דעם ערשטן טאָג גיין אין שול און דעם צווייטן — אין בית־מדרש. גורוויץ דער פעלדשער האָט פאַר זיין טויט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער שול. זייענדיק פאַר פיל יאָרן דער גבאי (די עלעקטרישע באַלייכטונג דאָרט האָט מיין טאַטע ע"ה איינגעפירט ווען ער איז געווען דער גבאי).

### מאָנטיק, 6טער סעפּטעמבער

געקומען גאַנץ פרי אין שול. אָט איז געקומען סאָלאָדוכא דער פעלדשער, געשטעלט זיך דאַווענען נעבן מיר. אָט זיצט פּרץ כצס זון; מיכל דעם מאלערס זון;

אַט קומט אַריין אברהם סטרוגאַץ (זיין שטאָט איז נעבן אונדזערע), ער פרעגט מיך פראַגן וועגן אַמעריקאַנער לעבן, מיר גייען אַריין אין אַ דיסקוסיע און — מיט אַ מאָל: „יעמוד ר׳ אהרון בר׳ בנימין, מפטיר!". איך פיל זיך ווי אַ חתן, אַלע אויגן זיינען אויסגעשטעלט: אַט גייט דער אַמעריקאַנער! אין שול גיט מען נאָר פאַר דער שול, און אין בית־מדרש — אויך פאַר אַנדערע אַנשטאַלטן. ברוך גאָ־לעמבע גיט דעם פלאַן צו פאָטאָגראַפירן לאַנדסלייט. מיר האָבן זיך פאַרקירע־וועט אויף פאַפאַרעטשנע גאַס און פאָטאָגראַפירט אַלע יידן, מענער און פרויען — אַלע מיט מחזורים. שוין 18 יאָר ניט געזען אָט די סצענע. גייענדיק צוריק, זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען די ציזלינגס, אָפּגעשטעלט זיך און אַריין צו באַדאַנע שמואל חיימס; געזען חדש (דעם לערער), וועלכער איז שוין געווען זייער בלינד, און נאָך אַנדערע און אָפּגעשטעלט זיך ביי די קורענעצקעס, פון דאָרטן ווידער אויף טיי צו פייגל פּערסקי, פרומילס שוועסטער. נאָכן דאַוונען נעמט מיך יוסף אַהיים.

## דינסטיק, 7טער סעפּטעמבער

מיר זיינען אין בית־המדרש, מיר שטייען נעבן נאַטיל דאַנישעווסקין, ער פרעגט זיך אויף מיין שוואָגער אייב לעווין און אויף מיין שווער בערל יאָסל ביי־ראַך. איך קריג ווידער מפטיר. איך הייס מאַכן „מי שבירכס" דעם בית־מדרש, די העברעישע און די יידישע שולן, די תלמוד־תורה, דעם בית־יתומים, „גמילת־חסד" און „לינת־הצדק". מער אַנשטאַלטן זיינען ניטאָ. איך גיב ח״י גילדן פאַר יעדער אינסטיטוציע. געזען ביים דאַוונען די מעכאַניצקיס, פּרץ כץ, אַלטער בע־קער, סאַלאָמאָן גרופּ, נאַטל טאַבעריסקי, חיימל בעקער סאַלאָמאָן מיאַסניק א״אַ. נאָך מיטאָג גייען מיר צו ציפּעס אַלגעטשושקעס אַ טאָכטער. מיר גייען פון דאָרטן צו אברהם אליאַנסקי — דער פּאַוויאַזער, אַמאָליקער גוטער פריינד צו דער בייראַך־פאַמיליע. פון דאָרטן שטעלן מיר זיך אָפּ ביי די זיסקאַנדס און מעו רופט שנעל צוזאַמען די גאַנצע פאַמיליע. מיר האָבן נאָך געהאַט אַ וויזיט ביי ראַליען אויף „לאַטקעס".

## מיטוואָך, 8טער סעפּטעמבער

היינט איז צום־גדליה. מיר מאַכן אַ וויזיט אויפן בית־עולם. אָפּגעגעבן כבוד די טויטע אויפן בית־עולם, דערוואַרטן אונדז שוין אַ מחנה אָרעמעלייט. צוגע־רופן שמעון־דודן, וועלכער מאַכט הזכרות און געהייסן מאַכן אַן „אל מלא רחמים" פאַר יעדן באַזונדער. געגאַנגען באַטראַכטן אַנדערע קברים, צווישן זיי פון ר׳ נתן לעווין. מען דאַרף זיי אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. די בעטלער האַלטן אויג אויף מיר זיי האָבן מורא, איך זאָל זיי ניט איבערלאָזן. מען האָט מיר געגעבן אַן עצה, איבער־צוגעבן דאָס געלט צו איינעם — ער זאָל צעטיילן צווישן די איבעריקע. אַזוי האָב איך געטאָן. און זאָלן נאָך מקוים ווערן די ברכות, וואָס זיי האָבן אונדז מיטגעגעבן.

## דאָנערשטיק, 9טער סעפּטעמבער

היינט איז אַ גרויסער מאַרק — דאַרף מען אַרויסגיין און פאָטאָגראַפירן. שוין לאַנג אַזעלכעס ניט געזען. אַ גרויסער טייל פון אָשמענער יונגוואַרג פאַרנעמט זיך

מיט האַנדל, מען וואַרט אַ גאַנצע וואָך אויפן מאַרק. אַנדערע בעלי־בתים גייען אַרויס איינקויפן פאַר די וואָך־באַדערפעניש. אַט גייט טאַקע סאַלאַדוכע דער פעלדשער מיט אַ גאַנדז אונטערן אָרעם. איך פאָטאָגראַפיר אים. אַט גייט קוציע־וויצקי דער שניידער, שטעלט זיך אָפּ ביי אַ וואָגן און טאַפּט אַ הון. קוריניעצקי טראָגט אַ זאַק תבואה אויף דער פּלייצע. די קאָנקורענץ איז גרויס. ער האָט מורא, אַז מען זאָל אים ניט אויסכאַפּן, שלעפּט ער עס שנעל צו זיך אין הויז. ביי איתמר שיינבערג אין קראָם שטייען אַ סך פּויערטעס און מען דינגט זיך. קיין וויזיטן זיינען היינט ניטאָ — אין אַ מאַרק־טאָג זיינען אַלע פאַרנומען. אין אָונט פאָר איך אַליין קיין סמאַרגאָן, ווייל סעלמאַ איז זייער מיד, מען פאָרט מיט אָמני־בוסן. איך קום ווידער קיין אָשמענע — 10 אַ זייגער האָב איך אַ צוזאַמענטרעף מיט דער יידישער שול, פאַר וועמען די אָשמענער האָבן געשיקט 25 דאָלאַר. זיי האָבן געבעטן, איך זאָל זיי אָפּגעבן אַ באַריכט, דאַרף מען זייער פאַרלאַנג דערפילן. 10 אַ זייגער קומט חיימל בעקער, אַן אַמאָליקער בונדיסט, און היינט זייער טיכטיק אין דער יידישער שול. די געביידע געפינט זיך אויף באַרונער גאַס. די איבעריקע באַאַמטע באַגעגענען אונדז. זיי זיינען: מאָטל סאַלאַדוכע און יודל רעזניק. זייער אויפגאַבע איז צו זען, אַז ווען די קינדער ענדיקן די שול (צו 14 יאָר) זאָלן זיי זיך נעמען צו אַ פאַך. עס ווערט דאָרט אַלץ געלערנט אין יידיש. עס האָט מיר זייער הנאה געטאָן, זעענדיק ווי קינדער פון אָרעמע עלטערן לערנען פאַרשידענע לימודים. איך האָב זיך דאָרט פאַרזאַמט צוויי שעה. שפּעטער בין איך און מייציק, מיין שטענ־דיקער באַגלייטער, אַוועקגעפאָרן צו דוד בעקער אין הייפל, דורכגערעדט זיך מיט דודן, מערלען, שייען און אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים. די אַמעריקאַנער האָבן געשיקט די פאַר דאָלאַר האָט מען דאָ איזוואָשציקעס, אויטאָמאָבילן פאַר פראַקט, עלטערן גיבן אויס זייערע טעכטער, אַ ביסל נדן גיט מען גלייך, און אַ ביסל — זאָגט מען צו. קומען צו אונדז מענטשן און פרעגן זיך נאָך אויף שוועסטער, ברידער און קרובים פון וועלכע זיי האָבן שוין לאַנג ניט געהערט. ביינאַכט זיינען מיר געווען איינגעלאַדן צו די ציזלינגס. אַלע דריי שוועסטער האָבן זיך זייער ווייניק געענדערט, זיי האַלטן אַ שפּייז־קרעמל.

**שבת, 11טער סעפּטעמבער**

מיר האָבן היינט אַ צוזאַמענטרעף מיט די „אַפּיסערס" פון בית־יתומים. עס וואַרטן אויף אונדז קלמן שרירא, חנה שניידער און עס קומט סאַלאַדוכע דער פעלדשער. מען גיט מיר איבער אַ באַריכט און איך פאַרשרייב אַלץ. אַמעריקע שיקט 100 דאָלאַר מאָנאַטלעך (עס קאָסט 150 דאָלאַר — דאָס איבעריקע זאַמלט מען). גייט טאַקע אַרום קלמן שרירא איבער די קראָמען און הייזער און אחינו בני ישראל העלפן אַרויס. 3 אַ זייגער האָבן מיר זיך צו טרעפן מיט סענדער פּאָטאַשניק, אויך זיין ברודער איז געקומען מיט זיין פרוי, פאַרברענגט מען ביי אַ גלעזל טיי.

**זונטיק, 12טער סעפּטעמבער**

היינט פרי גייען מיר צו דער תרבות־שול, דאָס איז די צווייטע שול, וווּ מען לערנט אַלץ אין העברעיש (אַחוץ דער פּוילישער שפּראַך). צוויי פון די לערער

זיינען: פאַליע גערשאַטער (ראַליעס מאַן) און דער צווייטער — נחמיה פּערסקי. דאָ לערנען זיך שוין באַלעבאַטישע קינדער, איז טאַקע ניט קיין ווונדער, אַז די מערסטע יינגלעך און מיידלעך אין אַשמענע רעדן העברעיש. איך האָב זיך צוגע־הערט צו עטלעכע לעקציעס. יוסף גאַלעמבאַ, וועלכער איז דער טוער פון „תרבות", נאַטירלעך נאָר אַ כבוד־אַמט, האָט זייער אַ סך ענערגיע און צייט אָפּגעגעבן צו מאַכן עס פאַר אַ שול, מיט וועלכער מיר יידן קענען זיך ניט שעמען. די לערער נאַטירלעך טוען אויך אַ סך, זייער געהאַלט איז קליין. עס זיינען דאָ 7 לערער. איך האָב זיך צוגעהערט צו די לעקציעס. אין אָוונט זיינען מיר איינגעלאַדן צו סאָניע מיאַסניק. עס איז גוט צו זיין אַ גאַסט. פון זיי זיינען מיר אַריין צו די מיליקאָווסקיס און טרעפן דאָרט עלטשיק קאַמען. ער האָט זיך זייער געענדערט, אָבער נאָך תמיד פריילעך.

## מאָנטיק, 13טער סעפּטעמבער

עס ווערט נעענטער צום אָפּפאָרן. מיר האָבן נאָך צוויי וויזיטן צו באַזוכן. 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג גייען מיר צו סטרוגאַצן, מיר נעמען אַ דראָזשקע צוזאַמען מיט יוסף און מאירקען. מען דערוואַרט מאַדאַם סטרוגאַץ, זי דאַרף אָנקומען פון ווילנע — זומער וווינען זיי אין הייפּל, עס איז אַ גוטע דאַטשע, ווינטער — אין אַשמענע. ער פירט אונדז באַווייזן זיין גאָרטן. עס קומט אָן סאָניע, זיין פרוי און זון, מיט זייער אויטאָמאָביל פון ווילנע.

## דינסטיק, 14טער סעפּטעמבער

היינט איז ערב יום־כיפּור, און ווער געדענקט ניט אָט דעם טאָג אין אַ קליין שטעטל אויף יענער זייט ים. איך בין שוין טאַקע 18 יאָר אַוועק פון אָט דער אַטמאָספער, אָבער עס איז גענוג אויפצושטייז אין דער פרי, און מען דערמאָנט זיך גלייך ווו מען איז. אַ האָן קרייט, דאָרט שטייט ראובן און שלאָגט „כפּרות". אָרעמעלייט קומען — היינט איז אַ טאָג פון צדקה, נדבות, אויסלייז־געלט. אין גאַס איז שטיל. איידער מיר גייען אַרויס, זאָגט מיר מיין מאַמע, אַז איך זאָל קומען אַהיים 12 אַ זייגער, מען עסט היינט פרי. מיר גייען אַרויף צו צביה שמואלזאָן — זי איז דאָ מיט אַ טאָכטער — מען קלייבט זיך קיין פּאַלעסטינע. זי איז געווען אַ גוטע פריינדין פון מיין שוויגער, ווייל דערפאַר פלעגט זי אָפּגעבן איר אַ וויזיט. מיר שטעלן זיך אָפּ ביי שמואל לערנער. איך דערמאָן זיך ווי אונדזער טאַטע ע"ה פלעגט בענטשן די קינדער פאַרן גיין אין שול, עס פלעגט אָנפאַלן אַ שרעק, אַ פּחד, מען פלעגט ציטערן פאַר דער טויטער שטילקייט, עס איז דער יום־הדין. מיט שווערע געדאַנקען קומט מען אָן אין בית־מדרש. גרויסע ווייסע ליכט ברענען איבערן גאַנצן בית־מדרש. ווו איז אַרקאַדיע אַבעלאָוויץ, מאיר קאָזלאָווסקי, בנימין באַ־ראָווסקי, גורוויץ דער פעלדשער די באַגאַדעס, זעליג גאָלוב, דער אַלטער באַ־גאַד, אידל ציזלינג, מנשה שמואלזאָן און נאָך און נאָך. יונגע, נייע אויפגעקומענע, האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער. וועלן זיי גיין אין זייערע דרכים? חאָנע שניידער קומט צו צום עמוד. ער הוסט זיך אויס, כראַקעט צו אַ ביסל, עפנט דעם גרויסן

מחזור. ער איז פאַרטיק. איתמר שיינבערג איז מען מכבד מיטן אַרויסנעמען ד תורה. ער הייבט אָן כל־נדרי, דער עולם העלפט אים אונטער. דוכט זיך גאַר קיינע ווערטער, אָבער וואָס פאַראַ שטאַרקע באַדייטונג פאַר די אָנוועזנדיקע.

## מיטוואָך, 15טער סעפּטעמבער

היינט איז יום־כיפור, קיינע באַזוכן. אויפן שול־הויף גייען אַרום יונגע באַ־לעבעסלעך מיט די טליתים און שמועסן. עס אָרגאַניזירן זיך קיפקעלעך. זיי האָבן שוין צופיל געדאַווענט, כל־נדרי איז שוין אָפּגעזאָגט, על־חטא האָט מען שוין געשלאָגן.

אָשמענע פּראָגרעסירט: מען האָט שוין אינסטאַלירט אַ ווענטלאַטאָר, אָבער עס איז אינעווייניק גאַנץ הייס. גייט מען אַרויס שעפּן אַ ביסל פרישע לופט. שפּעטער קומען אַהיים רבקה דעאול (רבקה קאַרפּ) מיט איר 14־יאָריקער טאָכטער. עס ווערט פינצטערלעך, מען דאַרף גיין צוריק אין שול. מיכל דער מלמד דאַוונט מנחה. איך דערמאָן זיך, אַז דער מפטיר־יונה פלעגט שטענדיק געהערן צו שלמה באגאד. קריגט ער עס איצט אויך אין מאָסקווע, אין סאָוויעט־רוסלאַנד? מען הייבט שוין אָן נעילה. עס דאַוונט שוין אַ בעסערער בעל־תפילה. ער ענדיקט, מען בלאָזט שופר — „לשנה הבאה בירושלים״.

מען קומט צו אונדז, אָבער ווער האָט צייט, מיר הייבן זיך אָן צו פּאַקן — מיר פאָרן אָפּ מאָרגן פרי. אונדזער פּאַקן ווערט אַלע ווילע איבערגעריסן פון באַ־קאַנטע, וועלכע קומען זאָגן אונדז אַ „זייי־געזונט״. מיר פאַרברענגען ביז שפּעט אין אָוונט.

## דאָנערשטיק, 16טער סעפּטעמבער

ווי עס לויפט די צייט! שוין באַשטעלט די שיף, געקראָגן אַ פּאַס, אַראַנזשירט דאָס געשעפט, מען זאָל קענען רואיק אַוועקפאָרן. עס איז גוט צו האָבן אַזוי פיל גוטע פריינד. עס איז טאַקע פריילעך אויפן האַרצן, מען געזעגנט זיך מיט זיי, דוכט זיך נאָך אַ סך מענטשן ניט געזען, אפשר צו ווייניק אין הויז געשטאַנען, ניט גענוג זיך דורכגערעדט מיט אַלעמען.

10 אַ זייגער זיינען מיר אין ווילנע. עס באַגעגענען אונדז סעלמאַס מומע און פעטער. מיר פאָרן אַריין אין האָטעל „איראָפּאַ״. עס קומען צו גיין שפּעטער ראָזאַ באַראָווסקי (ישראלס טאָכטער). מיר גייען עסן מיטאָג אַלע צוזאַמען, ביי נאַכט פאָרן מיר אָפּ קיין וואַרשע. אין וואַרשע באַזוכן מיר יעקב שיינבערג (שווערלעך צו דערקענען), אויך מיך האָט ער ניט אַזוי לייכט דערקענט. מיר פאָרן ווייטער. אָפּגעשטעלט זיך ביי די שמידס, רחל שמידס שוועסטער, און מיר פאָרן ווייטער, דאָס מאָל — צו בנימין גאָלוב. ער איז אָבער ניט געווען אין הויז, מיר דערוואַרטן ראָזאַן, גערופן זי דורכן טעלעפאָן, צוגעזאָגט קומען 7 אַ זייגער. מיר זיצן ווי אויף שפּילקעס. עס קומען אַריין איר שוואָגער, די שוויגער און סתם שכנים, אַ שכנה האָט אַריינגעבראַכט אַ גראַמאָפאָן... אָבער שוין איינמאָל אַ קאַטאַרינקע, אָנגע־שטעלט אַ הייזעריקע פּליטע, און אַ חזן האָט אָנגעהויבן צו קרייען.

פונקט איז אָנגעקומען בנימין, אַלע זיינען געווען צופרידן וואָס מען האָט ניט געוואַרט אומזיסט, און ער האָט אונדז באַגלייט צום צוג. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי בערמאַנען, סאַניע לערנערס אַ מומע. צום צוג זיינען געקומען ראובן שפּירא, שלמהקע פּערסקי, ראָזאַ באַראָווסקי מיטן ברודער און אויך פאַניע שרירא. ראָזע מיטן ברודער און אַלטע מיטן מאַן זיינען מיטגעפאָרן, עס קומט יעקב שיינעברג.

**פרייטיק, 17טער סעפּטעמבער**

מיר זיינען אָנגעקומען קיין וואַרשע 7 אין דער פרי. סעלמאָס מומע ריבל מיט איר מאַן אהרון קומען אונדז ווידער באַגעגענען, מיר פאָרן צום האָטעל „אָנגעלסקי״. מיר פאָרן אָפּ פון וואַרשע 3 בייטאָג און קומען אָן קיין גדיניע 10 אין אָוונט.

**שבת, 18טער סעפּטעמבער**

אויף דער שיף „בריטאַניאַ״. מיר פאָרן 3 און אַ האַלבן טאָג. דאָ אויף דער שיף הערט מען אַ סך רוסיש רעדן, 90 פּראָצענט פון די פּאַסאַזשירן זיינען פון אחינו בני ישראל, אָבער זיי ווייזן דאָס ניט אַרויס. מיר האָבן אויך גערעדט אַ ביסל רוסיש און אָפּגעפרישט אונדזער אַמאָליק לשון.

**זונטיק 19טער סעפּטעמבער**

אָנגעקומען קיין קאָפּענהאַגן, זיך אָפּגעשטעלט אויף דריי שעה. מיר שטעלן זיך אָפּ נעבן דער ייִדישער סינאַגאָגע, דער שמש ווייזט אונדז די שול. 5000 ייִדן אין קאָפּענהאַגן, ער באַווייזט די סוכה. אַ ייִד שטייט אין פענצטער און שאָקלט אַ לולב מיט אַן אתרוג אין האַנט. דענעמאַרק, קאָפּענהאַגן און ייִדן. מיר זיינען צוריק אויף דער שיף.

**מיטוואָך 22סטער סעפּטעמבער**

מיר קומען אָן אין האַוור, פראַנקרייך, דאָ דאַרפן מיר נעמען די שיף „נאָרמאַנ־דיאַ״, וועלכע דאַרף אָפּגיין היינט ביי טאָג, מיר געפינען אָבער אויס אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן און אַז זי גייט ניט אַן פאַר שבת.

**שבת, 25סטער סעפּטעמבער**

אין האָטעל באַגעגענען מיר צוויי ייִדישע עלטערע פּרויען, וועלכע פאָרן קיין ניו־יאָרק זיך זען מיט זייערע קינדער. זיי זיינען הילפלאָז צוליב דער שפּראַך. מיר זאָגן זיי צו אַרויסצוהעלפן און מיר נעמען זיי טאַקע אונטער אונדזער שוץ. מיר פאָרן אָפּ צוזאַמען צום פּאָרט. 3 אַ זייגער גייט אָפּ די שיף און קומט צומאָרגנס קיין ניו־יאָרק.

י. בערקמאַן / תל מונד

# מיין שולד

זכרונות, זכרונות פון חרובע היימען,
פון לעבן פאַרשווונדן אויף וואָגל פון וועגן,
אין שלאָפּלאָזע נעכט טויכן אויפעט אינאיינעם
מיט גליאיקער שולד וואָס פאַרפלייצט אַלע ברעגן.

ווער ווייסט וויפל טרערן איך האָב שוין פאַרגאָסן
פון איר כאָטש איין שטויבעלע נאָר אָפּצוואַשן.
פון רחמים דער קוואַל, אָ, פאַר מיר איז געשלאָסן —
מיין שולד שטאַרצט אַרויסעט פון חורבות און אַשן...

פון חורבות און אַש פון מיין שטעטל פאַרוויסטן,
ווו יידישער נוסח דעם צלם ס׳פאַרשאָטנט,
פון טלית צעפליקטן, אין געטאָ, אין מיסט און
פון קינדערשן שיכל, כמעט ניט געטראָטן...

ווי ביליק, אַמאָל, כ׳האָב באַטראַכט אייער דויער,
אי טאַטעס און מאַמעס צו נעכטנס געבונדן,
מיט פרייד כ׳האָב געשטעלט זיך פון יענער זייט טויער
און טראָציק פאַרזען — איך פאַרטאָפּל אייך, וווּנדן.

עס האָבן געלאָקט מיך באַזוניקטע רוימען,
חלומות פון פרייהייט מיך האָב פאַרשוואָרן;
פון שולהויף צעבראָכן איך האָב אַלע צוימען,
אָן ווי זיך צעשיידט מיט דער אַלטער גמרא...

פאַראַקערט מיין בייט כ׳האָב אין וועלטלעכע ספרים,
און פרץ אין יידיש מיין בלוט האָט פאַרזאָדן;
געגלויבט, אַז פאַרוואַקסן עס וועלן די קברים
ווען רויטער פרימאָרגן ט׳באַהעלן דעם באָדן...

און היינט, ווען שוין צענדליקער פרילינגס עס זיינען
פון מיר אָפּגעפאַלן — פאַרוויאַנעטע בלעטער —
פאַרנעם איך פון גריבער נאָר קולות וואָס טענהען —
געקנסט האָסט אַ לעבן פאַר פרעמדע גאָר געטער...

אין דיר בענקט ביז היינט למנצח בנגינות
פון שבת־פּאַרנאַכטן אין קלויזן צעזונגען;
און נאָס ווערט דיין אויג פונעם ניגון פון קינות,
פון חסידישן וואָלאַך דיין האַרץ ווערט צעשפּרונגען.

„איז וואָס, זאָג, געטאָן האָסט פאַר זכר פון עדה,
וואָס האָט דיר אַ פּנים געגעבן, געשטאַלטיקט,
שוין איצט נאָכן פירן זיי צו דער עקדה
נ׳אַפילו דער שאָטן פון זיי איז פאַרגוואַלדיקט?...

ווו איז די מציבה וואָס דו׳סט אויסגעשמידט אונדז
אויף דורות צו לאָזן אונדז טיף אין זכרון?
באַזינט ניט דער אומקום די גרין־גרינע בליטן
בלייבסטו אָפּגעשמדט — אַ פאַרטריקנטער דאָרן!"

איך ליג איינגעדרייט, ווי כ׳וואָלט ליגן אַ הוילער
אין עדה באַטליתטע יידן, אין מיטן,
און שטום. כאָטש אַ כליפּע אין בלוטן זיך קוילערט,
ווי עמיץ פון מויל וואָלט מיין צונג אויסגעשניטן...

# אזוי ווייזט שוין אויס...

אַזוי ווייזט שוין אויס ווען מיר נאָכגיין יאָר־ אויס און יאָר־איין
אַ קלעמונג וואָס נעכטיקט אין מיר באַלד אַ גאַנצן שוין דור,
אַ קלעמונג וואָס פינצטערט געהיים אויך אין לוסטיקן היינט
און ווישט אָפּ אַ לעצטן אויך שמייכל פון מיין גרויער וואָר.

עס טרעפט גאָר ניט זעלטן איך שפּאַן מיט אַ הייטערדיק אויג,
פאַרבליפט ווי אַ מאָלער אַ יונגער אין פאַרביקן רוים,
ווי פלוצלינג, אָ, מאַמע, כ׳דערזע ווי דיין רוקן זיך בויגט,
אַ בעזעם אין האַנט, אינעם געטאָ, באַוועגן זיך קוים...

כ׳בלייב שטיין. אַן אַננאָמענדיק ווייי שפּיזלט דורך מיין געמיט,
מיין לייב ווערט צעקוועטשט, ווי אין קלעם פון אַ שטאָלענער שפּין;
כ׳שטום אויס אַ געשריי, וואָס די זיילן פון יועלט ער צעשיט
און טרייסלט דעם כסא־הכבוד פון דיר, אלוהים...

אַ וויי, פונקט ווי טיטוסעס יתוש, אַן אויפהער ער נאָגט
אין בלוטן, געביין, אין געהירן בייטאָג און ביינאַכט,
דער ווייי פונעם זיכער וואָס טשאַטעט אויף יעטוועדן ראָג
אַנטקעגן דיין זינדיקן זון וואָס ט׳פאַרלאָרן דיין שליאַך.

דער זיכער, אַז ער האָט געגנוג ניט דיין כבוד געשוינט,
געלאָפן פון טויט, אַן דיין ברכה, פון פלאַמיקן רויך,
כאָטש דאָס איז מיסתמא געווען דיין טרייסט און דיין טרוים —
אַ קדיש וועט בלייבן נאָך דיר און אַ יאָרצייט־ליכט אויך.

נאָר איך, ווי אין חיבוט־הקבר, באַגומען פון גרויל,
כסדר איך טראָג אויס די לאַסט פון פאַרפאַלן געמיט —
ניט איך האָב געבראַכט דיר צו קבורת־ישראל, מיין קרוין,
איך האָב ניט געהאַלדזט דיך, געטרייע, אין בלוטיקן שניט...

# מיין צער

דערציילן פון מיין טאַטן — וואַש איך קודם מיינע הענט,
איך אייל זיך אָפּגיסן פון מיין געדאַנק דאָס נעגל־וואַסער,
אַ זודיק־הייסע טרער, צוגלייך אַ פייער וואָלט געברענט,
מיין וואָכעדיקע אויג שטימט אָן יום־כּיפּורדיק, עס כשרט.

איך זע ביז היינט נאָך זיינע פינגער פון אַ פידל־ווירטואָז,
זיין הויך־געוועלבטן שטערן אַן עמבלעם פון טיפער תורה,
די לויטערקייט פון זיין געזיכט צעשפּילט אין בלאַסן ראָז,
אין טיף־פאַרבענקטן בליק אַ תּפילה צו דעם בורא...

ווער איינשטיין רואיק, טאַטע, האָט געקענט אין דיין געצעלט
ווען ס׳האָט פאַרהילכט אַ פּלוגתא אים פון רבא און אביי?
און ווען דערגרונטעוועט דעם עיקר האָסט און ס׳ט זיך צעהעלט
דיין אומרו מיט אַ קרעכץ וואָס היילט, איז מחיה?...

כ׳געדענק די טיפע זאָרג וואָס האָט באַהערשט דיין אויג —
ניט זיין, חלילה, פון די זין דיינע ווער שפּינען זאָל דעם פאָדעם,
דיין גאַנצע מי נאָר אויסגעדראָשן שטרוי אַ סטויג?
די קערנער ניט געפאַלן זיינען אויף דיין יידישלעכן באָדן...

כ׳געדענק דיין זאָג ביים לייגן זיך אין בעט, דיין קול געקוועלט
פון וויי, ווי אויסגעפּילט דו וואָלסט דו שליסט דאָ דיינע יאָרן,
„אַבי איך האָב געמיינט נאָך עפּעס אויפטאָן אויף דער וועלט"
ווען אויפטאָן האָט געמיינט פאַרטיפן זיך אין דער גמרא.

אַ לעבן לאַנג איך קלאָג, בסתר שלאָג איך זיך על־חטא,
און קען פון אייגן שולד, פון זיך אַליין כ׳קען ניט אַנטרינען,
וואָס כ׳האָב געשיידט זיך באַ דיין לעבן פון דיין קראַנקן בעט.
כאָטש כ׳האָב געלעבט אַפילו דאַן אין אָפּשיין פון דיין שכינה.

און פּונקט ווי דיך ט׳אין אַלע דיינע טראַכטונגען באַגלייט,
פון פריען טאָג ביז שפּעטער נאַכט, דער שם הוויה,
אַזוי נאָך גייט מיר נאָך אַפילו אין דער גרעסטער פרייד
דער צער, וואָס כ׳האָב געריסן קריעה ניט אין דיין לוויה...

30.12.64

אבא קובנר / קבוץ עין החורש

# הדמעה השלישית

אבא קובנר — משורר ולוחם; נולד ב־14.3.1918. היה בין מפקדי גיטו וילנה וארגן את המרד המזויין שם. לאחר מכן היה ממארגני „הבריחה". הגיע ארצה ב־1945, נתפס ונאסר ע"י הבולשת הבריטית. במלחמת השחרור התגייס לחטיבת „גבעתי". מאז עלייתו לארץ חבר קבוץ עין־החורש.

א.

אמי, יעלה זכרונה, ברכתני לדרך
בעמדי עם שחר ממצמץ על הסף.
כך עמדה מדי בוקר. היא צותני לקום
וללכת. ונתנה ילקוטי על הגב.
ובעודני כורך את ספרי, את פתי
היא מורחת בשמן, לשעה שארעב.
פתי פתי! חרף כל תפילותי הגדולות
עם הפת יצאתי, אל הפת אני שב.
תפילותי בחשאי נשאוני לעבר
המחוז האחר, מעורטל ונכסף
למקום שאליו באים ברוב דעת
ושבים, לעת כלות הרעב.
שלכת שנים. הנה זה הבית —
הנער חוזר, ילקוטו על הגב.

ב.

לא ידעה האם את בנה
עד קראו הקול
לא ברכה את בנה האם
בקומו לפול
היא נשאה אליו ידיה
ואטם אזנו
השכוחה על אם הדרך
זאת אמו.

ג.

הנה באנו אמי לקץ הנדודים,
גם את גם אני עתה בני חורין.
את הגעת למקום משם אין חוזרים.
אני עד לכאן — ומכאן אין יוצאים.
ושנינו, אמי, נתפלל כאחד
שלא ישרף העולם בדמעה שהותרת.

(מתוך ספר השירים „מכל האהבות",
הוצ. ספרית פועלים)

צבי חדש / רמת־גן

# עירי

לך שושלת יוחסין מקדמת דנה,
בתוכך שכן ר׳ מרדכל׳ה הרב.
ואד״ם הכהן גדול משוררי ההשכלה,
אותך הוא אוה למושב.

בית המדרש ובתי הכנסת,
בתי האולפנה ובית היתומים.
בתי עקד הספרים הגמילות החסד,
את שמך פארו באותם הימים.

זכור אזכרכי במלוא זהרך,
את הדר טבעך ותכול שמיך.
איכה נפלת שדודה? איך?
על אבות ובנים וטפיך.

ארור הקלגס שעל ההדק לחץ,
ארור הרובה שאת הכדור שלח,
ארור הכדור שאת הראש מחץ,
ואת הגוף המעונה לשנים פלח.

ולזה הגרמן חית הטרף,
שבידו המאכלת לשחוט ולהמית.
לא אתא המלאך להגיד לו, הרף!
„הרפה מהקרבן וזרוק החנית״.

נתענה ביוב׳ צום ותענית
על אלה שהלכו לבלי שוב, לתמיד!
נספידם ונזכירם אנחנו השארית,
את האב, האם, האח והעמית
שענגם ההוה והמר להם העתיד —
עמוקה החבורה — לעולם לא תגליד.

העניע זיגער-סווירסקי / **תל-אביב**

# מיין שטעטעלע

איך האָב געוווינט אויף דער קרומער גאַס, ד. ה. — אונטער דער באָד, ווי מען האָט עס גערופן, דאָרט האָבן אויך געוווינט דער מגיד, אַ פערד־הענדלער, אַ קצב און אַ הענדלער פון טאַנדעט־זאַכן — אַלע מיט שיינע און גרויסע פאַמי־ליעס. די גאַנצע וואָך האָט יעדער אויף זיין שטייגער שווער געאַרבעט. נאָר פריי־טיק נאָך מיטאָג האָט זיך שוין געפילט דער שבת אין גאַס, יעדער איז שוין גע־פאָרן פון גאַס אַהיים, אויסגעשפּאַנט זיך פון דעם וואָכעדיקן יאָך, די קינדער זיינען אַרויס אין דרויסן אָפּגעוואַשענע, אָנגעטאָענע אין די שבתדיקער קליידער.

פרייטיק צו נאַכט: אין אַלע הייזער ברענען די שבתדיקע ליכט, די מענער שבתדיק אָנגעטאָן מיט די קינדער פאַר די הענט גייען אין שול אַריין, די ווייבער נאָך ליכט־בענטשן זיצן נעבן איינע פון די הייזער אויף אַ הויפן קלעצער, צוגע־גרייט צום אונטערבויען די שטוב, וואָס האַלט ביים איינפאַלן. זיי כאַפּן דערוויל אַ שמועס, וועגן אַן עלטער מיידל, וואָס דאַרף חתונה האָבן, און עס מאַכט זיך ניט קיין שידוך; פון איינע, וואָס האָט צו יונג חתונה געהאַט; וועגן דעם, וואָס די שכנה קאָכט און ווי איינע לעבט מיטן מאַן. זיי וואָלטן נאָך לאַנג געזעסן און געשמועסט, ווען ניט די אָנקומענדע מענער האָבן זיי גערופן אַהיים.

שבת: זומער אין דער פרי נעמען זיך די יידן פון שטעטל גיין אויף פרישע לופט אויף די לאָנקעס. די לאָנקע האָט געהערט צום קריסט בורקאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ הייפל אויפן יועג צו יאַגיעלאָווסצי־זנער וואַלד, דאָ איז ריכטיק געווען אַ גוטער אָפּרו. דער גוטער ריח פון די מאַי־ביימער. די לאָנקע איז געווען באַזעצט מיט הויכע סאָסנע־ביימער, און נידעריקע ווערבע־קוסטעס. עטוואָס ווייטער איז געווען אַ סאַזשעלקע מיט וואַסער, ווו ס'האָבן זיך געהאָדעוועט זשאַבעס. געגנדז פלעגן דאָרט אַרום שווימען, פאַסטעכער פלעגן זייערע סטאַדעס דאָרט אָנ־טרינקען. ווינטער האָט דאָס וואַסערל געדינט צו גליטשן זיך.

אַ ביסל ווייטער איז געווען דער פוילישער מאָגילניק; נאָך ווייטער אונטערן באַרג אַ וואַלד, ווו מען פלעגט גיין רייסן ניס, פּאָזשיאָמקעס, יאַגאָדעס, שוועמלעך, אָדער סתם שפּאַצירן אויף פרישע לופט. מיר פלעגן דאָרט אויך פירן די אסיפות פון „החלוץ" און „השומר הצעיר".

אויף סאַדאָווע גאַס איז געווען דער בית־יתומים, ווו קלמן שרירא איז געווען דער פאַרוואַלטער. נעבן בית־יתומים איז געווען די רעליגיעזע „יבנה־שולע נאָר פאַר יינגלעך; אַ ביסל ווייטער אויף דער זעלבער גאַס איז געווען די „תרבות"־שולע, אונטער דער לייטונג פון חדש ז"ל, ער איז געווען מיט לייב און לעבן אי־בערגעגעבן פאַר דער שולע די לערער זיינען געווען: ה' מיכאל פעלעד (קוצעוויצקי) לעוו, פּערסקי, דער לערער באַקשט (תנ"ך) און נאָך אַנדערע.

עס זענען אויך געווען קורסן פאַר עברית, אָן באַצאָלט, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך נישט־קוואַליפיצירטע לערער, נאָר דורך די געוועזענע שילער פון גימנאַזיע: חיים וואַקס און די צוויי אָלשאַנער ברידער — דאָלינסקי אהרון און בנימין.

כמעט אין יעדער גאַס איז געווען אַ שול צום דאַווענען; אויף סאַדאָווע גאַס — דאָס שוסטערשע קלייזל; אַ ביסל ווייטער — די שנײַדערשע שול, און אויפן שול־הויף — די שיינע גרויסע שול, וואָס מיט איר פּראַכט און שיינקייט האָט זי פאַרלויכטן דאָס שטעטל. אין אָשמענע האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסע ישיבה, וואָס די שטאָט האָט אויסגעהאַלטן.

נאָך דעם ציט זיך דער מאַרק, דעם גרויסן שטח פון מאַרק צעטיילן די על־מערלעך. אַזוי האָט מען גערופן אַ ראָד קליינע געשעפטן, וואָס עס האָבן געפירט בלויז ייִדן, דאָרט האָט מען געקענט קויפן: הערינג, נאָדלען, אײַזן, לענטעס, שפּילקעס צו די האָר, פאַרב, אַ קאָפּטיכל און אַ. וו. דערנעבן זײַנען געשטאַנען די סעמעכעס מיט פרוכטן. דאָנערשטיק איז געווען דער מאַרק־טאָג. דער מאַרק איז געווען פול מיט וועגענער, אויסגעשטעלטע מיט תבואה, חזירים, קעלבער, קי, הינער און קאַטשקעס. מען האָט געקענט פאַרטויבט ווערן פון די פאַרשידענע קולות, דאָ האָט זיך איינער צעשריען, אַז ער פאַרקויפט אַלץ פאַר אַ זלאָטע; אַ צווייטער איז געשטאַנען מיט אַ קאַטאַרינקע מיט אַ פּאַפּוגיי, אַמאָל פלעגט אַדורכפאָרן אַן אויסגעפּוצטע קריסטלעכע חתונה־קאַרעטע צום קלויסטער, פּלוצלינג לויפן אַלע צום וויען: עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַן עראָפּלאַן. קיינער האָט דאָס נאָך קיינמאָל ניט געזען.

יעדע פריידן און ליידן האָט דאָס שטעטל אַדורכגעמאַכט צוזאַמען, אַ שטייגער אַ חתונה: דאָס איז געווען אַ יום־טוב פאַרן שטעטל, אַלע פרייען זיך מיט. מען קוקט אַרויס פון די פענצטער, און ווען עס קומט אָן די קאַרעטקע צונעמען די מחותנים צו דער חתונה אין זאַל אַריין, דאָרט פלעגט מען זיך ווײַלן אַ גאַנצע נאַכט. אַ בדחן (דער געלער חזן) באַזעצט די כלה. דאָס גלײַכן איז געווען בײַ אַ לוויה, דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט דעמאָלט אויסדריקן צער ווען מען פלעגט אַדורכגיין מיט דער לוויה, פלעגן אַלע שליסן די געשעפטן און באַגלייטן ביז האַלב וועג.

עליזה גופשטיין (ליזע קזלובסקי) / ניו־יורק

# אושמינה עיירתי

שלושים שנה חלפו מהיום בו עזבתי את אושמינה עיירתי, מי יכול היה להעלות על הדעת שנפרדת אני ממנה לנצח והגורל יביא אותי לבירת העולם ניו־יורק, מעיירה שישבה על גדות הנחל „אושמינקה" לעיר מוקפת אוקינוס ונהרות אדירים עליהם נישאות אניות מכל קצווי תבל. אך מה הן בשבילי לעומת הסירות הקטנות שהתנדנדו על מימיה השקטים של אושמינקה. מה הזכרונות שישאירו צפירותיהן ושריקותיהן של כלי השיט השונים לעומת חבטות המשוטים שלרגעים היו מפסיקים את השקט מסביב, מה יכולים לספר לי מגרדי השחקים של ניו־יורק לעומת הבתים הנמוכים המפוזרים לאורך רחובותיה הצרים של אושמינה עיירתי שלכל אחד היה תוכן יהודי, ספוג חמימות ומסירות שנוצרו ע"י תושביהם אותם אני מזכירה בחרדת קודש ולא רק בגלל מותם המחריד, אלא גם בגלל חייהם הקשים בסביבה אויבת ודוקא כאן בניו־יורק בה מספר היהודים פי שניים ממספר היהודים בכל פולניה תופסת אני את הגבורה בחיים ההם, את ההקרבה והמסירות שהתבטאו בעזרה לעניים וחולים, בדאגה לחינוך יהודי לבניהם ובהמשכת טווית חוט קיום עמנו למרות השנאה שהקיפה אותנו.

הנה רואה אני לפני אדם, ששמו נשתכח ממני, אדם נמוך, גיבן וגר ברחוב וילנה, עם שקיק הבד בידו מלא מטבעות כסף אותן אסף ביום החמישי, יום השוק, מבעלי החנויות שרבות מהן היו כגודל ארון קטן, והיה מביא לאבי, ישראל קאזלאווסקי ז"ל, שעמד במשך שנים בראש חברת לינת צדק. רואה אני את פניו המאושרים של אבי בידעו שיוכל שוב למלא את בקשת כל חולה עני, רואה אני את פניהם של הנצרכים המביעות תודה לכל אלה שבתרומותיהם השבועיות איפשרו להושיט עזרה לילדם החולה, לבעלם החלש או למקבל עצמו שבקושי הגיע לבקש את החסר לו. ומה היו הקרבנות של חלק גדול מתושביה: חינוך יהודי של בניהם ובנותיהם. אלה לא שלחו את בניהם לבית הספר העממי הממשלתי בו קיבלו חינוך הינם, כי אם הקימו בפרוטותיהם האחרונות בי"ס עברי שהיה למופת בסביבה כולה.

הנה רואה אני את פניהם המודאגים של אנשי ועד ההורים שהיו מתכנסים בביתנו, מאין יקחו אמצעים להקמת כתה חדשה לבניהם שעומדים לסיים את ביה"ס? איפה למצוא מקום לזה? ומצאו פינה אחת בבנין ההקדש להפכו למקום תורה בשבילנו התשעה. מה גדולה היתה הקרבתם, וביחוד לאור העובדה שמסיימי בתי ספר עבריים נתקלו בקשיים רבים בעתיד. מה קדושה היתה עבודתם של האבות והאמהות הללו, בגלל התמסרותם זו יכולה אני לשבת כעת ולהתאחד עם זכרם הקדוש, בזכותם יכולה אני לתרום כעת לחינוך העברי של ילדי יהדות אמריקה, המשמשים לי אור, בעזרתו תלמידי מסוגלים להציץ בחשיכה שעטפה אותם ביחד עם שליש עמנו.

ומי ישכח את האיש שחייו היו קודש לחינוך העברי באושמינה והוא חדש ז"ל, שבילה את הימים והערבים באותו הבנין של ביה"ס שנמצא בסימטה המקבילה

לשוק שמקומו היה באמצע העיירה. הנה רואה אני אותו יושב עם הקונצרטינה ומכין אותנו לנשף חנוכה, ואותם השירים על גבורי עמנו שרה אני כעת עם תלמידי, ובאותה האהבה וההערצה שספגתי בין כתלי ביה״ס לעמנו וארצנו מדביקה אני כעת את תלמידי.

כן, ככה אזכור את אושמינה ותושביה, לא בשממתה, לא בחורבנה ארצה לזכרה, לא מתבוססת בדם תושביה היהודיים וביניהם אחי חיים ואלכסנדר ז״ל. ארצה לזכור אותה כעיירה בה ראו אחי ואחיותי בפעם הראשונה את אור העולם, בה גדלו, למדו ופיתחו את כשרונותיהם הגדולים, בה ישבו אחיותי טניה ומילה והתכוננו לבחינות לאור נר מהבהב, ארצה לזכור את רחובותיה הסלולים שהביאו ערב ערב את הדי צעדי אבי בחזרו מלמוד דף גמרא בבית הכנסת. אזכור אותה מלילות החורף שתושביה עטופי שינה, רק אמי ואבי ז״ל ערים ומקשיבים לשעטת צעדי הסוסים הרתומים לעגלת החורף בה אני ואחי חיים ז״ל חוזרים מוילנה לימי החופש, אזכור את עיירתי כשספוגה היא רוח החגים והשבתות אותם חגגו תושביה. כזאת היא אושמינה שתשאר בזכרוני.



שייט על הנהר אושמינ׳קה
אויספלוג אויפן טייך אָשמינקע

# אשמענע מיין שטעטעלע

30 יאָר זיינען אַריבער זינט איך האָב פאַרלאָזן מיין שטעטל אָשמענע, און ווער האָט דאַן געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז איך געזעגן זיך מיט איר אויף שטענדיק, און דער גורל וועט מיך ברענגען אין דער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק, אַרומגערינגלט פון אַן אָקעאַן און מעכטיקע טייכן, וואָס טראָגן אויף זיך שיפן פון אַלע עקן וועלט. אָבער וואָס זיינען זיי אין פאַרגלייך מיט די קליינע לאָדקעלעך, וואָס פלעגן זיך וויגן אויף די רויִקע וואַסערן פון „אָשמיאַנקע", וואָס פאַר אַ זכרונות וועלן מיר איבערלאָזן די סירענעס מיט די פייפערייען פון די שיפן אַנטקעגן דעם שטילן געראַויש פון די וואַסערן דורך דעם באַריר פון די וויאָסלעס; וואָס קענען מיר דערציילן די וואָלקן־קראַצערס אַנטקעגן די קליינע הייזלעך, אויסגעשפרייט אין דער לענג פון שמאָלע גאַסן, אָנגעפילט מיט יידישן אינהאַלט, פול מיט וואַרעמקייט פון די איינוואוינער, ועמען איך דערמאָן מיט אַ הייליקן ציטער — ניט נאָר צוליב זייער מאַרטירער־טויט, נאָר אויך צוליב זייער שווערן לעבן אין אַזאַ פיינטלעכער סביבה. און דווקא דאָ אין גיגאַנטישן ניו־יאָרק פאַרשטיי איך און שאַץ אָפּ נאָך מער די העלדישקייט פון אַזאַ לעבן, זייער הילף פאַר אָרעמע און קראַנקע, און זייער גרויסע דאגה פאַר דער יידישער דערציאונג.

אָט זע איך פאַר מיר דעם ייד מיט דעם לייווענטענעם טאָרבעלע, פול מיט מטבעות, וואָס ער האָט געזאַמלט פון די קרעמער דאָנערשטיק, אין טאָג פון מאַרק, פאַרן לינת־הצדק. ער פלעגט זיי ברענגען צו מיין טאַטן ז״ל, וועלכער האָט פאַר פיל יאָרן אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער הילפס־אינסטיטוציע פאַר אָרעמע קראַנקע.

ווי גרויס זיינען געווען די קרבנות פאַרן יידישן חינוך, הגם ס'איז געווען אַ פוילישע שול — די קינדער האָבן געלערנט אומזיסט. מיט מאַקסימאַלן אָנשטרענג ווערט אויפגעשטעלט אַ העברעישע מוסטער־שול. ס'ווערט פאַרוואַנדלט אַ קליין צימער אין בנין פון הקדש אויף אַן אָרט פאַר תורה. ווי גרויס זיינען געווען די קרבנות פון אָט די עלטערן אין ליכט פון דעם, וואָס קיין גרינגע צוקונפט האָט ניט דערוואַרט די קינדער, צוליב זייער העברעיִשן לימוד.

ווער קען פאַרגעסן דעם נאָמען פון דעם מענטש, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיין צייט און וויסן פאַר אָט דער הייליקער אַרבעט — חדש ז״ל. אָט זע איך אים מיט די קאָנצערטינע צוגרייטן אונדז צו אַ חנוכה־אָוונט. די זעלבע לידער וועגן אונדזערע העלדן זינג איך איצט דאָ מיט מיינע שילער.

אָט אַזוי וועל איך געדענקען מיין געבורטס־שטעטל אָשמענע: ניט אַ חרובע, וואָס וויקט אין בלוט פון אירע יידישע איינוואוינער, און צווישן זיי — מיינע ברידער חיים און סענדער ז״ל, ווו מיינע שוועסטער האָבן זיך ביי אַ ליכטל געגרייט צו די עקזאַמענס אין ווילנער גימנאַזיע; איך וועל געדענקען די ברוקירטע גאַסן, וואָס פלעגן מיר יעדן אָוונט ברענגען דעם אָפּקלאַנג פון מיין טאַטנס טריט, גייענדיק פון דער שול נאָכן לערנען אַ בלאַט גמרא. איך וועל געדענקען די דאָרטיקע זומערדיקע לופט — אָנגעפילט מיט די שטימעלעך פון די שפילנדיקע קינדערלעך; איך וועל געדענקען די שבתים און ימים טובים. אָט אַזאַ וועט מיין געבורט־שטעטל אָשמענע פאַרבלייבן אין מיין זכרון.

עליזאַ גופשטיין

צבי חדש / רמת־גן

# זכרונות

חלום זהו מושג אשר חולקים עליו, יש הסוברים שהחלום הוא חזיון שוא, הבל־הבלים ותו לא והאמונה בו — מהם והלאה. מאידך סוברים, שהחלום בא כתוצאה מהרהורים או געגועים וכו׳... לאלה נקרא בעלי חלומות ז.א. שהם מאמינים בו בלב ונפש, כגון: יוסף הצדיק — שנאמר עליו „והנה בעל החלומות״... דעתי היא עם האחרונים. אני לכשעצמי מאמין בחלום כפי שתווכחו להלן...

בהקשר להופעת ספרנו, לא פעם הרהרתי אודות אישים ורעים אשר חיו ופעלו באושמינה אך לדאבון לבנו — כי רב הוא — אינם עוד. זכרם לא יפקד ולא יזכר. ולכן אמרתי בלבי, אקדיש שורות מספר לנעדרים, כפי יכולתי וזכרוני. אך טרדות ימי היו בעוכרי. שבוע רודף שבוע, ירח רודף ירח ומאום לא כתבתי. חששתי פן יבולע לי, שמא אחמיץ את השעה הגדולה ולא אוכל להביע את אשר עם לבבי, והנה בימים שבין כסה לעשור השתא, שנת תשכ״א, תקפוני שוב ההרהורים, אולם הפעם ביתר שאת. ואחרי הרהורי היום באו חלומות הלילה, ואני חולם חלום. ובחלומי נמצא אנכי בבית הכנסת בו התפללתי בימי ילדותי... ועתה כתר לי זעיר — ידידי הקורא — והרשני במטותא ממך — למען הדיוק, והשלמת התמונה, לתאר לפניך את מקום בית הכנסת, אחר אגלה לך את סוד חלומי.

בדרך כלל היו כל בתי הכנסת בעירנו מרוכזים במקום אחד. זה היה בנין גדול ורחב מדות, אשר גדר עץ לא גבוהה סגרה עליו וכל המתרומם על בהונות רגליו היה רואה בעיניו את המדרש הגדול. אמצעיתו — עזרת הנשים, אחריתו כראשיתו, שני בתי כנסת ומולך ה„שול״ ועל אותו בית כנסת שמימין ה„שול״ נאמרים דברי אלה.

בין המתפללים הבולטים היו הרב ציזלינג ז״ל, אביהם של חיים וסנדר קוזלובסקי, ר׳ נתן אולנסקי (הקצב) שהיה הקורא. ר׳ הירשל האופה (הירשל דער בעקער) „שליח צבור״ בימי חג ומועד. ר׳ אלעזר ברקמן התוקע שהיה משמיע את תקיעותיו בחן ובטוב טעם ועוד כהנה וכהנה. פרט נוסף, כשהצצת מבעד לחרכי בית הכנסת נתגלתה לפניך הבאר. לימים כוסה פי הבאר והותקנה משאבה — המשאבה חרקה, אך מים שאבו בששון. באותו בית כנסת נתגלה לפני ר׳ הירשל האופה במלוא זהרו. בידו האחת החזיק את ה„קיטל״ ובידו השניה רמז לי להתקרב אליו. התקרבתי, ואחרי שהתקרבתי אליו פנה אלי בהאי לישנא, „שמעתי שהנכם מוצאים לאור ספר זכרון לזכר עירנו, אושמינה, אבקשך אנה, כתוב גם אודותי״. הבטחתי... הקיצותי... זעה קרה כסתה את פני. האמנם? האמנם השפיעו הרהורי היום? לא נשאר לי, אלא איפה, למלא את רצון המת.

### ר׳ הירשל הנחתום (הירשל דער בעקער)

בטבורה של עירנו, לא הרחק מהכנסיה הקתולית מנגד די „עלמערלעך״ — לגבינו — יוצאי אושמינה וילידיה מלה לועזית זו מובנת מאליה, אולם לגבי

צאצאינו היא חידה. ובאם יזדמן ספר קדוש זה לידי יוצאי חלצינו ויהפכו בו, כדאי להסביר להם את פשר מלה זו. ובכן „די עלמערלעך" היו שורה ארוכה של חנויות זעירות ובהן כל מיני פרקמטיא. מול חנויות אלה בבנין גבה קומה — לפי מושג של לפני דור — מצא לו את משכנו ר' הירשל האופה. גם מאפיתו שכנה באותו בנין. בעליו של בנין זה — אם זכרוני לא מטעני — היה מר קובנר ז"ל אביו של אבא קובנר המשורר.

נחתום היה האיש. את מלאכתו לא עשה רמיה. לדברי המאפה שלו יצאו מוניטין בכל העיר בטיבם ובטעמם. חושבני שאין אחד מבני עירנו אשר לא אכל או טעם מהלחמניות, הכעכים, הגלוסקאות וכל מיני העוגות והרקיקים למיניהם, אשר ערבו לחיכנו. שמועות התהלכו, שלא על הכל יכול היה ר' הירשל להתפאר במעשי ידיו, כי העזר כנגדו, — אשתו — אשר נודעה בשמה „רישה די בעקערקע" (רישה האופה) היא, אשר ניהלה את העסק במרץ ובתבונה. כנראה, שר' הירשל לא שש למלאכתו ולכן השליך את יהבו על אשתו. את יומו חלק לשנים. מחצית היום — ההשגחה על העובדים — ולמחציתו — היו עיניו נשואות להשגחה כלל אחרת — להשגחה העליונה. את רוב ימיו בלה בין כתלי בית הכנסת. נמנה בין לומדי „חברה משניות" ואחרון אחרון היה בעל תפילה ושליח צבור בימי ראש השנה ויום הכפורים.

בעיני רוחי רואה אנכי את ר' הירשל עובר על פני התיבה שכולו זוהר וקורן, פניו מעלים סומק מרוב התרגשות ויראה. תפילות „הכל־נדרי" „הנעילה" ו„הנתנה תוקף שלו" מהדהדות באזני למרות שחלף מאז פרק זמן ארוך מאד. כנראה, שתפילותיו הזכות והתמות לא הגיעו אל על ואלהים לא שעה להן. כי גם ר' הירשל הנחתום הובל לעקדה יחד עם בני עירנו. תהי נשמתו צרורה בצרור החיים.

### ר' אהרון סולודוכו החובש

איש גוץ, פנים עגלגלות עם זקן סנטר ושתי עינים טובות המרצדות אנה ואנה והנבטות מחוריהן בעדנה ורוך — אלה הם סמני ההכר של ר' אהרון סולודוכו החובש. דרכו תדיר אצה לו. תמיד שעתו דחקה. כי ר' אהרון צריך היה להביא מרפא וגהה לתושבי עירנו. את כתר הרפואה לא שמו על ראשו אף פעם. פקולטה למדיצינה לא סיים ובכל זאת היו נהירין לו שבילי הרפואה והיה בקי בהם. מי לא נבדק ונרפא על ידיו? החל מהתינוק שבעריסה וגמור בזקני העיר. כלם הכירוהו וכבדוהו בשל טוב לבו והתענינותו בחולה ובזולת.

מעשיה התהלכה בקרב תושבי עירנו על ר' אהרון סולודוכו. והמעשה שקרה כך קרה: כדרכו בקודש נכנס פעם לאחד מבתי העוני של עירנו על מנת לבדוק תינוק חולה. החדר שבו התגוררה המשפחה היה צר מלהכיל את יושביו. בירכתי החדר היה מוטל הרך, כלו יוקד מחום. ר' אהרון מעיף מבט בכל הנעשה בבית: על השלחן הרעוע שנוטה לפול דולקת מנורת נפט שזכוכיתה מפויחת מרוב עשן. בקצה החדר — דרגש שבור ורצוץ ועליו ישבו שני ילדים נוספים וסעדו פת ערבית. פת חרבה עם כוס חמין. ואחרי שעיניו שבעו מלראות את העוני והדלות המרה של משפחה זו, נגש ישר לתינוק החולה בדק אותו במסירות, רשם אי אלו

תרופות ופנה ללכת. אם התינוק עצרה בעדו ותאמר: אדוני, דמי טרחה ועמלה? כמה מגיע לך? „לא כלום", מלמל ר' אהרון, „לא צריך, בפעם שניה". אך האם התעקשה והושיטה לו את פרוטותיה האחרונות. כרעה ברך והתחננה בפניו שיקח. רגע עמד, הרהר, ולא ידע מה לעשות, הלקחת את כסף העני או לא? לפתע, אורו פניו ויען ויאמר: טוב! אקחה! וביד רועדת מגיל הגישה לו את מעט הפרוטות. אך יצא ר' אהרון בחפזה את הבית וקול צעקה פרצה מגרון האשה. בני הבית נבהלו ולא ידעו מה פשר צעקתה. וכשנרגעה קמעא אמרה, הוא החזיר לנו את הכסף, הנה על השולחן ע"י העששית... כן, סמוך למנורת הנפט המפוייחת, על השולחן הרעוע הניח ר' אהרון באופן פלאי את דמי טרחתו. כזה היה ר' אהרון סולודוכו.

בימיו לא שבע נחת. כאיוב בשעתו, כן עליו רבצה אלת ה'. צעיר בניו יהודה, סטודנט לרפואה, מת ממחלת השחפת והוא עודנו באבו. ועוד לא התאושש ממהלומה זו, מתה על פניו אשת נעוריו, בזה עוד לא תמו יסוריו מכאביו. כי כעבר זמן לא רב שיכל את כלתו הלא היא מרים, אשה יפת־תואר ומראה, אשת בנו בכורו פיווה הרוקח. את יגונו זה נשא בחובו בכאב ובשקט עד שיד הכורת לא פסחה גם עליו, על ר' אהרון סולודוכו טוב הלב ועושה הצדקה. יהי שמו מבורך.

(פאַר אַריינברענגען אַ ביסל גרויפּן אין געטאָ, גייענדיק פון דער אַרבעט). אויך בנימין בונמאַוויצן (פון סמאָרגאַן) מיט זיין פרוי, נאָכן אָפּהאַלטן אַ פּאָר טעג, ווערן זיי שבת 12 אַזייגער אויפן בית־הקברות דערשאָסן.

עס איז זייער שווער עפּעס אַריינצוברענגען. די פּוילישע פּאָליציי גיט יעדן געכאַפּטן איבער די דייטשן. מען לעבט אין שרעק, ווייל מען ווייסט ניט, וואָס וועט זיין שפּעטער. קייל פאַרלאָזט די געטאָ און האָט מיטגענומען 4 גוטע פּאַכ־מענער: ראובן טיץ (דער שטעפּער) מיט זיין פרוי און קינד; גדליה קאַגאַן מיט זיין פרוי ליפּשע און 2 קינדער; וועלוול (דער שוסטער) מיט זיין משפּחה און משה קאָלטון מיט משפּחה. די געטאָ ווערט איצט באַוואַכט דורך די ליטווישע פּאָליציי און עס חזרן זיך איבער די זעלבע צרות. ווידער פאָדערט מען פון יידן־ראַט צירונג און פעלץ־מאַנטלען. עס איז שוין באַלד ניטאָ וואָס צו געבן.

דעם 18טן יוני 1942 איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין בית־הכנסת. שלמה גרופּ פון יידן־ראַט איז מודיע, אַז מען פאָדערט אַרבעטער פון געטאָ אין אַ לאַגער מיליגאַני — ביי ניט קיין שלעכטע באַדינגונגען. ער אַפּעלירט צו אַלע יונגע אַרבעטספעיִקע מענטשן, אַז מען זאָל זיך מאָרגן פרי פאַרזאַמלען אויפן הויף פון יידן־ראַט. מיר זיינען פיר אַרבעטערינס: שרה לעווינס צוויי טעכטער און שמואל דעם שטעפּערס טאָכטער, דער יידן־ראַט איז שרעקלעך אויפגערעגט. שלמה גרופּ זאָגט, אַז דער יידן־ראַט דאַרף אַליין אָנזאָגן יעדן באַזונדער. מען האָט געמאָלדן, ווער עס דאַרף קומען. ביי אונדז פאַרשרייבט מען חיענען, און איך גיי פאַר איר. עס קומען ווייניק אויפן פּלאַץ. עס ווערט אַ טומל: מען מוז צושטעלן די צאָל אַר־בעטער, וואָס די דייטשן פאָדערן.

די פּוילישע פּאָליציי ווערט פאַרשטאַרקט און עס ווערט אַ פּאַניק אין געטאָ. מען שלעפּט אַרויס אַלעמען פון די באַהעלטענישן. איך שטיי אַ צעשראָקענע אויפן פּלאַץ. אָט זע איך: מען פירט אויך היענען. מען האָט שוין אויפגעטריבן די צאָל, מען ציילט און צעשטעלט אונדז אין רייען. די פּוילישע פּאָליציי פירט אונדז צו דער באַן, 17 קל״מ פון אָשמענע. אַברהם מינץ איז אין יידן־ראַט; ער גייט אַרויס, אונדז אַ ביסל באַגלייטן. מען פירט אונדז אַרויס פון געטאָ. אַ פּאָליציאַנט פרעגט אברהמען, וווהין ער גייט. ער ענטפערט, אַז ער באַגלייט אונדז אַ ביסל, דער פּאָליציאַנט צעשלאָגט אים דערפאַר און ער קערט זיך צוריק אין געטאָ. די פּאָ־ליציי־לייט באַגייען זיך מיט אונדז אַכזריותדיק; זיי טרייבן און שלאָגן מיט די ביקסן און שיסן אין דער לופט.

אָט ברענגט מען אונדז צו דער באַן, עס וואַרטן שוין דאָרט דייטשן פון לאַגער מיליגאַני. דער שעף פון לאַגער זאָגט, אַז מיר וועלן ניט האָבן שלעכט ביי אים — מיר דאַרפן נאָר פלייסיק אַרבעטן. דער לאַגער מיליגאַני איז אַ גרויסער הויף מיט אַ סך באַראַקן, אינעווייניק — 3־שטאָקיקע פּריטשעס. דער קאָמענדאַנט באַשטימט וויפל פרויען עס דאַרפן זיין אויף אַ פּריטשע. דער קאָמענדאַנט און די בלאָק־עלטסטע נעמען יידישע מיידלעך צו באַדינען. אויף מאָרגן פירט מען אונדז צו דער אַרבעט צו בויען אַ וועג. אַ טייל אַרבעטן ביי שיטן זאַמד אין די וואַגאָנעטקעס, מיר לייגן שטיינער אָדער טראָגן שינעס. די שאַכטמייסטער באַגייען

זיך ניט שלעכט צו אונדז. אָבער די זאָרג וועגן דער היים אין געטאָ נעמט ביי מיר אַוועק די רויִקייט.

נאָך אַ פּאָר חדשים, אַרבעטנדיק אין לאַגער, באַקומען מיר דורך אַ געלעגנהייט טרויעריקע בריוולעך פון געטאָ: מען האָט צוגענומען 500 עלטערע מענטשן פון געטאָ, איינגעשפּאַרט זיי אין אַ שייער און נאָכן אָפּהאַלטן אָן עסן, אָן טרינקען — אַוועקגעפירט אין אַ וואַלד (זיעלאַנקע הינטער אָשמענע) און דאָרט אויסגעשאָסן, די זעלבע קוילן לעכערן אויך אונדזערע הערצער. עס גייען אַוועק טעג. מען נעמט ניט קיין עסן אין קיך. מיר אַרבעטן מיט די לעצטע כוחות און מוזן קעמפן קעגן אונדזער ביטערן גורל.

נאָך אַ געוויסער צייט איז געקומען צו אונדז יעליִן קריינאַוויצעס איידעם — דער יידן־עלטסטער — און מעלדעט, אַז מען ליקווידירט די געטאָ אין אָשמענע. די פאַמיליעס וועט מען ברענגען אין אַ לאַגער. ער הייסט אָנגעבן די נעמען פון אונדזערע פאַמיליעס. יעדער איינער פאַרשרייבט זיין משפחה, עס זיינען פאַרביי עטלעכע וואָכן, און די געטאָ ווערט ליקווידירט; אַ קליינעם טייל פון געטאָ פירט מען אין קאָוונע, און די איבעריקע אין לאַגער מיליגאַנע. עס קומען עטלעכע מאַ־מעס צו זייערע קינדער, שוועסטער, ברידער און יונגע פרויען מיט קליינע קינדער־לעך, מען פרייט זיך, אַז די פאַמיליעס זיינען צוזאַמען. צו מיר און מיין שוועס־טער קומט קיינער ניט. שיינע לעווינסאָן גיט מיר איבער, אַז זיישלען, עלען, פרומלען האָט מען אַוועקגעפירט אין לאַגער קענע. דאָרט אַרבעט לייבעלע דישלס זון. איך מיט מיין שוועסטער זיינען זייער פאַרביטערט, מיר באַקומען אַ צעטל פון עליען. ער שרייבט, מיר זאָלן ניט זאָרגן וועגן זיי; ער האָפט, אַז מיר וועלן זיך נאָך וועגן זען. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער ליקווידירט מען דעם קענער לאַגער. אין דעם מאָמענט, ווען איך דערוויס זיך די טרויעריקע ידיעה, פאַרלאָזן מיך די כוחות. איך ווער קראַנק און ליג 2 וואָכן מיט פיבער. עס ווילט זיך מיר מער ניט לעבן, איין שוועסטער איז מיר געבליבן, היענע. זי האַלט זיך זייער שלעכט; פון צייט צו צייט פאַרלירט זי דאָס גלייכגעוויכט. עס איז מיר ביטער, אָבער איך מוז זיך שטאַרקן. מיין שוועסטער איז זייער הילפלאָז, און אָן מיר וועט זי אומקומען. איך גיי אַרבעטן מיט פיבער, דעם שאַכטמייסטער געפעלט ניט ווי איך אַרבעט. ער זאָגט, אַז אויב איך וועל ניט אַרבעטן שנעלער, וועט ער מיך שיסן. עס שרעקט מיך ניט מער דער טויט. מיין האַרץ איז מיר צעלעכערט פון מיינע צרות. איך קוק אויף מיין איינציקער שוועסטער, ווי זי שטייט מיטן רידל אין האַנט. איך ווער דורכגענומען מיט רחמנות: צוליב דיר, שוועסטער, מוז איך זיך שטאַרקן.

עס קומט אָן דער ווינטער מיט גרויסע פרעסט. אין באַראַק איז שמוציק און קאַלט. מיר קומען פאַרפרוירענע פון דער אַרבעט, מען קריכט אויף די נאַרעס, אָבער ווער קען שלאָפן. עס איז קאַלט, דער שניי גייט אַריין דורך די לעכער פון באַראַק, און די ברעטער זיינען קאַלט פון פראָסט, אַזוי דריי איך זיך אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג באַקומט מען אַ אַביסל קאַווע מיט אַ שטיקל ברויט און מען גייט צו דער אַרבעט, אָבער די אַרבעט אין לאַגער מיליגאַנע ענדיקט זיך. עס ווערט ווידער אַ שלעכטע שטימונג. די עלטערע פרויען וויינען פאר שרעק, אַז מען וועט

זיי שיסן. עס קומט דער שעף פון אונדזער לאַגער און מעלדעט, אַז מיר ווערן אי־בערגעשיקט אין אַן אַנדער לאַגער — יאַנישקי אין ליטע.

מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם נייעם לאַגער יאַנישקי. די פּריטשעס זיינען אויף 3־שטאָקיקע, אַלע לויפן פאַרכאַפּן פּלאַץ. איך מיט מיין שוועסטער און מאַטליע, חנה מישקין, עטעלע אָבעלאָוויץ מיט איר קינד און סאָניע מיאַסניק לעווין לויפן ניט. מיר האָבן אויסגעפונען אַ קליין שטיבל מיט אַ ביסל ברעטער. פון איניקע שמאַטעס האָבן מיר זיך געמאַכט אַ פּלאַץ צום שלאָפן. אָט זיינען צו אונדז אָנגעקומען נאָך אַשמענער: שריל שולעוויצעס מיט צוויי קינדער און איר מוטער דינה; שיינע לעווינסאָן מיט דריי קינדער; רייזל קאָזלאָווסקי מיט צוויי קינדער און עטלעכע פאַמיליעס פון מיכאַלישקע. אַזוי איז געוואָרן פול דאָס קליינע באַראַקל. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער איז אַריינגעקומען קאָנטראָלירן צי עס איז אונדז באַקוועם און זאָגט צו, אַז מאָרגן וועט ער פאַר אונדז מאַכן פּריטשעס. ער נעמט אונדז דורך מיט זיינע גזלנישע אויגן און גייט אַוועק.

פאַרביטערטע זיצן מיר אַלע אויף די ערטער. אָט קוק איך אויף עטלס קליינעם יינגעלע, ווי ער זיצט ביי זיין מאַמען אויפן שויס און עסט מיט אַפּעטיט אַ שטיקל ברויט. ער איז רויק און שטיל אַזוי ווי זיין קינדעריש הערצל וואָלט פילן אין וואָס פאַראַ רוצחישע הענט ער געפינט זיך. צומאָרגנס שטעלט מען אונדז אין די רייען און מען הייסט נעמען רידלען. מען טיילט אונדז איין ביי פאַרשידענע אַרבעטן: ווי גראָבן אָקאָפּעס און לאָדן שינעס אין די וואַגאָנעס. די אַרבעט איז זייער שווער און דאָס עסן — שלעכט. מען באַקומט 200 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ ביסל שיטערע קאַרטאָפל־זופּ. ביי מיטיק־צייט — ווען די דייטשן עסן, — זיינען מיר ניט שטרענג באַוואַכט. מען כאַפּט זיך צו אין אַ נאָענטן דאָרף און שנאָרט עפּעס אויס ביי די פּויערים. אָבער מען דאַרף דאָס גוט אויסבאַהאַלטן, ווייל ווען די רוצחים כאַפּן, איז זייער ביטער. רייזל קאָזלאָווסקי, פישל דעם בעל עגלהס אַ טאָכטער, איז מיט צוויי קינדער אין לאַגער. זי קען ניט צוזען ווי די קינדער הונגערן, אָפּט געלינגט איר צו פאַרשווינדן פון דער אַרבעט, אָבער ערגער איז מיטן קומען צוריק. מען כאַפּט זי אָפּט און זי ווערט צעהרגעט ביז בלוט און דער־נאָך פאַרשפּאַרט אין אַ שטאַל, עס איז האַרצרייסנדיק, ווי די קינדער שטייען נעבן שטאַל און וויינען. אַזעלכע פאַלן קומען פאָר, בפרט ביי מענער; זיי גייען אַוועק אין ווייטערע דערפער און קומען ניט צוריק. קלמן, דער זון פוןביילע גאָלץ (עליע מאַטעס טאָכטער) איז אַוועק און צוריק ניט געקומען. ביילע איז גאַנצע נעכט ניט געשלאָפן און אַזוי לאַנג געוויינט ביז זי איז אומגעקומען. איר זון קלמן איז פאַר־שלעפּט געוואָרן פון אַ ליטווישן פּאָליציאַנט אין אַ צווייטן לאַגער. אַזוי טרעפן פאַרשידענע פאַלן.

איצט רעדט מען אין לאַגער אַז די דייטשן האָבן גרויסע פאַרלוסטן אויפן פראָנט, מען טרייבט זיי צוריק. דער פראָנט דערנענטערט זיך. מען נעמט צו די יונגע רוצחים, די היטערס, און מען שיקט זיי צום פראָנט. אין לאַגער ברענגט מען ליטווישע פּאָליציי. זיי באַגייען זיך זייער שלעכט מיט אונדז. נאָך אַ קור־צער צייט קומט אָן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַלע אַרבעטער אַריבערשיקן אין לאַגער פּאָניעוועזש. נאָך אַ פּאָר טעג אַרבעט מעלדעט מען אונדז, אַז 50 פרויען

בלייבן דערווייל אין לאַגער יאַנישקי, ווייל עס איז נאָך דאָ אַרבעט אויסצוענדיקן. יעלין לייענט איבער די רשימה, אַז איך מיט מיין שוועסטער זיינען צווישן די פופציק. די איבעריקע באַקומען שטיקלעך ברויט, און מען פירט זיי איבער אין לאַגער פּאָניעוועזש. מיר רייניקן אויס די באַראַקן און גלייכן אויס דעם שטח. אַ פּאָליציאַנט זאָגט אונדז, אַז דער פראָנט איז זייער נאָענט, היטלער האָט פאַרשפּילט די מלחמה, און מיר וועלן אין גיכן באַפרייט ווערן, אָבער מיר זיינען ניט זיכער, אויב מען וועט אונדז לאָזן לעבן.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט צען טעג. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער מעלדעט אונדז דער לאַגערפירער, אַז ער שיקט אונדז אין געטאָ שאַוועל (ליטע). אין אַ פּאָר שעה אַרום קומען אָן 2 ס.ס.־מענער מיט אַ לאַסט־אויטאָ און זיי פירן אונדז אין געטאָ שאַוועל. דאָרט האָבן זיי אונדז איבערגעגעבן צום שאַוועלער יידן־ראַט, וווּ מיר ווערן אויפגענומען דורך אַ פּאָר פרויען פון יידן־ראַט. מען פירט אונדז אין אַ צימער, און מיר באַקומען ברויט מיט טיי. שפּעטער דערוויסן מיר זיך, אַז מען ליקווידירט די שאַוועלער געטאָ. די ס. ס.־מענער קאָנצענטרירן אַלע דערבייאיקע לאַגערן אין שאַוועל, און מען שיקט קיין שטוטהאָף. אויף מאָרגן האָט מען געבראַכט אין געטאָ אַ סך מענער, פרויען און קליינע קינדער.

נאָך אַ פּאָר טעג, זייענדיק אין לאַגער, האָט מען אונדז סאָרטירט אין גומערירטע גרופּעס און געפירט צו דער באַן. מיר, די פופציק פרויען און מענער, זיינען צוגערעכנט צו דער שאַוועלער געטאָ. אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר באַקומען פון שאַוועלער געטאָ ברויט און פאַרלאָדנט געוואָרן אין וואַגאָנעס פון בהמות. אויפן וועג האָט זיך דער צוג אַ ביסל אָפּגעשטעלט. ווען איך בין געשטאַנען ביים איינגאַנג אין וואַגאָן, איז צוגעקומען אַ ליטווישע פויערטע און געפרעגט, אויב איך האָב אַ פּאָר שיך. זי ווייזט מיר אַ קעזל פון בערך אַ 400 גראַם. איך גיב איר אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל גיין ווייטער. זאָג מי זי, אַז איך דאַרף ניט זשאַלעווען, ווייל מען פירט אונדז אין די גאַז־קאַמערן. איך שפּיי איר דערפאַר אָן אין פּנים. ווען מיר זיצן שוין אויף די ערטער, קומט אַריין אַ דייטש און פרעגט ווער ס'האָט געשפּיגן אויף דער קריסטין. איך שטעל זיך אַוועק און זאָג, אַז איך האָב דאָס געטאָן און זאָג אויך צוליב וואָס. ער גיט מיר אַ פּאַטש און גייט אַוועק, אַלע זיינען צופרידן, וואָס איך בין אָפּגעקומען מיט אַזאַ קליינער שטראָף.

מיר פאָרן ווייטער און מיין שוועסטער פילט זיך זייער שלעכט. זי רעדט ניט צו דער זאַך; זי וויל, איך זאָל אַראָפּשפּרינגען פון צוג און גיין מיט איר צו אַ דאָקטאָר. עס טוט מיר וויי מיין האַרץ, קוקנדיק אויף מיין איינציק געבליבענע שוועסטער, איך באַוווּנדער זיך אַליין, ווי מען קען דאָס איבערהאַלטן אַזויפיל צרות. מיר זיינען אַרויס פון צוג און איינגעשטיגן אין אָפענע וואַגאָנעטקעס. מיר פאָרן דורך שיינע פעלדער און וועלדער. אַלץ איז גרין און שיין, אָבער עס איז ניט ליב צו קוקן דערויף.

פלוצלינג זעען מיר אין אַ וואַלד צעגראָבענע גריבער, אפשר איז דאָס צוגעגרייט פאַר אונדז... מען טרייבט אונדז אַריין אין אַ הויף מיט אַרומגעצוימטע שטעכעדיקע עלעקטרישע דראָטן. ס. ס.־פרויען מיט גומענע שטעקנס טרייבן

אונדז אַריין אין די באַראַקן, רעכטס און לינקס. אין די באַראַקן זיינען שוין געזעסן אויף דער ערד פיל מענער, פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט. אַ קליין מיידעלע האָט וויינענדיק געבעטן אַ שטיקל ברויט ביי איר מאַמען, אָבער זי האָט ניט געהאַט, איך און חנה מישקין און נאָך אַנדערע אָשמענער פרויען האָבן איר געגעבן שטיקלעך ברויט.

אויפן אַנדערן טאָג האָט מען אונדז צוגעטיילט אויף גרופּעס און געבראַכט אויף אַ זאַמדיקן פּלאַץ, ווו עס שטייען קליינע באַראַקן. אין מיטן געפינט זיך אַ גרויסער באַרג מיט זאַכן. מען באַקומט אַ באַפעל אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע צירונג, נאָכדעם פירט מען אונדז אין באָד, מען גיט זיך אַ שפּריץ מיט אַ ביסל קאַלט וואַסער, אוןביים אַרויסגיין גיט מען אונדז אַנדערע, ניט אונדזערע זאַכן. און דאָס וואָס מיר באַקומען, איז ניט צום מאָס, מיר זעען אַלע אויס ווי משוגעים, אַז די ס.ס.־פרויען לאַכן, קוקנדיק אויף אונדז. צוויי ס.ס.־פרויען פירן אונדז צו אַ פול געפּאַקטן באַראַק מיט ס׳רוב קאָוונער פרויען. זיי פאַרכאַפּן אַלע פּלעצער. איך, מיין שוועסטער, סאָניע מיאַסניק, חנה מאַליע מישקין און עטעלע מיטן קינד בלייבן אָן ערטער. צו מאָרגנס פרי שטייען מיר שוין אין די רייען צו באַקומען 150 גראַם ברויט מיט אַ ביסל קאַווע, פּלוצלינג הערט מען אַ געשריי: אַן אוקראַינקע, אונדזער אַ היטערין, איז געוואָרן געשלאָגן דורך אַ יידישער פרוי פון ליטע. אויב מען קען שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דאַרף מען עס טאָן. די אוקראַינקעס זיינען אויך פאַרשיקטע פאַר פאַרשידענע פאַרברעכנס. זיי זיינען נאָך ערגער ווי די געסטאַפּאָ־לייט. איצט מעלדעט מען, אַז מען זאָל גיין נעמען מיטאָג, יעדער באַקומט אַ שיסעלע מיט אַ ביסל שפּינאַק־זופּ, ניט אַלע האָבן לעפל; מאַנכע גיסן אַרויס די זופּ, ווייל דער שפּינאַק איז פול מיט זאַמד. איצט קומט אַ באַפעל, אַז אַלע פרויען, וואָס האָבן קינדער — און קינדער בכלל — זאָלן אַרויס פון די באַראַקן. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַ צווייטן באַראַק, דער לאַגערפירער האָט דערלויבט זיך צו פאַראייניקן מיט די פאַמיליעס פון די צוגענומענע. אין דריי טעג אַרום זיינען געקומען לאַסט־אויטאָס און מען האָט זיי אַוועקגעפירט. שפּעטער דערוויסן מיר זיך, אַז מען האָט זיי געפירט אין אַ גאַז־קאַמער.

מיר זיינען שוין אַ וואָך צייט אין שטוטהאָף, אויף אַרבעט נעמט מען אונדז ניט. איין מאָל מעלדעט מען, אַז מען פירט אונדז אין אַן אַנדערן פּלאַץ אויף אַרבעט — אין באַראַק 20, צו מאַקסן. מאַקס איז אַ פאַרשיקטער פאַרברעכער פון אוקראַינע. ער האָט אונדז באַטראַכט, אויב מיר זיינען אַלע אין אָרדענונג נומערירט. אין באַראַק באַגעגנט אונדז אַן אונגאַרישער ייד און זאָגט, אַז מיר האָבן געהאַט גליק ביים דורכגיין דעם טויער אַנדערע ווערן גוט צעבלוטיקט דורך מאַקסן ביים אָנקומען. און אויב אים געפעלט ניט, ווי מען שטייט אין דער ריי מיט דער שיסעלע זופּ, נעמט ער די זופּ און גיסט זי אַריין אין פּנים. אַ פרוי איז אַריינגעלאָפן פון אַ צווייטן בלאָק, אַ פאַרווינטע, קוים וואָס זי רעדט. מאַקס האָט דערשטיקט אַ קליין מיידעלע, און די מאַמע פון דעם קינד האָט ער זייער שטאַרק צעשלאָגן. מען ווייס ניט, אויב זי וועט לעבן. די מוטער דערציילט, אַז זי האָט דאָס קינד אויסבאַהאַלטן פון אַלע אַקציעס, און דאָ איז זי אַריינגעפאַלן צו מאַקסן אין די הענט, און זי האָט דאָס געדאַרפט זען מיט אירע אויגן. איך בין גע־

גאַנגען נעמען אַ ביסל וואַסער. צוריק גייענדיק, האָט ער מיר געגעבן מיט אַ גומענעם שטעקן איבערן קאָפּ, אַז איך בין אַוועקגעפאַלן פון ווייטיק.

אָפּזייענדיק צוויי וואָכן אין באַראַק 20, האָט מען אונדז געשיקט אַרבעטן אויף אַן אַנדער פּלאַץ ביים ים. עס איז צוגעקומען אַן אָפּן שיפל צום ברעג, מען רופט אויס די נומערן. ביז מיין שוועסטערס נומער איז ניט דערגאַנגען. איך האָב מורא געהאַט מען זאָל זי ניט אַריינוואַרפן אין ים. מיר איז געלונגען, צווישן אַנדערע פרויען, זי אַריינצושמוגלען אין שיפל. מען האָט אונדז געבראַכט אין לאַגער שטיינגאַרט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער ברענגט מען אונדז אין אַ צווייטן לאַגער. דאָרט איז ז אַרבעט נאָך שווערער און דאָס עסן איז זייער שלעכט. מען גייט זוכן אין די מיסטקאַסטנס עסן, וואָס די קעכינס וואַרפן אַרויס. איך האָב אַ מאָל געבראַכט אין באַראַק אַ פּאָר געפרוירענע קאַרטאָפל, וואָס איך האָב געפונען אויפן פעלד. גיאַניע קאַמיניעצקיס שנור — אַ פיינע און אידעלע נשמה, איז געווען די באַראַקעלטסטע ביי אונדז. זי האָט מיר דערלויבט אָפּקאָכן די פּאָר קאַרטאָפל, אָבער דער געסטאַפּאָ־פירער האָט, ווייזט אויס, דערשמעקט די קאַרטאָפל און איך האָב באַקומען אַ ביטערע שטראָף. מען האָט מיך צעהרגעט מיט אַ שטעקן ביז בלוט. אַ פאַרחלשטע האָט מען מיך געבראַכט אין באַראַק. מיישילס צוויי קינדער (לאהס פון דער טשיינע) באסיל און גדאַלקע, זייער פיינע קינדער, האָבן מיר אַ גאַנצע נאַכט געלייגט שמאַטקעס מיט קאַלט וואַסער צו מיינע ווונדן. צו מאָרגנס האָב איך געמוזט זיין ביי דער אַרבעט ביים גראָבן אָקאָפּעס. מיט מיינע לעצטע כוחות האָט מען מיך געבראַכט און אַריינגעלייגט אין אַ פאַרטיקע אָקאָפּע, אַזוי אַז די פּאָסטנס זאָלן ניט זען. ווען מען האָט די אַרבעט געענדיקט, האָט מען מיך געבראַכט צוריק אין באַראַק. סאָניע קאַרפּ און אַנדערע פרויען האָבן באַשלאָסן מיך צו נעמען אין דער קראַנקן־שטוב. דאָס איז אַ פערד־שטאַל מיט אַ ביסל צעפוילטע שטרוי. די קראַנקן־שוועסטער איז אַ מיכאַלישקער מיידל. זי מעסט מיר די היץ. אַלע קראַנקע, וואָס קענען אַרומגיין, זיינען צוגעקומען זען ווי מיין קערפּער איז געווען צעהאַקט. די קעכינס פון אַנדערע באַראַקן האָבן פאַר מיר געשיקט עסן. זיי האָבן געהערט פון דער ווייטנס מיינע שרעקלעכע געשרייען. איך ליג אַ חודש צייט אין שמוציקן קאַלטן פערד־שטאַל און וויל גערן, אַז דער טויט זאָל קומען וואָס גיכער. אָט ליגט נעבן מיר אַ פרוי, זי דערציילט מיר, אַז זי איז פון ראַטשילדס משפחה. און אין מיטן דערציילן — פאַלט זי אַוועק און שטאַרבט. איצט האָט מען געבראַכט מיין שוועסטער צו מיר מיט געשוואָלענע פיס און מיט דריי אָפּגעפרוירענע פינגער.

עס טומלט זיך ווידער אין באַראַק און מען ווייסט ניט וואָס עס דאַרף פּאַסירן. עס קומט אַריין אַן אונגאַרישע דאָקטאָרקע מיט צוויי ס.ס.־פּאָסטנס. אין האַנט האַלט זי אַ פלאַש מיט סם. מיר שרייען „שמע ישראל" און רייסן זיך די האָר פון קאָפּ. מען וויל אַנטלויפן, מען ווייסט ניט וואָס צו טאָן. איך פרוּוו אַנטלויפן אין אַ קליין צימערל און שטיי אונטער דער טיר. די דאָקטאָרשע איז אַרויס און מיך ניט באַמערקט. עס איז שטיל. מען הערט קיין וואָרט ניט. די ס.ס.־פּאָסטנס

פרעגן ביי דער דאָקטאָרקע ווען זיי וועלן זיין טויט, זאָגט זי זיי, אַז ווען דער גאַז וועט קומען צום האַרץ, וועלן זיי שטאַרבן.

מיין געוויסן פייניקט מיך פאַרוואָס איך בין ניט מיטגעגאַנגען מיט מיין איינ־ציקער שוועסטער, פאַר וועמען דאַרף איך לעבן, אַז מיין גאַנצע משפחה האָט מען שוין אומגעבראַכט? איך זוך מיט וואָס איך זאָל זיך קענען מאַכן אַליין דעם טויט. איך געפין אַ קליין העקעלע און איך דענק, אַז איך וועל דערמיט אָפּהאַקן די האַנט. איך הייב אויף די האַנט און די האַק פאַלט מיר אַרויס. עס לויפט מיר דורך אַ געדאַנק, אַז אפשר איז דער סם ניט קיין גוטער; אפשר האָט מיין שוועסטער ניט באַקומען קיין איינשפּריצונג. איך ווייס ניט וואָס מיט מיר קומט פאָר. אָט הער איך ווי מיין שוועסטער פרעגט: ווו איז לאה. איך צעוויין זיך שרעקלעך, מיר טרעפן זיך ווידער. זי פרעגט מיך, ווו איך בין געווען. איך זאָג, אַז איך בין געגאַנגען נעמען אַ ביסל וואַסער. איך פרעג אַלעמען, ווי זיי פילן זיך. אַלע זיינען שטאַרק הונגעריק. איין פרוי זאָגט, אַז זי האָט געהערט, אַז די דאָק־טאָרקע האָט געזאָגט, אַז עס קען זיין, אַז דער גאַז־סם איז ניט געווען קיין גוטער. אָט פאַלט צו די נאַכט. קיין ליכט אין איז שטאַל ניטאָ. יעדער איז פאַרנומען מיט זיינע ביטערע געדאַנקען. מיר הערן טריט. אַלע ווערן דערציטערט. יעדער גראָבט זיך אין וואַנט, אין די צעפּוילטע שטרוי; אפשר אַ דייטש, און מען וועט אונדז באַלד אַלעמען אויסשיסן?

עס עפנט זיך די טיר און עס גייען אַריין צוויי פּאָליאַקן מיט אַן עמער קאַווע און מיט אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל. זיי זאָגן, אַז מיר זאָלן זיין רואיק, און אַז מאָרגן וועלן מיר זיין פריי. אויפן צווייטן טאָג, 12 אַ זייגער, איז אַריין אַ רוסישער מיליטער־מאַן מיט אַ ביקס. מיר האָבן אים דערקלערט, ווער מיר זיינען, און ער זאָגט אַז מיר זיינען פריי. ער וווּנדערט זיך וואָס די דייטשן האָבן גענומען אַזעלכע אַלטע פרויען. ער זאָגט, אַז איך זע אויס, ווי איך וואָלט אַלט געווען 100 יאָר.

אויף צומאָרגנס נאָך דער באַפרייונג זיינען געשטאָרבן 4 פרויען, צווישן זיי — מיין שוועסטער כיענע ז״ל.

פעסיע קוסטין / אזור שבענה

# אשמענער געטא

דער שטח פון אָשמענער געטאָ האָט פאַרנומען אַ האַלבע גאַס (זאַשטשאַנעק) ביז די גוֹיים אין דער לענג, און די ברייט אַרויף ביז משה דער באַלעגאָלע; אויך נאָכן וואָפּעלניקס גאָרטן ביז דער ווילנער גאַס, אין פון דער דריטער זייט — ביז וואַקס קראָם און אויך זיסקינדס וווינונג.

אין דעם שטח האָט מען אַריינגעזעצט אַלע יידן פון גאַנץ אָשמענע. עס זיינען בלויז געבליבן פרויען מיט קינדער, ווייל די מענער זיינען געוואָרן צוגענומען דעם ערשטן שבת, אידער די דייטשן זיינען אַריין אָפיציעל. אויך פאַר דער אַקציע, איז געווען אַ וויען־אַקציע. מען האָט אויפן וויען אַראָפּגעטריבן אַלע צוריקגעקו־מענע מענער, און אויך פון אָשמענע, אויף וועמען מען האָט אָנגעוויזן, אַז ער איז געווען אַ קאָמוניסט. מען האָט גענומען בערך 300 מאַן.

דאָס געטאָ איז געוואָרן פאַר די יום־טובים. אין דער צייט האָט מען אויך צו־נויפגעטריבן אַלע יידן פון די אַרומיקע דערפער; מען האָט זיי דערלויבט אַראָפּ־צונעמען פון די פעלדער די קאַרטאָפל און די פּאַרזייטע תבואה.

די איינוווינער פון דעם צוגעטיילטן געטאָ־שטח האָבן אויפגענומען די אַריינ־געטריבענע יידן. אין יעדן הויז איז געוואָרן צו פיל מענטשן. ביי אונדז האָט מען אַריינגעזעצט פון דער ווילנער גאַס זעלצערן (דעם בעדער) און ברוידעו־מיט דער פרוי און קינד. אין געטאָ איז געווען אַ פלאַץ, ווו דער יודענראַט פלעגט פון אויסער דעם געטאָ קויפן פראָדוקטן און עס צוריק פאַרקויפן אין געטאָ. מען פלעגט יעדן אין דער פרי צעטיילן מילך פאַר די ניי־געבוירענע קינדער. די פאַרטיילונג איז געווען אין די יאַטקעס.

דער מאַגאַזין, ווו מ׳פלעגט קריגן די פּראָדוקטן, איז געווען ביי שמואל גלעזער אין דער גרויסער וווינונג. דער פאַרטיילער איז געווען יאַשקע (ווישני־בערקעס זון). מענער זיינען געבליבן אַן ערך 20—25, אויסער יונגע יינגלעך. בעתן אַרויסגיין אויף אַרבעט פלעגט מען גלייכצייטיק עפּעס אויסבייטן און מיטן קאָשיק און בעזים אַריינטראָגן אין געטאָ. פרויען פלעגן רוימען די וווינונגען ביי די דייטשן, און אָפּט, ווינטערצייט, שיטן זאַמד אויף די פון פראָסט גליטשיק געוואָרענע גאַסן, ווי אויך קערן דעם שניי פון די שאָסייען.

ביי עפנטלעכער אַרבעט זיינען געווען באַשעפטיקט דערוואַקסענע און אויך אייניקע יינגלעך. צווישן די אַרבעטער זיינען געווען: וויגדערקע סווירסקי, וועלוול (דער שוסטער), מיישקע קאַלטון און יודקע לעווין (נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אָפּגעגעבן אָשמענע צו די ליטווינער, איז די זשאַנדאַרמעריע אַרויסגעפאָרן און זיי מיטגענומען. זיי זיינען אַנטלאָפן אין וואַלד און געפינען זיך היינט צווישן די לעבעדיקע. וויגדערקע האָט פאַרלאָרן זיין מוטער און יונגערן ברודער).

דער יודענראַט האָט שטענדיק געהאַט אויסצושטיין צרות פון די ניט שטענ־

דיקע קאָמענדאַנטן. אַלע ווײַלע פּלעגן זיי קומען מיט פֿאַרשידענע באַשטעלונגען, און די רשימות פֿון די באַשטעלונגען זײַנען געווען זייער גרויסע. דער יודענראַט פּלעגט אַרומלויפֿן פֿון שטוב צו שטוב און בעטן בײַ די יידן, זיי זאָל העלפֿן שאַפֿן דאָס וואָס מען האָט באַשטעלט. מען האָט אַרויפֿגעלייגט אויף יידן אַ קאָנטריבוציע פֿון הונדערט טויזנט רובל גאָלד און מען האָט דאָס געמוזט שאַפֿן.

די דײַטשן פֿאַרלאַנגען זייער אַ גרויסן קוואַנטום שמעקעדיקע זייף און פּאַרפֿום. יעדער איינער האָט געגעבן וואָס ער האָט געהאַט; דעם פּאַרפֿום האָט מען באַקומען בײַ די געוועזענע אַפּטייקער אין גרויסע פֿלאַשן. דאַן האָט מען אָנגעפֿילט די אויפֿגעזאַמלטע פֿלעשלעך, און ווען גרופּ האָט עס אָפּגעטראָגן די דײַטשן, האָבן זיי אָפּגעלאָזן זײַן פֿאַרהאַלטענע פֿרוי און קינדער. די גויים האָבן דענונצירט אין דער זשאַנדאַרמעריע, אַז די יידן האָבן אַ סך טעקסטיל־שטאָפֿן. איז מען געקומען מיט אַ באַפֿעל אַלץ אָפּצוגעבן. די פּאָליציי האָט רעווידירט פֿון שטוב צו שטוב און מיט ביקסן געשטאָכן אין די ווענט, צי עס איז ניטאָ קיין באַהעלטענישן. זיי האָבן גענומען וואָס מען האָט געהאַט, אויך בײַ קרעמער האָט מען געפֿונען און אַרױסגעפֿירט עטלעכע פֿאַרפּאַקטע וועגענער מיט שטאָפֿן.

איין מאָל איז דער דײַטש קייטל געקומען מיט אַ באַפֿעל צו שאַפֿן אַ זילבערנעם פֿוקס. אַזאַ פֿוקס האָט מען אין אָשמענע ניט געקראָגן, איז מען געפֿאָרן קיין ווילנע און באַצאָלט פֿאַר דעם 3000 מאַרק. דעם פֿוקס האָט געבראַכט פֿרידע שעלובסקי, ער האָט איר געבעטן אָנמעסטן, צי עס פּאַסט פֿאַר זײַן פֿרוי. אויפֿן צווייטן טאָג איז ער געקומען „אָפּדאַנקען" פֿאַר דער מתנה. ער האָט זי מיט נאָך 9 מענטשן אַרויסגעפֿירט פֿון געטאָ און אויפֿן אַלטן בית־עולם אַלע אויסגעשאָסן. ניט וויסנדיק די מערדערישע כוונה פֿון דעם דײַטש, האָט פֿרידע געוואָלט מיטנעמען סאָלאָדוכעס קינד (זיי האָבן צוזאַמען געוווינט אין יאָשקע לערנערס וווינונג), נאָר פֿרוי סאָלאָדוכע האָט עפּעס פֿאָרגעפֿילט און דאָס קינד ניט מיטגעגעבן. צווישן די 10 קרבנות זײַנען אויך געווען סטרוגאַטש מיט זײַן פֿרוי און סאָלאָדוכע (דער שמיד), געפֿירט האָט מען זיי באָרוועס ביזן גרוב.

אין געטאָ איז קיין בית־מדרש ניט געווען (עס איז ניט געווען ווער עס זאָל דאָרט דאַווענען). די דײַטשן האָבן געהייסן אַרויסנעמען אַלע ספֿרים און ספֿר תורהס און פֿאַרברענען. איז געוואָרן אַ בהלה. אַלע האָבן עס געכאַפּט און באַהאַלטן אין באָד. נאָר עטלעכע אַלטע ספֿרים האָט מען פֿאַרברענט, כדי צו ווײַזן, אַז מען פֿאַרברענט. אין געטאָ זײַנען אַ סך ניי־געבוירענע ייִנגלעך געוואָרן געמלט דורך אַ מוהל פֿון ווילנע. עס זײַנען דאָ אין דער גרויסער שול פֿאָרגעקומען בערך 40 בריתן. נאָכן נעמען דאָס יונגוואַרג אין לאַגער האָט מען אַרײַנגעטריבן יידן פֿון אָלשאַן, סמאָרגאָן, זשופּראַן און קרעווע און פֿון אַנדערע שטעטלעך. עס איז געוואָרן זייער ענג אין די הײַזער — בײַ 20 מאַן אין אַ שטוב. ס'איז אויך אויסגעבראָכן אַ שריפֿה אין געטאָ, דאָס איז געשען פּונקט בײַ אונדז אין שטוב. דער יודענראַט און די זשאַנדאַרמעריע האָבן געאַרבעט זייער פֿיל, אַז די שריפֿה זאָל זיך ניט פֿאַרשפּרייטן איבערן גאַנצן געטאָ. עס איז דערפֿון בלויז אַראָפּ אונדזער דאַך. שפּעטער האָט מען געבראַכט אַ נײַעם דאַך פֿון אויסערן געטאָ. צו אונדז האָט מען אַרײַנגעזעצט נײַע מענטשן.

דאַן איז געקומען די זיעלאָנקע־אַקציע. עס האָבן דעמאָלט געזאָלט אַוועק־גיין אַלע פרויען און קינדער. נאָך דריי טעג דינגען זיך מיט גענס פּאַרטרעטער, וועלכער איז אַראָפּגעקומען פון ווילנע מיט אַ גרויסער יידישער פּאָליציי־מחנה, האָט מען אָפּגעמאַכט אויף 300 מאַן, צווישן זיי זיינען אַריין די ניי־געקומענע עלטערע מענטשן, פרויען און קראַנקע. די בהלה איז געווען גרויס, מען האָט געכאַפּט יונגוואַרג און זיי פאַרשריבן אַלס דערוואַקסענע מענער.

אין געטאָ האָט זיך דאַן אויך געשאַפן אַן אַפּטייק. אויפן זעלבן אָרט איז אויך געווען אַ תרבות־שול. דאָרט האָט געאַרבעט צימבלער פון סמאָרגאָן. עס איז אויך געווען אַ שפּיטאָל, דער דאָקטאָר איז געווען דאָלינסקי און אידאַ מיכאַניק אַלס קראַנקן־שוועסטער. דאָס שפּיטאָל איז, דאַכט זיך, געווען ניט ווייט פון דער שניידער־שול. עס איז אויך געווען אַן אָפּרו־הויז אין בית־יתומים פאַר ביאַליס־טאָקער קרובים. זיי האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון שטוב און געבראַכט אויף אַרבעט נעבן סאָל. דער יודענראַט האָט פאַראָרדנט, אַז די שוואַכע און קראַנקע זאָל מען ברענגען אויף דערהאָלונג אין דער שטוב, און ווען זיי פלעגן זיך אָפּרוען פלעגט מען ברענגען אַ צווייטע פּאַרטיע, אַזוי ביז דאָס געטאָ איז געוואָרן ליק־ווידירט און צוזאַמען מיט די איבעריקע פון אָשמענע אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר. אויך דאָס בית־מדרש מיט דער גרויסער שול זיינען דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וווין־הייזער און וואַרשטאַטן, ווו מען האָט געאַרבעט פאַר די ליטווינער, ווייל מיר האָבן דאַן געהערט צו זיי.

אין יודענראַט זיינען דאַן אויך אַריין יידן פון סמאָרגאָן, טשאַכטאַך און באַ־דאַנעס, פון דעם יונגוואַרג פון מיליגאַן פלעגן אָנקומען בריוו. אַלע זונטיק זיינען אָנגעקומען צוויי מאַשינען אָנצולאָדן פול מיט פעקלעך מיט זאַכן פאַר זיי אין לאַגער. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז מען האָט גענומען אַרויסשיקן אין די לאַגערן. אויך איך בין אַרויס פון דער ערשטער גרופּע, ווייל מיך מאַמע האָט מיך גענומען צו זיך. איך האָב געהערט, אַז עס איז אויך געווען אַ פּאַרטיע קיין ווילייקע (דאָס האָט געהייסן פאַכמענער) און די איבעריקע האָט מען געשיקט קיין קאָוונע און זיי זיינען אומגעקומען אויף פּאָנאַר.

אידאַ גליק־בערמאַן / חולון

# בעת דער דייטשישער אקופאציע

ווען די דייטשן האָבן באַזעצט אַשמענע, האָט דער קריג געבושעוועט איבער רוסלאַנד. יידן האָבן פאַרלאָרן די האָפענונג אויף שנעלע הילף. די דייטשן האָבן געגעבן אַ באַפעל צו טראָגן אַ געלן מגן־דוד אויף די מלבושים. די פוילישע און ווייסרוסישע פּאָליציי האָבן באַקומען פרייע הענט צו טאָן מיט די יידן וואָס זיי ווילן. זיי האָבן גערויבט, געשלאָגן און געטריבן צו שווערע אַרבעט. דערנאָך זיינען געקומען אַנדערע גזירות. אין אַ שבתדיקן טאָג האָט מען צוזאַמענגעקליבן אַלע מענער, יונג און אַלט אויפן שטאָטישן מאַרק און זיי פריער גוט געפּייניקט, גע־הייסן מיטנעמען רידלעס און זיי אָפּגעפירט צו פוס 3 קילאָמעטער אונטער אַש־מענע, אין דאָרף באַרטעל, און דאָרט זיי אויף אַ שרעקלעכן אופן אומגעבראַכט. קיינער האָט זיך ניט געראַטעוועט פון דער שחיטה. ס׳זענען דעמאָלט אומגעקומען פון מיין פאַמיליע: מיין עלטערער ברודער בנימין, דער זיידע שייע מיאַסניק מיט זיינע צוויי זין: מוליע און סאַלאָמאָן, דוד בעקער, מיין פאָטער אברהם בערמאַן און מיין יינגערער ברודערל ברוך זענען על־פּי־נס געבליבן אין דער היים. ווען די דייטשן זיינען געקומען נעמען די מענער, האָט מען זיי ניט באַמערקט, און אויף מיר מיט דער מאַמען האָבן זיי געמיינט, אַז מיר זיינען קריסטינס.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערע לעבן אין אַשמע־נער געטאָ. מיין פאָטער און ברודער זיינען אַוועק צו גויים זיך אויסבאַהאַלטן, און איך מיט מיין מאַמען און באָבע מערע מיאַסניק זיינען געבליבן אין געטאָ. נעבן אונדז האָבן געוווינט פרומע בעקער מיט איר שוועסטער שרה און אויך פרומע־רחל קאַטשער. עס איז געוואָרן אַ שווערע לאַגע, איך בין געגאַנגען צו די דייטשן אויף פאַרשידענע שווערע אַרבעטן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אַ באַפעל אַרויסצושיקן די יוגנט אין לאַגער. עס איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. ס׳איז ניט געווען קיין ברירה און די גאַנצע יוגנט איז אַוועק. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט ביי סטרוגאַטשן אין הויף. מיר זיינען געווען בערך 100 אַרבעטער. אַ דייטש האָט אונדז געזאָגט, אַז מען שיקט פון דאַנען אין די לאַגערן. איך האָב באַשלאָסן די נאַכט ניט צו גיין שלאָפן אין געטאָ און גענעכטיקט ביי גויים, אָבער ווען מען איז געקומען אין געטאָ מיך נעמען און מען האָט מיך ניט געפונען, האָט די יידישע פּאָליציי געוווסט ביי־וועלכע גויים איך געפין זיך. זיי האָבן צוזאַמען מיט אַ דייטשישן פּאָליציאַנט מיך אַוועקגענומען פון קריסט, אַזוי ווי איך גיי, אָן זאַכן. מען האָט אונדז אַוועקגע־פירט אין לאַגער „מיליגאַני“, 50 קילאָמעטער פון קאָוונע, צו בויען אַן אויטאָ־סטראַדע ווילנע—קאָוונע.

אין אַשמענער געטאָ האָט מען צוזאַמענגעקליבן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך, ווי אָלשאַן, קרעווע, סמאָרגאָן אאַז״וו און געשיקט אויף פאַרשידענע אַרבעטן. עס

האָט ניט געדויערט לאַנג און דאָס אָשמענער געטאָ צוזאַמען מיט די אַרומיקע שטעטלעך זיינען ליקווידירט געוואָרן. מען האָט סאָרטירט רעכטס און לינקס.

אין יאָר 1943 האָט מען אויסגעקליבן די עלטערע מענטשן אונטער אַן אויפזיכט פון דער יידישער פּאָליציי פון ווילנער געטאָ און געבראַכט קיין זיעלאָנקע, 10 קילאָמעטער אונטער אָשמיאַנע. זיי זיינען געוואָרן פאַרשפּאַרט אין אַ שייער און אַ גאַנצע נאַכט געוואָרן געמאַטערט און געפּייניקט. אויף צומאָרגנס האָט מען אַלע מערדעריש אומגעבראַכט אויפן ראַנד פון וועלדל. צווישן די קרבנות זיינען געווען: מערע מיאַסניק, פרומע בעקער און שוועסטער, אויך קאַטשערס פאַמיליע. איך האָב זיך דערוווּסט אין לאַגער, אַז מיין מאַמע האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי קריינאָוויטשן אין הויף און אַזוי אַרום אויסגעמיטן די שרעקלעכע שחיטה. זי איז געקומען אין אָשמענער געטאָ עלנט ווי אַ שטיין און אַוועק זיך באַהאַלטן ביי די גויים. מיין פאָטער, ברודערל און שוועסטער רבקה האָבן זיך ניט געקענט ביי די גויים באַהאַלטן. מיין ברודערל ברוך איז געווען ביי די גויים אַלס פּאַסטעך און געפּאַשעט חזרים. ווען ער פלעגט זיין אויף דער לאָנקע, פלעגט ער זינגען יידישע לידער. דער קריסט האָט מורא באַקומען פאַר זיין גאַנצער פאַמיליע און ווירטשאַפט, און דער פאָטער האָט מיין ברודערל געמוזט אַוועקנעמען. זיי זיינען דאַן אַוועק אין זאַברעזשער געטאָ (נעבן וואָלאָזשין). דאָרט איז געווען אַ ביסל יידן און אויך אונדזער פאַמיליע. מיין פאָטערס שוועסטער מיכליע מיט צוויי קינדער, צוויי ברידער און מיין שוועסטער רבקה.

אין אַ פינצטערע נאַכט — דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1941, איז דאָרט פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע שחיטה. מען האָט די יידן לעבעדיקערהייט געוואָרפן אין פייער. עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבן. לויט קריסטן דערציילן, איז מיין פאַמיליע געווען באַהאַלטן אין אַ בונקער, אָבער די מערדער האָבן אַלע געפונען. די שרעקלעכע שחיטה האָט געדויערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט. די מאַמע איז דאַן געקומען אַליין אין אָשמענער געטאָ. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויס אַ באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַר פון ווילנער געטאָ צו ליקווידירן די געטאָס אויך אין אַלע שטעטלעך. עס איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. מען האָט געטריבן אין ווילנער געטאָ, קאָוונע, עסטלאַנד און נאָך. עלטערן, וואָס האָבן געהאַט קינדער אין לאַגער, האָט מען געלאָזט זיך פאַראייניקן, צו טיילן דעם פינצטערן גורל.

מיין גאַנצע פאַמיליע איז שוין געהאַט אומגעקומען. דעם 27־סטן מערץ 1943 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון קינדער אין גאַנץ ליטע. אויך ביי אונדז איז לאַגער האָט מען אַוועקגענומען אַלע קינדער. מאַמעס זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיט די קינדער צום טויט. דעם טאָג וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן אין מיין לעבן. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין וואַגאָנען און געפירט קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָט מען פון זיי אַרויסגעצויגן דאָס גאַנצע בלוט ביז זיי זיינען אויסגעגאַנגען. אונדז האָט מען דאַן אַרויסגעפירט אין ווילנער ה.ק.פ. אַ טייל האָט מען אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר, ווו זיי זיינען גלייך געוואָרן דערשאָסן, עס זיינען געווען צוגעגרייטע גריבער. מיר מיט דער מאַמען איז געלונגען צו קומען אין ה.ק.פ., אָבער די יידן פון ה.ק.פ. האָבן אונדז ניט אויפגענומען. זיי זיינען געווען דאָרט

פאַרפעסטיקט, און אונדז לאַגערניקעס, דאָס ביסל אָשמענער, ניט געקענטליידן. אָבער אין יוני 1944 איז געווען פאַר אַלעמען דער זעלבער גורל.

אַזוי ווי עס האָט זיך גענומען דערנענטערן דער רוסישער פראָנט און די דייטשן האָבן געהאַט אַ מפּלה, האָט מען אָנגעהויבן אונדז ליקווידירן. יידן האָבן געמאַכט בונקערס און זיך באַהאַלטן. מענטשן האָבן געפּרווווט זיך צו ראַטעווען דורך אַנטלויפן, זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן הויף. עס איז געוואָרן אַ שרעק־לעכע פּאַניק. איך בין צופעליק אַריינגעפאַלן אין אַ בונקער, ווו די ידישע פּאָליציי האָט מיך אַריינגעוואָרפן. איך האָב ניט געוווסט אויף וועלכער וועלט איך בין. איך האָב זיך צעשיידט מיט דער מאַמען אויף אייביק און מער זי ניט געזען. אין בונקער האָב איך געטראָפן אסתרקע זעלצער (היינט פּרובע). ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי שטאַרק גענומען וויינען און פרעגן אויף דער פאַמיליע. אַלע האָט מען אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר און דאָרט דערשאָסן. עס זיינען געווען פיל אָשמענער פאַמיליעס צוזאַמען, אויך מיין מאַמע.

אין בונקער האָבן מיר ניט געהאַט קיין עסן, קיין וואַסער און קיין לופט, מען האָט זיך געשטיקט. ס׳זיינען אויפגעדריסן געוואָרן פיל בונקערס נעבן אונדז, אָבער אונדז איז געלונגען אַרויסצוגיין. איך בין אַרויס און זיך אָנגעשטויסן אויף ס.ס.־לייט. זיי האָבן מיך ניט דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע. איינער האָט מיך עפּעס געפרעגט, אָבער איך האָב ניט געענטפערט. ער איז געווען זיכער, אַז איך בין אַ קריסטין. אין דער צייט האָבן די גוים ראַבירט דעם לאַגער. אַזוי איז מיר געלונגען זיך צו מאַסקירן צווישן די גוים און זיך צו ראַטעווען.

מיט די לעצטע כּוחות, אָן עסן און אָן טרינקען, בין איך אַוועק הינטער ווילנע צו פוס, דורך וועלדער און פעלדער. אויפן וועג האָב איך געטראָפן די רוסישע אַרמיי — אונדזערע באַפרייער. זיי האָבן מיך לעגיטימירט, אָבער איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן, אַז איך בין אַ יידישע. איך בין געבליבן עלנט ווי אַ שטיין און געקומען קיין אָשמענע און נאָך געטראָפן מיין פאָטערס שוועסטער חנה, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן צוזאַמען מיט איר מאַן און אַ זון, וועלכן זי האָט געבוירן אין דער מלחמה־צייט. אין מיין האַרצן זיינען פאַרבליבן אייביקע ווּנדן, ביז מיין לעצטן אָטעם וועט מיטגיין מיט מיר די פּיין פון מיינע נאָענטסטע און ליבסטע אין זייער שוידערלעכן אומקום.

לאה רודאַשעווסקי (געב. אין אָשמענע — געוווינט אין ניעמענטשין)

# אין די נעגל פון טויט

אין יוני 1941 יאָר, אַ פּאָר טעג נאָכן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשישער מלחמה, איז מיין מאַן אַוועק קיין רוסלאַנד. צוליב מיינע צוויי קליינע קינדער האָב איך ניט געקענט לויפן און בין פאַרבליבן אויפן אָרט. ענדע יוני איז אַריין צו אונדז די דייטשע אַרמיי. גלייך איז געקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַרעסטירן אַלע יידישע פרויען פון די מענער, וואָס זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד. מיר איז געלונגען מיין מאַנס אַוועקגאַנג צו פאַרטושן.

באַלד איז געקומען אַ צווייטער באַפעל: יידן מוזן אָנטאָן שאַנד־צייכנס אויף די אָרבל: ווייסע לענטעס מיט געלע מגן־דודס. יידן איז פאַרבאָטן צו גיין אויף די טראָטואַרן און טאָרן זיך ניט גריסן מיט קריסטן און אַזוי ווייטער.

די אַלע נייע פאַראָרדענונגען האָבן אַזוי שטאַרק געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג, אַז מען האָט זיך פאַרשפאַרט אין די הייזער און כמעט אויף דער גאַס זיך ניט באַוויזן, כדי זיך ניט צו טרעפן פנים אל פנים מיט דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט.

איין מאָל, ווען כ׳האָב אויפן מאַרק־פּלאַץ געוואָלט עפּעס קויפן פאַר מיינע קינדער צום עסן, האָט מיר אַ געסטאַפּאָוויעץ אַזאַ קלאַפּ געגעבן, אַז כ׳בין גע־פאַלן און געבליבן ליגן אַ פּאָר מינוט פאַרחלשט. שפּעטער האָב איך זיך, אַ צע־שלאָגענע און פאַרשעמטע, קוים דערשלעפּט אַהיים.

ביי אונדז אין שטעטל האָט זיך געפונען אַ ישיבה (אַנטלאָפן פון מעזריטש). מיט די בחורים פון דער ישיבה האָבן די דייטשן אויסגעפירט פאַרשידענע חוזק־הפּעקטאַקלען פאַר גרויסע פאַרזאַמלונגען פון פאַרבייגייער. איין מאָל האָבן זיי גענומען אַ גרופּע בחורים און געטריבן זיי ביזן האַלדז אין טייך ווילי̇ע. אַ צווייט מאָל האָבן זיי צונויפגעקליבן אַ גרופּע רבנים, זיי אויסגעזעצט אויפן הויף ביי דער סטאָלאָווע, געריסן די בערד און געשלאָגן מכות־רצח. די געשרייען פון די געפּייניקטע זיינען געגאַנגען עד לב השמים.

מערסטנטייל האָבן ביים צונויפשטעלן די ספּעקטאַקלען אָנטייל גענומען ליט־ווינער. איין מאָל, אַ פרייטיק, אַן ערך צוויי וואָכן נאָכן באַזעצן אונדזער געגנט, איז צוגעפאָרן צום בית־מדרש אַ טאַקסע מיט געסטאַפּאָוועס. זיי האָבן די ספרים און ספרי־תורהס אַרויסגעוואָרן פון שול אויפן הויף, אונטערגעצונדן, און די ישיבה־בחורים באַפוילן צו טאַנצן און זינגען אַרום דעם פייער.. „משה ברענט, משה ברענט!“

פון די אַרומיקע שטעטלעך זיינען כסדר אָנגעקומען ידיעות וועגן מאַסן־שחיטות איבער יידן. די שטימונג ביי אונדז איז געוועזן אַ געדריקטע. אַזוי האָבן מיר אין אימה און אין שטענדיקער טויט־שרעק זיך געמאַטערט אַ פּאָר חדשים.

פרייטיק (אַ טאָג פאַר ראש־השנה, אין יאָר 1941), איז אין שטעטל געקומען

צו פאָרן אַ טאַקסע מיט „שאַוליסן" (ליטווישע שיסער־אָרגאַניזאַציע) באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק. אַ דעלעגאַציע פון יודענראַט איז אַוועק צום ליטווישן בירגערמייסטער (טשערקאַוסקאַס), וועלכער האָט ביי דער געלעגנהייט, אויספּרעסנדיק ביי דער יידישער דעלעגאַציע אַ גרויסע סומע געלט — צוגעזאָגט, אַז ס'וועט די יידן קיין שלעכטס ניט געשען. מ'זאָל זיך ניט שרעקן. די יידן האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט. דערווייל זיינען די „שאַוליסן", 10 אַ זייגער אָוונט, פאַרפאָרן צו אַ היגן קריסט, רודקאָווסקי, אַ גרויסן אַנטיסעמיט. ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז אַרום מיר זיינען טייכן בלוט, דייטשן יאָגן מיך און ווילן מיך דערשיסן, כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט. אין דעם מאָמענט האָבן מיר דערהערט ווי מען קלאַפּט ביי אונדז אין פענצטער. דאָס איז געווען פינף אַ זייגער פאַרטאָג. אָריענטירנדיק זיך וואָס דאָ קומט פאָר, זיינען מיר דורך אַ צווייטער טיר אַרויסגעלאָפן אויפן הויף און פון דאָרט געלאָפן הינטער דער שטאָט. אָפּלויפנדיק צוויי קילאָמעטער זיינען מיר געקומען צו אַ יידן, גדוד בערל. ער איז געווען מייסטער פון אַ סמאָלאַרניע און געווען זיכער, אַז צוליב דער וויכטיקער אַרבעט, וואָס ער פירט אויס, וועט מען אים לאָזן לעבן, נאָר דערוויסנדיק זיך, אַז די קריסטן פון די אַרומיקע דערפער האָט מען אַרויסגעטריבן צו גראָבן גריבער, האָט ער זיין פאַמיליע אַוועקגעשיקט אין וואַלד.

באַלד האָבן אונדז קריסטן אָנגעזאָגט, אַז פּאָליציי איז שוין אַהער געקומען, כדי צו זוכן יידן. דאַן זיינען מיר אַנטלאָפן אין וואַלד און דאָרט זיך דערפרעגט צו אַ באַקאַנטן קריסט. דער קריסט האָט, וויסנדיק שוין וואָס ס'קומט פאָר אין שטאָט, אונדז אַוועקגעפירט אין אַ זומפּיקן וואַלד ווו קיין מענטשן קומען ניט. אַ פּאָר שעה איז געווען רואיק. אַרום צוועלף אַ זייגער בייטאָג איז געווען אַ שטאַרקע שיסעריי אויסגעמישט מיט האַרצרייסנדיקע מענטשלעכע געשרייען. די שחיטה איז שוין געווען אין פולן ברען.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט נאָענטע טריט ביי אונדז אין וואַלד. אַ מינוט זיינען מיר פאַרבליבן אין דערוואַרטונג, נאָר געווען איז דער קריסט מיט אַ יידיש מיידל, שיינקע זור, וועלכע איז אויך געקומען צו אים זיך באַהאַלטן. זי האָט אונדז דערציילט דעם פאַרלויף פון דער שחיטה און דעם טאָג; די מערדער האָבן פאַרזאַמלט אין שול 1000 יידן — שפּעטער זיי אַוועקגעפירט צו די פון פריער צוגעגרייטע גריבער און דערמאָרדעט.

מיר זיינען אין וואַלד פאַרבליבן נאָך עטלעכע טעג, ביז ס'איז געקומען דער פויער אַן אונדז געהייסן אַוועקגיין, ווייל דאָ דרייט זיך אַרום פּאָליציי און זוכט יידן. אים האָבן די זעלבע פּאָליציאַנטן פאַרגעלייגט, קעגן אַ גרויסער באַלוינונג, אַרויסצוגעבן אַנטלאָפענע יידן.

מיר זיינען אַוועק אין וואַלד אין אַ צווייטער ריכטונג. גייענדיק האָבן מיר געטראָפן אַ קליין, ליידיק הייזל — דאָס איז געווען אַ באָד. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויפצוגייך אויפן בוידעם, זיך צו באַהאַלטן. דער בוידעם איז אָבער געווען אַזוי נידעריק, אַז מען האָט דאָרט געקענט בלויז ליגן, נאָר אין יענעם מאָמענט זיינען מיר געווען צופרידן אַפילו מיט אָט דער באַהעלטעניש. אויך אויפן בוידעם זיינען מיר אַנטדעקט געוואָרן דורך אַ צווייטן קריסט, וועלכער האָט אונדז גע־

הייסן גלייך פאַרלאָזן דאָס אָרט, אין קעגנפאַל גיט ער אונדז איבער צו די דייטשן. מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט אין אַן אומבאַקאַנטן וועג, ביז מיר זיינען דער־גאַנגען צו אַ מאָנאַסטיר. אויסצובאַהאַלטן אונדז האָבן זיך די מאָנאַשקעס אָפּגע־זאָגט. דאַן האָבן מיר זיי געבעטן, זיי זאָלן אונדז ווייזן דעם וועג קיין ווייסרוסלאַנד. מיר זיינען אַוועק מיט זייער אָנגעוויזענעם וועג און געקומען — אין אונדזער שטאָט ניעמענטשין. מיט זייטיקע וועגן האָבן מיר אויסגעמיטן דאָס שטעטל. נאָך דריי טעג גיין, ערב יום־כיפור, זיינען מיר געקומען קיין אָשמענע.

די אָשמענער יידן האָבן גאָרניט געגלייבט, אַז אַזעלכעס האָט פּאַסירט (דאָ זיינען די אַקציעס געקומען שפּעטער). אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אַ באַ־פעל, אַז די יידן זאָלן גיין אין געטאָ. קיין מענער זיינען דאָ כמעט ניט געווען, ווייל גלייך נאָכן פאַרנעמען אָשמענע האָבן די דייטשן פאַרנאַרט, כלומרשט אויף אַרבעט, טויזנט יידישע מענער און זיי שפּעטער אומגעבראַכט.

שמחת־תורה איז ווידער געשען אַן אומגליקס־פאַל. די דייטשישע זשאַנדאַר־מעריע האָט געפונען אַ פאָטאָגראַפיע פון דריי יידישע פרויען — פאָטאָגראַפירט אויף אַ רוסישער דעפילאַדע. זיי האָבן דאַן דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין גאַנצן געטאָ. צוויי פון די פרויען האָבן זיי דערקענט און פאַרהאַלטן, די דריטע האָבן זיי ניט געפונען. פירנדיק די צוויי אַרעסטירטע, האָבן זיי באַמערקט אַ יידיש מיידל, ליבע פערסקי (מיינס אַ קוזינקע), וועלכע איז צופעליק אַרויס פון שטוב אַן אַ שאַנד־לאַטע, זיי האָבן אויך זי פאַרהאַלטן און אַלע דריי אין געטאָ דער־מאָרדעט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געשען נאָך אַ פאַל. דער שעף פון געטאָ, קייל, אַ באַוווּסטער מערדער, האָט באַמערקט ווי אַ יידישע פרוי מיט אַ קינד האָט געקויפט ביי אַ פויער צוויי קילאָ גרויפּן. ער האָט זיי גלייך גענומען מיט נאָך צען באַקאַנטע טוער פון יודענראַט, צווישן זיי די באַליבטע כלל־טוערין, פרוי סאָלאָדוכאַ, זיי אָפּגעפירט אויפן בית־עולם און דערמאָרדעט. אויפן וועג האָט דאָס קינד, פאַרשטייענדיק, אַז מען פירט זיי צום שיסן, כסדר געשריגן: „געטאָ, געטאָ, כ'וויל נאָך לעבן!".

אין אָשמענער געטאָ האָבן נאָך געלעבט אַן ערך 3000 יידן — אָשמענער און יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: קרעווע, סמאָרגאָן, אָלשאַן און זשופּראַן, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן פון זייערע וווינערטער און קאָנצענטרירט אין אָשמענע.

אָנהייב 1942 איז דאָ ווידער פאָרגעקומען אַ יידן־שחיטה. איך האָב געאַרבעט אויפן שאָסיי. איין מאָל, ווען מיר זיינען שוין געווען אויסגעשטעלט אין רייען אויף צו גיין צו דער אַרבעט, האָבן מיר פון דערווייטנס דערזען ווי באַוואָפנטע פּאָליציי טרייבט פון די הייזער אַלע יידן אויף אַ זאַמלפונקט. דאָרט האָבן זיי צע־טיילט די יידן אין צוויי רייען. איין ריי האָט מען געצוווּנגען אויפצוזעצן זיך אויף ד' פון פון פאָרויס צוגעגרייטע פורן, זיי אַוועקגעפירט דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אין זיעלאָנקע, און דאָרט פאַרשפּאַרט אין אַ שייער. ביינאַכט האָבן צוויי פערזאָן (אַ מאַן און אַ פרוי) זיך אונטערגעגראָבן אונטערן פונדאַמענט און אַנטלאָפן. אַלע איבעריקע זיינען צוזאַמגנס דערמאָרדעט געוואָרן.

אַ יונגער בחור פון אָשמענע, אַ זועג־אַרבעטער, וועלנדיק ראַטעווען זיין פאָטער, איז אַוועק אין דער ריכטונג צום שייער. אויפן וועג האָט אים באַגעגנט דער ווילנער געביטס־קאָמיסאַר, מוראַ, אַ באַוווּסטער מערדער, און אים גלייך דערשאָסן. אין געטאָ זיינען נאָך פאַרבליבן אַרום צוויי טויזנט יידן. פון ווילנע פלעגן נאָך יעדן טאָג קומען אַנטלאָפענע יידן פון פאָנאַר, נאָר די זשאַנדאַרמעריע האָט זיי אַלעמען דערשאָסן. איינעם, אַ פאַבריקאַנט פון הייזון, אברהם סטרוגאַטש, האָט אַ היגער קריסט געמסרט, אַז ער האָט געשענקט אַ גרויסע סומע געלט פאַר פוילן אויף אַן עראָפּלאַן. האָט מען אים און זיין פרוי אויסגעטאָן נאַקעט (דאָס איז געווען ווינטער אין אַ גרויסן פראָסט) און אַזוי געטריבן ביזן בית־הקברות, ווו מען האָט זיי שרעקלעך געפייניקט און נאָך דעם דערמאָרדעט. דער מושל פון געטאָ איז געווען דער מערדער קייל. ער האָט פיל מאָל אַרויפגעלייגט גרויסע קאָנטריבוציעס אויפן געטאָ און פאַרפאָלגט די יידן.

אין 1942 יאָר, דריי וואָכן פאַר פסח, איז געקומען אַ באַפעל צו ליקווידירן דאָס אָשמענער געטאָ. דעם יודענראַט האָט מען באַפוילן צו רעגיסטרירן אַלע יידן פון אָשמענער געטאָ און אַנדערע נאָך עקזיסטירנדיקע לאַגערן — יעדן לויט זיין אייגענעם אויסוואַל. איך, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון 800 מאַן, זיינען מיר אַוועק קיין מעליגאַן, ביי זעזשמער (ליטע). אַזוי ווי אין מעליגאַן איז שוין געווען איבערפולט, האָט מען אונדז אָפּגעשיקט קיין וועוויע (אַ שטאָט אין ליטע). שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז די יידן, וועלכע זיינען געווען פאַרשריבן אויף קאָוונע, האָט מען גלייך געפירט אויף פאָנאַר און דערמאָרדעט. אין וועוויע זיינען מיר געווען אַן ערך 200 — מענער, פרויען און קינדער. מיר האָבן צוויי חדשים געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן. די עלטערן האָבן זייערע קינדער פאַרשריבן עלטער ווי זיי זיינען געווען, כדי זיי זאָלן זיך רעכענען פאַר אַרבעטספעאיקע, במילא האָבן די קינדער געמוזט אויספירן די שווערסטע אַרבעט, גלייך מיט די דערוואַקסענע. אויך אויף מיין עלף־יאָריקן זון שלמהלע, וועלכער איז נאָך דאַן געווען מיט מיר, איז אויסגעפאַלן אַזאַ גורל. צוויי וואָכן נאָך שבועות האָט מען אונדז אָפּגעפירט קיין זשעזשמער — 60 קילאָמעטער פון קאָוונע אין אַ לאַגער, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט און שטרענג באַוואַכט דורך ליטווינער. די ערשטע צייט האָבן מיר דאָ געאַרבעט ביי די שאָסייען: געהאַקט שטיינער, געפירט טאַטשקעס מיט זאַמד און ברוקירט. איין מאָל, אין אַ זומער־טאָג, ווען מיר האָבן זיך געפונען ביי דער אַרבעט, איז צו אונדז געקומען אונדזערער אַ לאַגער־פירער, זעלינגער, אַ מאַן פון זעכציק יאָר, און געמאָלדן, אַז מיר מוזן זיך איצט אַלע פאַרזאַמלען אין לאַגער. אַ טויט־שרעק איז אונדז באַפאַלן, ווייל מיר האָבן געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. אויפן לאַגער־פלאַץ האָבן זיי, נאָכן אויסשטעלן אונדז אין רייען, אויסגעקליבן פופציק מענער און זיי אַוועקגעפירט. צווישן די פופציק איז געווען אַ יינגל פון 13 יאָר. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מען פירט זיי צו דערמאָרדן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן זייער גורל. ביי אונדז אין לאַגער האָט געאַרבעט דעם דרייצן־יאָריקן יינגלס מוטער און אַ שוועסטער. אין דריי חדשים נאָכן צונעמען די פופציק מאַן, איז איין מאָל ביי טאָג, ווען מיר זיינען געווען ביי דער אַרבעט, צו אונדז געקומען אַ קריסטין און גערופן דעם יינגלס שוועסטער.

הינטער די קוסטעס האָט אויף איר געוואָרט איר דרייצן־יאָריקער ברודער. ער האָט געהאַט אַ שרעקלעכן אויסזען — באָוואַקסן, שוואַרץ און אָפּגעריסן. וועגן די פופציק מאַן האָט ער אונדז דערציילט, אַז מען האָט זיי אָפּגעפירט קיין פּאָנאַר ביי ווילנע. דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן אין אַ הייל, אַלע טאָג געשמידט אין קייטן און מיט שטריק אַראָפּגעלאָזט אין אַ טונעל, ווו זיי האָבן געדאַרפט צעלייגן אויף בעלקעס די געבראַכטע הרוגים, באַגיסן זיי מיט בענזין און פאַרברענען צווישן די פופציק מאַן איז געווען אַן אינזשיניער פון רוסלאַנד. ער האָט אָרגאַ־ניזירט אַ גרופּע פון 21 מאַן, וועלכע האָבן אין דער הייל געגראָבן אַן אונטערער־דישן אַרויסגאַנג. די ערד פלעגן זיי מיטנעמען אין די קעשענעס צו דער אַרבעט אין טונעל און דאָרט זי אַרויסוואַרפן. אין משך פון דריי חדשים איז דער אַרויס־גאַנג פאַרטיק געוואָרן און די 21 מאַן איז געלונגען צו אַנטלויפן. צווישן זיי איז געווען דאָס יינגל. אויסבאַהאַלטן אים אין לאַגער האָבן מיר מורא געהאַט, איז ער אַוועק צו אַ באַקאַנטן קריסט.

אין יאָר 1944, צוויי וואָכן פאַר פּסח, איז ביי אונדז אין לאַגער פאָרגעקומען אַ קינדער־שחיטה. גייענדיק צו דער אַרבעט האָב איך צעבראָכן אַ פוס. מען האָט מיך אָפּגעפירט אין לאַגער־שפּיטאָל. ליגנדיק דאָרט איז איין מאָל, אַ פאַרנאַכט, געוואָרן אַ שטאַרקער טומל. ס'איז אַריין צו אונדז דער דאָקטאָר גאָרדאַנאָוויטש פון ווילנע מיט דער קראַנקן־שוועסטער חיהלע באַראַן פון אָשמענע און גע־מאָלדן, אַז ס'איז געקומען אַ באַפעל, אַז מאָרגן אין דער פרי מוז יעדער, וואָס קען נאָר גיין אויף די פיס, אַרויסגיין אויף אַרבעט. מען זאָל אין לאַגער ניט בלייבן.

פינף אַ זייער פאַרטאָג איז דער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן. דער יודענ־ראַט האָט גלייך באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן אַ ליסטע פון אַלע קינדער ווי אויך אַרבעטס־אומפעיקע. אויב עמעצער וועט אויסבאַהאַלטן ווערן, וועלן גענו־מען ווערן צען קעפּ פאַר איינעם. לויט דער צוגעשטעלטער ליסטע האָבן געפעלט צען קינדער וואָס די מוטערס האָבן אויסבאַהאַלטן. די באַנדיטן האָבן צוליב דעם געשאָסן יעדן איינעם וואָס איז זיי נאָר אונטערגעקומען. אין דער שחיטה איז אומגעקומען מיין עלף־יאָריקער זון שלמהלע. ער האָט פאַר מיר איבערגעלאָזן אַ געזעגענונגס־בריוול: „מיין ווונטש איז ניט דערפילט געוואָרן, זיך צו זען מיט מיין פאָטער. מיך פירט מען צום טויט, דו, מוטער, שטאַרק זיך צו קענען אויס־האַלטן די מלחמה און נעמען אַמאָל נקמה פאַר אונדזער בלוט". די קינדער־שחיטה האָט דורכגעפירט דער שעף קייטעל.

מען האָט מיר איבערגעגעבן ווי מיין שלמהלע האָט זיך געבעטן ביי די מערדער: „מיך וועט איר דערמאָרדן — האָט רחמנות אויף מיין מוטער, זי וועט ניט אויסהאַלטן". דערויף האָט אים דער מערדער קייטעל געענטפערט: „אויך דיין מוטער וועט ניט לעבן".

עס זיינען אומגעקומען העכער 200 מאַן — קינדער און עלטערע, ווייל פיל מוטערס, ניט וועלנדיק אָפּגעבן די קינדער, זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט זיי.

צוויי חדשים נאָך דער קינדער־אַקציע, אין מיטן זומער 1944, פרייטיק, דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג, זיינען געקומען ס.ס.־לייט, אַרומגערינגלט דעם לאַגער און אַלע דריי הונדערט יידן פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ. מיר אַלע זיינען געווען זיכער,

אַז דאָס איז אונדזער סוף. נאָך אַ פּאָר שעה האַלטן אונדז אויפן פּלאַץ, האָט מען אונדז מיט לאַסט־אויטאָס אָפּגעפירט קיין קאָוונע אין אַ געפאַנגען־לאַגער. נאָך צוויי וואָכן אַרבעטן האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין פּאָניעוויעזש אין אַ וואַלד, ווו מען האָט געבויט אַן עראָדראָם. דאָ זיינען געווען צוויי באַזונדערע לאַגערן, אַ יידישער מיט טויזנט יידן, און אַ ניט־יידישער — מיט זייער אַ סך קריגס־געפאַנגענע פון פאַרשידענע נאַציעס — אויך איטאַליענער. נאָך אייניקע וואָכן האָט מען אונדז ווידער איבערגעפירט אין אַ לאַגער אין שטוטהאָף, 30 קילאָמעטער פון דאַנציג. דאָס פאָרן האָט געדויערט צוויי וואָכן. דערביי זיינען פיל, וועלנדיק זיך ראַטעווען, געשפּרונגען פון צוג. עס זיינען געווען אַ סך קרבנות אויפן אָרט. אין שטוטהאָף זיינען מיר אָנגעקומען ענדע יולי 1944, צוועלף אַ זייגער ביינאַכט. מען האָט אונדז באַלד אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי, ביי יעדער ריי האָבן זיך גלייך געשטעלט ס.ס.־לייט מיט מאַשין־געווער און אַזוי רייענווייז אונדז אַריינגעפירט אין אַ זאַל. אין דער פרי האָט מען די מענער גרופּנווייז געפירט אין באָד. עס זיינען אַריבער אייניקע שעה און די מענער האָבן זיך ניט צוריקגעקערט. מיר האָבן גערעכנט, אַז זיי לעבן שוין ניט, ווייל ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, פלעגט מען אַהער ברענגען טאָג־טעגלעך לאַגער־מענטשן און זיי דאָ פאַרברענען.

ביי טאָג האָט מען די פרויען געפירט אין באָד. אויפן וועג צום באָד האָבן מיר באַגעגנט די מענער. מען האָט זיי צוריקגעפירט פון באָד אין אַרעסטאַנטן־קליידער. אין באָד האָט מען אונדז באַזוכט און יעדע ווערטפולע זאַך צוזאַמען מיט אונדזער קליידונג — צוגענומען. מיר האָבן באַקומען אַלטע, צעריסענע זאַכן, און יעדע איינע פון אונדז האָט מען אָפּגעצייכנט מיט רויטע קרייצן. אין אונדזער גרופּע זיינען געווען טויזנט מאַן; פרויען, מענער און אויך קינדער, וועלכע די מוטערס האָבן געהאַט אויסבאַהאַלטן בעת די קינדער־אַקציעס. אין שטוטהאָף זיינען מיר געווען צוויי וואָכן. דעם 15־טן אויגוסט 1944 האָט מען אונדז — פינף הונדערט פרויען — פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ. עס איז צווישן אונדז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה. דערביי איז אונדז באַפאַלן אַ פּוילישער לאַגער־פירער (דער באַוווּסטער מערדער, מאַקס) און מיט בענק און אייזנס פיל פרויען דערמאָרדעט. די איבעריקע פאַרזאַמלטע פרויען האָט מען מיט אַ שיף אָפּגעפירט קיין שטיינאָרט (פוילן), און פון דאָרט קיין נוימאַרק (פוילן, פּאָמערן). דאָ זיינען מיר געווען פינף חדשים. געאַרבעט שווער און געלעבט אין די ערגסטע באַדינגונגען. אַ גרויסע צאָל פרויען זיינען ביי אונדז געשטאָרבן פון הונגער און קעלט. דאָס איז שוין געווען אין דער צייט ווען די רוסישע און אַליאירטע אַרמייען זיינען כסדר געגאַנגען פאָרויס און די דייטשן האָבן פאַרלאָזט געביט נאָך געביט. אונדז האָבן זיי דאַן זעקס וואָכן געטריבן צופוס, באָרוועס, נאַקעט און הונגעריק. פיל פון אונדז זיינען געפאַלן אין וועג און פיל אויך — אַנטלאָפן.

אָפּגעשטעלט האָבן זיי אונדז אין דאָרף ריבין ביי ביטאָף, ווו מיר זיינען, מיט פיר וואָכן שפּעטער, באַפרייט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי.

*

(הוספה צום גבית־עדות פון לאה רודאַשעווסקי)

## ענטפער אויף פראַגן

— ווו זיינען די „שאַוליסטן" געווען ביז 10 אַוונט?

— אַרום דריי אַ זייגער בײַטאָג איז צום פּאָליציי־באַצירק פאַרפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט עטלעכע „שאַוליסטן". פון אויטאָ האָבן זיי דאָרט אויסגעלאָדן קוילנוואָרפערס, ביקסן און קעסטלעך אַמוניציע. דער בירגערמייסטער האָט דער יידישער דעלעגאַציע פאַרזיכערט, אַז דאָס האָט קיין שום שייכות ניט מיט די יידן. און שפּעטער זיינען טאַקע די „שאַוליסטן" אַוועקגעפאָרן. 10 אַ זייגער אין אָוונט איז אַן אויטאָ מיט אַן ערך 30 „שאַוליסטן" פאַרפאָרן צום קריסט רודאַקאָווסקי

— איז טאַקע דער פאַמיליע־נאָמען גדוד?

— דער ייד האָט געהייסן בערל גדוד.

— ווער איז געווען דער קייל, אַ ליטווינער?

— קייל איז געווען אַ דייטש. ער איז געווען מייסטער פון דער זשאַנדאַר־מעריע און שעף פון געטאָ.

— האָט דאָס קינד טאַקע געשריגן — געטאָ?

— דאָס קינד האָט געשריגן — „געטאָ, געטאָ, כ'וויל נאָך לעבן".

— האָט ביים דורכפירן די אַקציע ניט מיטגעהאָלפן די יידישע פּאָליציי פון ווילנע?

— די יידישע פּאָליציי פון ווילנע האָט מיטגעהאָלפן ביים דורכפירן די אַקציע.

— וועלכע פּאָליציי האָט געטריבן די יידן

— געטריבן פון די הייזער האָבן יידישע פּאָליציאַנטן מיט גומענע שטעקנס און נאַגייקעס אין די הענט. צוזאַמען אַן ערך 80 פּאָליציאַנטן, אַרום 60 פון ווילנע און אַרום 20 פון אָשמענע. זיי האָבן געדאַרפט איבערגעבן די צונויפגעטריבענע יידן צו דער ליטווישער פּאָליציי. באַקומענדיק צו הילף אַ גרופּע יידישע פּאָלי־ציאַנטן פון ווילנע, האָט דער יודענראַט צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי. געדאַרפט צושטעלן טויזנט יידישע קעפּ. זיי האָבן זייער אַרבעט אויסגעפירט.

— וואָס פאַר אַ פּונקט איז געווען זיעלאָנקע?

— זיעלאָנקע איז אַ פעלד, דריי קילאָמעטער פון אָשמענע, ניט ווייט פון אַ דאָרף. דאָרט האָבן זיי אומגעבראַכט די טויזנט יידן.

— איז דער פאַבריקאַנט ניט געווען פון לידע? ווען האָט מען אים געמסרט?

— אברהם סטרוגאַטש איז אַן אָשמענער. ער האָט געהאַט אַ הייזון־פאַבריק אויך אין לידע. ביים קריגס־אויסברוך, אין יאָר 1939, איז ער אַוועק קיין ווילנע און דאָרט פאַרבליבן ווינען. אין יאָר 1942, ווינטער־צייט, איז ער אַנטלאָפן פון ווילנער געטאָ און געקומען קיין אָשמענע. אַרום צוויי חדשים שפּעטער האָבן אים די קריסטן געמסרט. אין דעם טאָג, ווען מען האָט אים מיט זיין פרוי פאַרפייניקט צום טויט, איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, דאָס איז געווען אומגעפער אין חודש אדר 1942 יאָר.

— ווי רופט מען גענוי דאָס שטעטל ביי זעזשמער: מעליגאַן, מיליגאַן אָדער מעלעגאַן?

— דאָס איז ניט קיין שטעטל, נאָר אַ דאָרף, וואָס איז צעטיילט אויף קאָלאָניעס (כוטאָרן). אין יידיש הייסט דאָס דאָרף מעליגאַן, אין ליטוויש — מי־יאַנגוניס.*

באַמערקונג פון פּראָטאָקאָלאַנט:

— פון אָנהייב זיינען דערמאָנט צוויי קינדער. וואָס האָט פּאַסירט מיט דעם צווייטן קינד?

שבת, אין טאָג פאַר ראש־השנה, אין 1941 יאָר, ווען די דערציילערין איז אַנטלאָפן פון שטוב, האָט זי איר 4½־יאָריק טעכטערל, העניעלע, אָפּגעגעבן אירס אַ שכנה (אַ קריסטין) צום אויסבאַהאַלטן. די קריסטין האָט דאָס קינד צוגענומען, צוזאָגנדיק, אַז זי וועט דער מוטערס ווונטש דערפילן. די גאַנצע צייט איז פרוי רודאַשעווסקי געווען זיכער, אַז איר טעכטערל לעבט. ערשט נאָך דער באַפרייאונג האָט זי זיך דערוווּסט, אַז אויך דאָס קינד איז אומגעקומען. די קריסטין האָט זיך פאַר דער מוטער פאַרענטפערט, אַז אַ צווייטע קריסטין האָט זי געמסרט, אַז דאָס קינד איז אַ יידשס, דערפאַר איז עס אומגעקומען. אַ צווייטע קריסטין האָט אָבער דער מוטער איבערגעגעבן, אַז קיינער האָט דער פריערדיקער ניט געמסרט, נאָר זי אַליין האָט געזען ווי יענע האָט דעם זעלבן שבת (אין טאָג פון דער שחיטה) אַוועקגעפירט דאָס קינד און עס איבערגעגעבן צום דערמאָרדן.

אין פּראָטאָקאָל איז פאַרשריבן: ביז איין מאָל, אַ פרייטיק, אין טאָג פאַר ראש־השנה אין 1941 יאָר... לויט ווי די דערציילערין גיט איצט איבער, דאַרף דאָרט זיין: צוויי טעג פאַר ראש־השנה).

— וויפל לאַגער־פירער זיינען געווען?

— ס'איז געווען איין לאַגער־פירער. זעלינגער איז געווען דער אַרבעטס־לייטער, אַ דייטש.

— איז דער אינזשיניער געווען אַ ייד?

— דער אינזשיניער איז געווען אַ ייד.

— ווער איז קיטעל, ווו איז ער געווען שעף?

— קיטעל איז אַ דייטש, אַ געסטאַפּאָוויעץ, פון באַרוף אַ פילם־אַרטיסט. אַלס מיליטערמאַן אַ פעלדפעבל. ער איז געווען ניט קיין שעף, נאָר דער ליקווי־דאַטאָר פון די געטאָס אין די באַלטישע לענדער.

— גענוי אין וועלכן חודש איז דאָס געווען?

(פון פּראָטאָקאָלאַנט: די קינדער־אַקציע איז געווען צוויי וואָכן פאַר פסח 1943 יאָר (ניט 1944) אומגעפער אַ פּאָר חדשים נאָך דער קינדער־אַקציע, דאָס הייסט נאָך שבועות 1943 יאָר, זיינען געקומען ס.ס.־לייט און אַרומגערינגלט דעם לאַגער).

— ביי וואָס האָט מען דאָרט געאַרבעט?

— ביים עראָדראָם, אין אַ פלייש־פאַבריק, ביים זעגן האָלץ און ביי נאָך פאַרשידענע שוואַרצע אַרבעטן.

— ווו געפינט זיך שטיינאַרט? און נוימאַרק?

* דאָס דאָרף ווערט אין אַנדערע גבית־עדות גערופן: מילי גאַן (רעד.).

— שטיינאַרט איז אַ דאָרף, נוימאַרק — אַ שטאָט, ביידע אין דער אומגעגנט פון דאַנציק, אויף דער פוילישער זייט. אין נוימאַרק איז דער לאַגער געווען ניט אין שטאָט, נאָר 15 קילאָמעטער פון שטאָט. סיי אין שטיינאַרט און סיי אין נוימאַרק האָט מען געאַרבעט ביים בויען אָקאָפּעס.

באַמערקונג פון פּראָטאָקאָלאַנט :

(לויט ווי די דערציילערין גיט איצט איבער, קומט אויס צו ענדערן פיל דאַטעס אין פּראָטאָקאָל. די אויסבעסערונג איז : אַ פּאָר חדשים נאָך דער קינדער־אַקציע אומגעפער נאָך שבועות אין 1943 יאָר, האָט מען זיי אָפּגעפירט קיין קאָוונע. אין צוויי וואָכן אַרום — איבערגעפירט קיין פּאָניעווויעזש. אין פּאָניע־וויעזש געווען אומגעפער זעקס וואָכן, נאָכדעם איבערגעפירט געוואָרן קיין שטוטהאָף. דאָס פּאָרן אַהער האָט געדויערט צוויי וואָכן. אין שטוטהאָף זיינען זיי אָנגעקומען אין אויגוסט 1943 יאָר, געווען דאָ צוויי וואָכן, נאָכדעם איבער־געפירט געוואָרן קיין שטיינאַרט. אין שטיינאַרט געווען אַרום אַכט חדשים. אומגעפער אין מאַי 1944 — איבערגעפירט קיין נוימאַרק. אין נוימאַרק געווען אומגעפער זיבן חדשים. פון אָנפאַנג דעצעמבער 1944 יאָר ביז אומגעפער האַלב חודש יאַנואַר 1945 יאָר, האָט מען זיי געטריבן צופוס, נאָכדעם אָפּגעשטעלט אין דאָרף ריבין, ווו זיי זיינען געווען אומגעפער אַ פּאָר חדשים. געאַרבעט ביי גראָבנס. באַפרייט געוואָרן אין ריבין דורך די סאָוויעטן דעם 10־טן מערץ 1945.

היסטאָרישע קאָמיסיע אין באַד־זאַלצשליוף
אויפגענומען דורך פ. ק א ט ש י ק א ו י ט ש

ריווע מעכאַניצקאַ / תל־אביב

# אין געטאָ און אין לאַגערן

ביי אונדז האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט דעם 25סטן יוני 1941 יאָר. די ערשטע צייט האָבן זיי באַלד אָנגעהויבן דראָען מיט אויסרופן: „יודע, קאַפּוט" און געשאָסן צו יידן, וועלכע פלעגן אַרויסקוקן דורך די פענצטער, אָדער זיינען געגאַנגען אין גאַס. די מהומה און מורא איז געוואָרן זייער גרויס. די יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין די הייזער און ווינציק אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. אָבער די דייטשן פלעגן גיין איבער די הייזער און אַרויסטרייבן די יידן צו פאַרשידענע שוואַרצע אַרבעטן, שלאָגנדיק זיי דערביי מיט די קאָלבעס פון די ביקסן.

נאָכדעם ווען די דייטשן זיינען אַריין, האָבן זיי אויסגעהאַנגען ספּעציעלע מעלדונגען פאַר די יידן, אַז פרייטיק, (בערך דריי וואָכן נאָכן אַריינמאַרש), זאָלן אַלע מענער זיך מעלדן אויפן וויען (דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ אונטערן שטעטל). 600 מענער האָבן זיך דעם אָנגעוויזענעם טאָג צוזאַמענגעקליבן אויפן פּלאַץ, ווו מ׳האָט זיי אויסגעשטעלט צו 4 מאַן אין אַ ריי, און די דייטשע זשאַנדאַרן האָבן גע־הייסן די פּאָליאַקן, וועלכע זיינען אויך אַרויסגערופן געוואָרן אויף דעם טאָג, אָנצו־ווייזן אויף די יידן־קאָמוניסטן׳ פאַרשטייט זיך, אַז די קריסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ כעס אויף אַ יידן אָדער האָבן געוווסט, אַז דער ייד איז אַ רייכער — פלעגן זיי בכוונה אָנווייזן אויף זיי ווי אויף קאָמוניסטן. דאַן האָט מען צוזאַמענגענומען די אַלע אָנגעוויזענע יידן, בערך 300 מאַן, זיי באַוואַכט מיט זשאַנדאַרמעריע און אָפּגעפירט אין שול. די גאַנצע נאַכט זיינען זיי געווען באַוואַכט. די פאַמיליעס זיינען ניט געוואָרן צוגעלאָזט צו זיי מיט די פּעקלעך עסנוואַרג און וועש.

צומאָרגנס 8 אַ זייגער אין דער פרי, זיינען אָנגעקומען עטלעכע לאַסט־אויטאָס און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זיינען געקומען קריסטן מיט „נייעס", אַז מ׳האָט כלומרשט די יידן אַוועקגעפירט קיין סוואַלק אויף אַרבעט. דאַן האָבן די יידן צוגעזאָגט גוט צו באַלוינען די פּאָליאַקן, אויב זיי וועלן פאָרן קיין סוואַלק און ברענגען בריוו פון די יידן. אָבער עס איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן — קיינער האָט ניט געבראַכט קיין בריוו און מ׳האָט ניט געוווסט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

די פּאַניק צווישן די יידן איז דעמאָלט געוואָרן זייער גרויס. די יידן פלעגן זיך באַהאַלטן, און ווען די דייטשן זיינען געקומען נאָך אַרבעטער — פלעגן די פרויען אַרויסגיין אָנשטאָט די מענער. אין אַ וואָך אַרום, נאָך דער ערשטער אַקציע, האָט אַ דייטשער דאָקטאָר — לעגער — אַרויסגעפאָדערט פון ווילנע די ס.ס.־לייט, כדי זיי זאָלן אויספירן אַן אַקציע אויף די מענער. שבת אין דער פרי זיינען געקומען צו פאָרן מיט טעקסיס אַרום 500 זשאַנדאַרן און ס.ס.־לייט אויפן מאַרק־פּלאַץ און פון דאָרט זיך געלאָזן גיין איבער אַלע יידישע הייזער, זוכנדיק כלומרשט מענער אויף אַרבעט — פון 14 ביז 80 יאָר.

זיי האָבן באַפוילן אַרויסצוגיין אויפן גאַס. דאָרט זיינען שוין געשטאַנען די גרופּעס יידן אונטער דער שמירה פון ס.ס.־לייט, און מ'האָט זיי צוזאַמען אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און דערביי געפּייניקט, ווי שטעלן זיך, פאַלן, קריכן אויפן בויך און געשלאָגן מיט די קאָלבעס און מיט די פיס. דאָס צוזאַמענטרייבן אַלע מענער האָט געדויערט אַ האַלבן טאָג. די דייטשן זיינען געווען שטאַרק אין כעס וואָס זיי האָבן געטראָפן ווייניק מענער, האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן און ווען זיי האָבן געפונען אַ באַהאַלטענעם, פלעגן זיי אים אַרויסטרייבן אין די אונטערוועש און שלאָגן מכות רצח. ווען די משפחה־מיטגלידער פלעגן וועלן צוגיין צו די גרופּעס מענער און דערלאַנגען זיי עסן, וועש אָדער שיך — האָט מען אויך זיי שטאַרק געשלאָגן. נאָך מיטאָג האָט מען די יידן אַרויפגעטריבן אויף די לאַסט־וואַגאָנען און אַרויסגעפירט 5 קילאָמעטער אונטערן שטאָט, אין דאָרף באַרטעל. אין אַ וואַלד האָט מען זיי געהייסן אויסגרובן גריבער און זיי אַלע אויסגעשאָסן. דאָס איז געווען שבת, דעם 25סטן יולי, 1941. ס'זיינען דעמאָלט אומגעקומען אַן ערך טויזנט מענער.

די שרעק, ווייטיק און פּאַניק איז געוואָרן ניט צום באַשרייבן. צו די פאַמיליעס פון די אויסגעמאָרדעטע מענער פלעגן קומען קריסטן און דערציילן ווי אַזוי מ'האָט די מענער אויסגעשאָסן — זיי האָבן אין וואַלד אין דאָרף באַרטעל געפונען געלט לאַטעס און פאַרשידענע דאָקומענטן מיט פאָטאָגראַפיעס, אָפּגעהאַקטע פינגער, הענט און פיס אאַז"וו. די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. געבליבן זיינען דעמאָלט 30 יידישע מענער, וועלכע זיינען אין דער צייט פון דער אַקציע געווען באַהאַלטן, אָדער אויף אַרבעט. פון די 2500 יידן וואָס זיינען געווען אין אָנפאַנג קריג אין שטעטל אָשמענע, זיינען געבליבן אַרום 1200 פערזאָן.

נאָך דער אַקציע האָבן די דייטשן געשאַפן אַ יודענראַט מיט אַ מערהייט פרויען (ווייל קיין מענער זיינען שוין באַלד אין גאַנצן ניט געווען). די דייטשן האָבן דאַן אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַ קאָנטריבוציע פון 100.000 זלאָטעס, וואָס דער יודענראַט האָט געמוזט שאַפן. אין קעגנפאַל האָבן זיי געדראָט מיט אויסשעכטן אַלע יידן. די מיטגלידער פון יודענראַט זיינען געגאַנגען איבער די הייזער און באַשטייערט יעדע משפחה מיט אַ געוויסע סומע, און מיט גרויס מי דאָס געלט געשאַפן און אָפּגעגעבן דעם קאָמענדאַנט פון שטאָט. דער יודענראַט האָט געהאַט אויך אויסצופירן פאַרשידענע באַפעלן ווי, צושטעלן ליילעכער, גאָלד, וועש, שיך אד"גל. דאָס אַלץ איז געשאַפן געוואָרן מיט גרויס מי

סעפּטעמבער 1941 האָבן די דייטשן געשאַפן דאָס געטאָ אויף די גאַסן ביים שול־הויף. דאָס זיינען געווען די קלענסטע און שמוציקסטע געסלעך פון שטעטל. נאָכן גרינדן פון געטאָ, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן פון דריט־האַלבן מעטער הויך, האָבן זיי אויסגעקליבן אַ נייעם יודענראַט פון 7 מענער און איין פרוי. די פרויען האָבן זיי געשיקט צו דער אַרבעט אויף פאַרשידענע פּלאַ־צוווקעס, ווי למשל אין דער זשאַנדאַרעמריע, קאָמענדאַנטור — אויפצורוימען, און אויך צו רוימען דעם שניי. די לאַגע איז געווען זייער שלעכט — מיר פלעגן הונגערן, ווייל קיין עסן האָבן מיר גאָרניט באַקומען. דאַן פלעגן די אַרבעטערינס מיטנעמען מיט זיך זאַכן און ביי די פּאָליאַקן אויסבייטן אויף שפּייז. אַז מ'פלעגט

כאַפּן די פרויען ביים בייטן, אָדער מיט פּראָדוקטן ביים טויער, פלעגט מען זיי דער־שיסן. ס׳איז געווען אַ פאַל — זיי האָבן געכאַפּט אַ פרוי מיטן נאָמען זשופּראַנער מיט אַ האַלבן קילאָ גרויפּן. זי האָט זיך פאַרענטפערט, אַז זי האָט אַ קליין קינד פון 8 יאָר און זי טראָגט דאָס פאַר אים. האָבן די זשאַנדאַרן זי געהייסן גיין נאָכן קינד און קומען דערמיט אין יודענראַט, און דער יודענראַט האָט געדאַרפט קומען מיט זיי אין דער זשאַנדאַרמעריע. זיי האָבן גערופן דעם גרעסטן גביר פון אָש־מענע (סטרוגאַטש מיט דער פרוי) און אויך אַ ייִד מיטן נאָמען סאָלאָדוכע און קאַרפּ — אַ מוטער מיט אַ טאָכטער, צו וועלכע ס׳פלעגט אַריינקומען דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע און מקנא זיין זייער שיינע וווינונג, דאָס מעבל און דעם שיינעם אַרט לעבן — אויך די קאַרפּס אַ שוועסטער, בריינע דעאָול — און מ׳האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט אויף דער זשאַנדאַרמעריע. דעם זעלבן טאָג איז די זשאַנ־דאַרמעריע געקומען אין יודענראַט און געהייסן אויסגראָבן אויפן בית־עולם אַ קבר פאַר די פאַרשפּאַרטע ייִדן. דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1941 — ס׳איז געווען אַ גרויסע פראָסט. מ׳האָט די אומגליקלעכע באַרוועסרהייט אַרויסגעטריבן פון דער זשאַנדאַרמעריע צום ייִדישן בית־עולם מיט דער הילף פון דער ליטווישער פּאָליציי. ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם געטאָ און דאָס קליינע ייִנגעלע האָט זיך געריסן צום טויער פון געטאָ — האָבן אים די פּאָליציאַנטן געשלאָגן מיט די קאָלבעס און ווייטער געטריבן אויפן בית־עולם. פאַרן טויט האָט מען זיי געלאָזט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט. דאַן האָט ריווע קאַרפּ,די מוטער, אַרויסגעטרעטן מיט אַ לאַנגער רעדע און זי האָט די מערדער געזאָגט, אַז אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט וועט ניט שווייגן, און זיי און זייער גאַנץ פאָלק וועט אַמאָל מוזן ענטפערן פאַר דעם וואָס זיי טוען אָפּ מיט די ייִדן. זי האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז די ערשטע זאָל מען זי דערשיסן און דערנאָך די טאָכטער. אָבער די זשאַנדאַרן האָבן איר בקשה ניט דערפילט און זי האָט געמוזט זיך צוקוקן ווי מ׳פירט יעדן איינעם צו צום גרוב און ווערט דערשאָסן. אויך די טאָכטער; ערשט צו־לעצט האָט מען זי דערשאָסן. דאָס אַלץ האָבן מיר זיך דערוווּסט פון דער ליטווישער פּאָליציי, ביי וועלכע ס׳האָבן געאַרבעט ייִדישע מיידלעך. עס איז דערביי אָנוועזנד געווען אַ פּאָליציסט, וועלכער האָט אַכטונג געגעבן, מ׳זאָל זיי גלייך פאַרשיטן און די באַ־גראָבערס זאָלן ניט קאָנטראָלירן זייער „אַרבעט״, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די קרבנות.

די לאַגע אין געטאָ איז געווען אַ שלעכטע. זיי פלעגן אַרויפלייגן כסדר קאָנ־טריבוציעס און געבן פאַרשידענע באַפעלן, ווי, למשל, צוזאַמענקלויבן אַ קילאָ גאָלד, 5 קאַראַקול־מאַנטלען) 5 פּאָקענע מאַנטלען, זילבערנע פוקסן, גאָלדענע זייגערס אד״גל. ס׳איז געווען זייער שווער דאָס צוזאַמענצוקלויבן — אָבער מ׳האָט געמוזט דאָס שאַפן. אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט דעם ווינטער אין שרעק.

דעם 20סטן אויגוסט 1942 איז געקומען צו פאָרן אין געטאָ דער געביטס־קאָמיסאַר פון ווילנע, און אויך שעפן פון אַרבעטס־אַמט, און מ׳האָט די גאַנצע יוגנט פון 14 ביז 25 יאָר צוגענומען און אַוועקגעשיקט אין לאַגער מיליגאַני אין ליטע (אויפן טראַקט ווילנע—קאָוונע). ס׳זיינען געווען אַרום 500 מיידלעך. אין לאַגער האָבן מיר געטראָפן 15 ייִנגלעך פון לאָדזש. דאָס איז געווען אַ נייער לאַגער.

נאָך אונדזער אַוועקפאָרן אין לאַגער, האָט מען די יידן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך, ווי אָלשאַן, סמאָרגאָן, זשופּראַן צונויפגעטריבן אין אָשמענער געטאָ.

מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין אַן אָפּטיילונג, וואָס איז געווען די אונטער־פראָנט־באַדינונג. מיר האָבן געבויט אַ וועג פון 16 קילאָמעטער פון זאסלא אויף קאָוונע. ס׳איז געווען ניט שלעכט אין לאַגער, ווייל מיר האָבן געהאַט אונטערגע־קויפט די לאַגער־פירערס. און אַלע צוויי וואָכן פלעגן זיי שיקן אַ ספּעציעלע מאַשין אין אָשמענער געטאָ נאָך פּעקלעך. אַ געוויסע צאָל מיידלעך פלעגן פאָרן זיך זען מיט די פאַמיליעס אויף אַ טאָג־צוויי. יעדע צווייטע וואָך פלעגט גיין אַזאַ מאַשין.

אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט דעם ווינטער ביז פרילינג. ענדע אַפּריל, אָנהייב מאַי 1942, האָט מען ליקווידירט דאָס געטאָ אין אָשמענע. דאַן האָט מען צוגענומען די פאַמיליעס, וועלכע האָבן געהאַט קינדער אין לאַגער און זיי געבראַכט אין לאַגער, נאָר מיט גרויסע פּעק, פּראָדוקטן און זאַכן. און די אַנדערע האָט מען צונויפגעטריבן און מ׳האָט זיי געזאָגט, אַז מ׳פירט זיי אין קאָוונער געטאָ. אָבער ווי מ׳האָט זיך דערנאָך דערוווסט, האָבן זיי דעם גאַנצן עשאַלאָן יידן פאַרברענט צוזאַמען מיט די וואַגאָנען.

דאַן האָבן אַלע גענומען גיין אויף אַרבעט, וועלכע האָט זיך פאַרגרעסערט. מ׳האָט געאַרבעט אין גרופּעס. יעדע גרופּע האָט געהאַט אַ מייסטער און אַ וואַך־פּאָסטן. מיר פלעגן אונטערקויפן די פּאָסטנס און גיין אין דאָרף האַנדלען. צו דער אַרבעט פלעגן מיר פאָרן מיט אַ קליינבאַן. מיר האָבן גוט געלעבט מיט די מייסטערס. ווען זיי פלעגן זען אונדזערע מענטשן מיט פּעק פון די דערפער, פלעגן זיי צוריקפאָרן מיט דער באַן און אַוועקנעמען די פּעק פון זיי, כדי דער שעף זאָל זיי ניט באַמערקן. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז האַרבסט 1943 יאָר. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט די אַרבעט און מען האָט אונדז אַרויסגעשיקט אין גרופּן. אַ טייל האָט מען אַרויסגעשיקט קיין יאַנישקי, ניט ווייט פון שאַוול — און אַ טייל קיין עליי, ניט ווייט פון יאַנישקי און אַ טייל קיין זשעזמאַר.

איך בין געווען אין יאַנישקי. מיר זיינען געווען 250 פּערזאָן — פרויען, קינדער און אויך עטלעכע מענער. מיר האָבן געבויט אַ באַן־ליניע. די מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שווערערע ווי אין מיליגאַני. מיר האָבן געהאַט דעם לאַגער־פירער מייער, וועלכער איז לעצטנס געווען אין לאַגער מיליגאַני. ער האָט אונדז פאַרבאָטן צו גיין אין דאָרף צו די פּויערים. ער פלעגט שטיין ביים טויער פון לאַגער און רעווידירן צי מ׳טראָגט ניט קיין פּעקלעך. אויך אין אָוונט פלעגט ער אַריינקומען אין די באַראַקן און זוכן צי מיר האָבן זאַכן צו פאַרקויפן, און ווען ער האָט געפינען שפּייז, פלעגט ער שטאַרק שלאָגן ביז צום טויט און צונעמען אַלע זאַכן. אין דער צייט זיינען אין אַלע געטאָס און לאַגערן פאָרגעקומען די קינדער־אַקציעס. אונדזער לאַגער איז געווען דער איינציקער פון די אַלע אַרומיקע, ווו ס׳זיינען געווען אַן ערך 50 קינדער, וועלכע דער מייסטער האָט אויסבאַהאַלטן. ער האָט אויפגעקלערט די היצלעס, אַז ווען מ׳וועט אַוועקנעמען די קינדער, וועלן די פרויען ניט גוט אַרבעטן און די אַרבעט איז זייער וויכטיק און זיי אַרבעטן גוט.

אין דעם לאַגער זיינען מיר געווען ביז מאַי 1944. דערנאָך האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט קיין פּאַניעוויעזש, ווו מיר זיינען געווען דריי וואָכן צייט. מיר האָבן

געאַרבעט אויף אַן ערעדראָם. ס׳איז אונדז געווען זייער שלעכט. מיר זיינען געווען צו 15 פּערזאָן אין איין בלאָק. ס׳איז ניט געווען קיין וואַסער צום וואַשן. דאָ האָבן מיר געטראָפן ייִדישע פרויען פון דייטשלאַנד. זיי פלעגן זיך צו אונדז טשעפּען און אונדז מקנא געווען וואָס מיר זיינען נאָך מיט די קינדער. :

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער פראָנט און מ׳האָט אונדז אַרויסגע־שיקט קיין שטוטהאָף.

דאָס איז געווען אין אויגוסט 1944. אַריינגייענדיק אין לאַגער האָט מען אונדז סאָרטירט — באַזונדער פרויען און באַזונדער מענער. די פּאַניק איז געווען גרויס. כ׳איז געווען אין אָוונט. די קינדער האָבן געגומען וויינען. די דייטשע ס.ס.־לייט האָבן געשלאָגן. אַריינפאָרנדיק אין שטוטהאָף האָט געהאָנגען אַ שילד „יודען־טאָט־לאַגער". דער לאַגער איז געשטאַנען אין אַ וואַלד. אויפן וועג צום לאַגער האָבן די פרויען אַוועקגעוואָרפן די פּעקלעך, ווייל זיי האָבן געטראַכט, אַז מ׳פירט צום טויט. און די ס.ס.־לייט האָבן זיי שטאַרק געשלאָגן, ווען זיי האָבן געזען וואַרפן און האָבן געצוווּנגען צו טראָגן דעם פּאַק ווייטער. זיי האָבן אונדז אַריינ־געפירט אין אַ גרויסן קלוב. דאָרטן האָבן מיר איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס איז געקומען דער שאַרפירער, געהייסן נעמען די פּעק און זיך אויסשטעלן צו 4 אין אַ ריי און אַוועקגעפירט אונדז אין באָד צו אַנטלויזן. אויפן וועג האָבן מיר גע־טראָפן פּוילישע העפטלינגע, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די זאַכן און באָד און געזאָגט, מ׳זאָל זיי אַוועקגעבן ברויט, שפּעק, פּוטער, צוקער, גאָלד — ווייל מ׳נעמט דאָס אַלץ אַוועק. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז נאָך דער אַנטלויזונג וועלן זיי דאָס צוריקגעבן. אַ סך פרויען האָבן זיי אַוועקגעגעבן דאָס גאָלד. ווען די דייטשן פלעגן דאָס באַמערקן — האָבן זיי געשלאָגן סיי ייִדן און סיי די פּאַליאַקן. מ׳האָט אונדז צוגעפירט צום באָד, ווו ס׳זיינען שוין געווען פיל מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויף דער אַנטלויזונג. שפּעט ביינאַכט האָט מען אונדז אַריינגעפירט. מיר האָבן געמוזט די זאַכן אָפּגעבן, אויך די מלבושים, און מיר זיינען געגאַנגען אויף אַן אונטערזוכונג צום דאָקטאָר (אַ פּוילישער דאָקטאָר), וועלכער האָט געזוכט גאָלד אין מויל און אין די האָר. זיי האָבן אַלץ צוגענומען. נאָר אַ קאַם, שפּילקעס צו די האָר און אַ בערשטל צו די ציין האָבן זיי איבערגעלאָזט. זיי האָבן אויך געדראָט, אַז ביי וועמען זיי וועלן געפינען גאָלד, בריליאַנטן אָדער געלט, וועלן זיי דערשיסן. אַלע האָבן אָפּגעגעבן דאָס געלט און די זאַכן.

נאָך דער קאַלטער באָד, וואָס האָט געדויערט פאַר אַ גרופּע 7—8 מינוט, האָבן זיי אַרויסגעגעבן העמדער, רייטוזן און קליידלעך. קליינע פּערזאָנען האָבן באַקומען לאַנגע קליידער און גרויסע — קורצע, כדי מיר זאָלן מיאוס אויסזען.

אַרויסגייענדיק פון באָד זיינען געשטאַנען אונדזערע שיך און יעדער האָט געדאַרפט כאַפּן אַ פּאָר שיך און לויפן זיך שטעלן אין דער ריי. פונוואַנען מ׳האָט גרופּנווייז אָפּגעפירט אין די בלאָקן. מיר זיינען געווען דריי וואָכן אין שטוטהאָף. מיר האָבן באַקומען אויף אַ טאָג 100 גראַם ברויט מיט אַ שטיקל מאַרגאַרין אָדער מאַרמעלאַד. אויף מיטאָג פלעגן מיר באַקומען אַ ליטער וואַסערדיקע זופּ מיט ביטערע בלעטער, אין אָוונט קאַווע. די מענטשן פלעגן ניט אויסהאַלטן דעם הונ־גער און האָבן זיך צו צוויי מאָל געשטעלט אין די רייען. זיי זיינען געכאַפּט געוואָרן

פון די בלאָקאָוועס און באַקומען געשלאָגן ביז טויט. זיי האָבן פאַרפייניקט פיל פרויען, וועלכע האָבן זיך געוואָלט זען ביי די דראָטן מיט די מענער אַנטקעגן אונדז, פון וועלכע מיר פלעגן באַקומען ברויט און בריוו, אָדער זיי פון אונדז. די קינדער מיט די פרויען האָט מען געהאַלטן אין באַזונדערע בלאָקן, פון וואַנען מ׳האָט זיי נאָך אַ קורצער צייט אַרויסגעשיקט קיין אוישוויץ.

אין זעלבן חודש, אויגוסט 1944, האָט מען געמאַכט אַן אַפּעל פון אַלע פרויען, און די יונגע און עלטערע, וואָס האָבן גוט אויסגעזען, האָט אַ דאָקטוירים־קאָנ־טראָל פאַרשריבן אויף אַרבעט. מ׳האָט אונדז צונויפגענומען אין איין בלאָק — ביי מאַקסן, אַ פּאָליאַק, אַ מערדער, ווו ס׳איז פאָרגעקומען אַ רעגיסטראַציע פון די אַרבעטנדיקע. דאָן האָט מען צעשיידט מאַמעס פון קינדער, שוועסטער פון שוועסטער, מומעס פון פּלימעניצעס — און מ׳האָט אונדז געגעבן צו אַ פּאַרציע ברויט און שטיקלעך מאַרגאַרין און אונטער דער אויפזיכט פון ס.ס.־לייט אַוועק־געפירט צו דער ווייסל און אויף שיפן אַוועקגעפירט אין פאַרשידענע ערטער אויף אַרבעט.

מיר זיינען געקומען קיין שטיינאַדט ביי עלבינג. דאָרטן האָבן מיר געאַרבעט ביי אָקאָפּעס. ביי דער זעלבער ראַציע וואָס אין שטוטהאָף. אַזוי האָבן מיר גע־אַרבעט 3 חדשים. שפּעטער האָט מען אונדז געשיקט קיין קוועזענדאָרף ביי טאָרון. דאָרט האָבן מיר אויך געאַרבעט ביי אָקאָפּעס. די לאַגע איז געווען שלעכט, ווייל אַחוץ הונגער, האָבן מיר געפילט די קעלט. אויף ווינטער האָט מען אונדז געגעבן שיך און מאַנטלען, און מיר האָבן געאַרבעט אויפן פעלד ביי אָקאָפּעס.

די אַנפירערשאַפט האָט אונדז געפייניקט און אויף די גרעסטע פרעסט אונדז געשיקט צו דער אַרבעט. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט און מ׳האָט אונדז גענומען טרייבן צופוס טיפער אין דייטשלאַנד. מיר פלעגן מאַכן הונגעריק און באָרוועס צו 25—30 קילאָמעטער אַ טאָג. מיר זיינען געגאַנגען דריי וואָכן צייט קיין פּראָדוקטן האָבן מיר ניט באַקומען, מיר פלעגן זיך דערנערן מיט אַ בוראַק וואָס מיר פלעגן געפונען אונטערוועגס. אַזוי האָט מען אונדז געבראַכט קיין אַלטהאַמער. פיל מענטשן זיינען אומגעקומען אויפן וועג, ווייל זיי האָבן ניט געקענט ווייטער גיין.

אין אַלטהאַמער האָבן מיר געאַרבעט דריי וואָכן ביי אָקאָפּעס — דאַן איז די רוסישע אַרמיי אָנגעקומען און האָט אונדז באַפרייט. די ס.ס., דערשפּירנדיק, אַז די רוסן דערנענטערן זיך, האָבן אונדז איבערגעלאָזט אַליין און זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער. זעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר — האָבן מיר גענומען לויפן אין אַן אַנדער זייט. אין לאַגער האָבן מיר זיך שוין ניט אומגעקערט. מיר זיינען אַנט־לאָפן צו די פויערים. אין אָוונט, דעם 10טן מערץ 1945, זיינען מיר באַפרייט געוואָרן.

היסטאָרישע קאָמיסיע, נײַ־פרײַמאַן

סאָניע דרוזגעניצקי / חדרה

# צום לעצטן מאל געזען מיין קינד

אין 1941 האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג. מיט דריי וואָכן שפּעטער האָט מען צוגענומען מיין מאַן, און איך בין געבליבן מיט דריי קליינע קינדער. יעדן טאָג האָט מען זיך געגרייט אַריין אין געטאָ. פאַר ראש־השנה האָט מען אונדז פאַרטריבן אין געטאָ, און מיר האָבן אַדורכגעמאַכט פיל צרות. דער יודענראַט האָט גענומען פאַרשידענע צירונג פאַר די דייטשן אַלס אויסקויף־געלט. אין 1942, נאָכן ליקווי־דירן דאָס געטאָ, האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין ווילייקע. דאָרט זיינען מיר געווען 6 חדשים. טאָג־טעגלעך פלעגן זיין „אַפּעלן", און דעם לעצטן טאָג פון ליקווידירן דעם לאַגער פון ווילייקע, האָט מען אונדז אויסגעשטעלט נאַקעט און באָרוועס און פאַרכאַפּט בעתן „אַפּעל"; אָן אַ ביסל וואַסער פאַר די קינדער האָט מען אונדז געפּאַקט אָן די לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט צו דער באַן. די קינדער האָבן געוויינט און געשריגן, אַז מען פירט אונדז אויף פּאָנאַר. איך האָב זיך געטרייסט, אַז מיר זיינען אַלע צוזאַמען. ביי דער באַן־סטאַציע האָט מען אונדז געשטויסן און געוואָרפן אין די וואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין עסטאָניע. דער ערשטער לאַגער האָט געהייסן „וואַרוואַרא", דאָרט האָט מען יעדע מינוט געזען דעם טויט פאַר די אויגן. אַ קורצע צייט זיינען מיר געווען צוזאַמען מיט די קינ־דער. דערנאָך האָט מען שוין ניט דערלויבט אַריין צו די קינדער, און איך פלעג זיך אַריינגנבענען איבערן פּאַרקאַן, און דערביי אָפּט געקריגן געשלאָגן. מיין קלענסטער יינגעלע איז דאַן אַלט געווען 3 יאָר, און — אינגאַנצן באָרוועס.

אין יענער צייט האָט מען געבראַכט ווילנער יידן און פון זיי אָראָפּגעריסן אַ באַרג מיט זאַכן. איך האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט אַ פרוי צו גיין עפּעס קריגן פאַר די נאַקעטע און באָרוועסע קינדער. ביי דעם לאַגערפירער איז געווען אַ האָלענדער. ער האָט באַמערקט מיט וועלכן וועג מיר גייען, איז ער אַרויס און אונדז געטריבן אין באָד. דאָרט איז געווען אַ ספּעציעלער טיש צום שמייסן. מיט אַ שטעקן האָט מען אונדז געשלאָגן, אַז מיר האָבן וואָכן לאַנג ניט געקענט זיצן און געמוזט אַזוי גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט.

אין 1943 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון די קינדער. ווען די מוטערס זיינען געווען ביי דער אַרבעט האָט מען פאַרכאַפּט די קינדער און זיי אָפּגעפירט אין לאַגער „עראַדאַ". דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן אין אַ קעלער ביי הונגער און קעלט. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מען זיי אַוועקגעפירט פון דאָרט און זיי זיינען פאַרשוווּנדן. ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די קינדער זיינען אין „עראַ־דאַ", האָבן איך זייער געבעטן, מען זאָל מיך לאָזן זיין מיט זיי צוזאַמען. ווען איך בין שוין דאָרט אָנגעקומען, האָב איך דאָרט געטראָפן מיין עלטערן זונעלע. פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט קיין שטוטהאָף. כדי צו שטילן דעם גרויסן הונגער, פלעג איך פאַרמישן אַ ביסל קלייען פאַר מיר מיטן קינד.

אין שטוטהאָף האָט מען אונדז גלייך געפירט צום אַנטלויזן און דערביי אַלץ צוגענומען. ס׳זיינען שוין אַוועק וואָכן און איך האָב מיין קינד ניט געזען. איין מאָל גיי איך צו די דראָטן און דערזע לייבעצקע לאַפּידוסן (זיין פאָטער האָט געאַרבעט אין באַנק), האָב איך אים געפרעגט, צי זעט ער מיין דודקען? ער האָט מיר געזאָגט: „אויב איר וועט מיר שיקן מיין מאַמען, וועל איך אייך שיקן דודקען". בין איך זי געלאָפן זוכן. עס איז ניט געווען לייכט צו געפינען צווישן טויזנטער פרויען, אָבער דאָך האָב איך זי געפונען און געגאַנגען גלייך צו די דראָטן. צוגייענדיק נעענטער, האָב איך באַמערקט, אַז עס שטייען צוויי יינגלעך, אָבער מיין דודקען האָב איך שוין ניט דערקענט. מען האָט זיי געביטן די זאַכן און זיי האָבן אויסגעזען אויסגעמאַטערט און שלעכט. אַז איך האָב געזאָגט לייבעצקען, אַז עס איז נישט מיין דודל, האָט זיך מיין קינד אָפּגערופן: „מאַמע, דאָס בין איך, דיין דודל". ווי איך האָב מיט אים אָנגעהויבן רעדן, האָט דאָס באַמערקט אַ רוסישע אויפזעערין. זי האָט זיך גלייך פאַרמאָסטן מיטן שטעקן צו שלאָגן. איך האָב גענומען שטאַרק וויינען און בעטן, זי זאָל מיר דערלויבן צו רעדן אַ פּאָר ווערטער מיט מיין קינד. איך בין שוין דאָ צוויי וואָכן, און נאָך ניט געזען און ניט גערעדט מיט אים. מיין געוויין און געבעט האָט גערירט איר שטיינערן האַרץ, און זי האָט מיר דערלויבט. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל זיך סטאַרען אין קיך צו קריגן אַ קאַרטאָפל, אָדער אַ מערעלע, אויסצוהאַלטן דעם הונגער. האָט ער מיר געזאָגט: „איך וויל ניט גיין, מאַמע, איך האָב מורא". איך האָב זיך מיט אים אָפּגערעדט צו טרעפן אויף מאָרגן און אים ברענגען מיין שטיקעלע ברויט. ער האָט מיר צוגעזאָגט, און אויף מאָרגן פרי בין איך שוין צוגעלאָפן צו די דראָטן. ער איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אויפן אַפּעל. איך האָב אים גערופן, און ער האָט געשאָקלט מיטן קעפעלע אויף ניין. אַז ער קען ניט. ניט קוקנדיק אויף דעם, האָב איך דאָס שטיקעלע ברויט אַריבערגעוואָרפן איבער די דראָטן און דאָס קינד איז צוגעלאָפן און עס געכאַפּט און צוריק געשטעלט זיך אויפן פּלאַץ. פון ווייטן האָט ער מיטן הענטעלע מיך געקושט פאַר דאַנקבאַרקייט.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיין קינד. ביינאַכט האָט מען זיי אַלע אַוועקגעפירט אויף שטענדיק. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1944.

הינדע קאַגאַן

# אין קלעם ביי די דייטשן

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער וועלט־קריג אין יאָר 1939, זיינען אין אָשמענע אַריין די רוסן און פאַרנומען די מאַכט ביי אונדז ביז 1941. דאָס לעבן איז דעמאָלט געווען נאָך צו דערליידן. איך בין נאָך געווען מיט מיינע עלטערן צוזאַמען — אַפילו מיט די אַלע קרובים. אָבער ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די דייטש־רוסישע מלחמה, זיינען אין צוויי טעג אַרום אַריין די דייטשן און גלייך דעם ערשטן טאָג האָבן זיי זיך שוין פאַרנומען מיט די יידן.

אין צוויי וואָכן אַרום האָבן די דייטשן צוזאַמענגעטריבן אַלע יידישע מענער, וואָס זיינען אַוועק אין בית־הכנסת דאַווענען. אין אַלע שטובן און אַפילו אין די קעלערן האָט מען די יידן געזוכט און געפיניקט. פון מאַרק זענען זיי געוואָרן אַוועקגעפירט אין נאָענטן דאָרף באַרטעל. דאָרט האָט מען זיי נאָך מער געפייניקט אין אַ גרויסער בלאָטע, דערצו האָבן זיי נאָך געדאַרפט גראָבן פאַר זיך קברים, ווו זיי זיינען געוואָרן דערשאָסן. צווישן די מענער איז אויך געווען מיין פאָטער, פעטערס און זיידע.

ס׳איז אַזוי אַריבער אַ קורצע צייט און מען האָט אַלע אָשמענער יידן אַריינגעזעצט אין אַ געטאָ, וואָס איז ניט געווען קיין גרויסע, ווייל עס זיינען שוין דעמאָלט געבליבן נאָר פרויען מיט קינדער. איך בין נאָך געווען יונג און זייער ווייניק פאַרשטאַנען דעם טרויעריקן מצב. געבליבן בין איך נאָר מיט מיין מוטער און שוועסטער.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען זייער שרעקלעך. אַרויסגיין פון דאָרט האָט געדראָט מיט טויט.

אַרום די וווינונגען פון געטאָ און ביי די טויערן האָבן אונדז געהיטן ווייס־רוסן, אונטער דער מאַכט פון די דייטשן. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז מען האָט עמעצן געכאַפּט אויסערן געטאָ, האָט מען נאָך אויך גענומען צען יידן פון געטאָ און זיי דערשאָסן. די דייטשן פלעגן קומען אַלע טאָג מיט נייע שטייערן אויף די געטאָ־יידן. זיי האָבן אויך גענומען דאָס גאַנצע מעבל, ווערטזאַכן און דאָס גאָלד. גאַנץ שווער איז געווען דאָס אויפזאַמלען, אָבער מען האָט געמוזט אויספירן זייער באַפעל. ס׳איז ניט געווען קיין טאָג, אַז די דייטשן זאָלן ניט קומען מיט אַ נייעם באַפעל. און דאָס אַלץ האָבן די יידן געמוזט אויספירן. אויך דער יודענראַט האָט זיך ניט גוט אויפגעפירט לגבי יידן.

ווען די ליטווינער האָבן איבערגענומען די געטאָ איז געוואָרן בעסער. מען האָט זיך שוין געקענט אַרויסגנבענען אויסערן געטאָ צו די פּויערים. די ליטווישע וואַך האָט זיך דאַן פאַרלאָזן אויף דער יידישער פּאָליציי, וועלכע האָט נאָך מער געהיטן ווי די דייטשן. פון געטאָ פלעגן מיר אַרויסגיין אַרבעטן אויפן שאָסיי און אויך געמוזט רוימען ביי די דייטשישע זעלנער. איין מאָל האָבן די דייטשן געגעבן

אַ באַפעל, אַז די גאַנצע יוגנט אין אונדזער געטאָ דאַרף פאָרן אין אַ לאַגער קיין ליטע. אַלע זיינען אַוועקגענומען געוואָרן אין אַ לאַגער אַרבעטן, און איך, אַ קליינע, בין נאָך דעמאָלט געבליבן אין געטאָ.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען צו אונדז אין געטאָ אַריינגעפירט יידן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. עס איז דאַן פאָרגעקומען אַ גרויסע סעלעקציע אויף אַלטע. איך בין דעמאָלט געווען אויסערן געטאָ, ווייל איך האָב געדאַרפט רוימען ביי די דייטשישע זעלנער. ווען איך בין אַהיים געקומען, האָב איך געציטערט פאַר מיין מוטער. דער ייד איז דאַן געווען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז מען האָט ניט געקוקט אויף דעם — ווער ביי וועמען איז אַוועק מיט דער אַקציע, אַפילו אַ מאַמע...

ווען איך בין אַהיים געקומען איז מיין גאַנץ גליק געווען ווען איך האָב גע־טראָפן מיין מוטער. זי איז דאַן נאָך געווען יונג.

דערנאָך איז געקומען אַ באַפעל צו ליקווידירן דאָס געטאָ. אַזוי ווי דער רוב האָט געהאַט אייגענע אין דעם לאַגער, ווו אונדזער יוגנט פון געטאָ האָט זיך גע־פינען, זענען געפאָרן נאָר די, וועלכע האָבן דאָרט געהאַט קינדער, און די איבע־ריקע זענען געפאָרן אויף פאָניעוויעזש אין ווילנע. אונדז איז געלונגען צו פאָרן אין לאַגער, ווייל מיין פאָטערס שוועסטער איז דאָרט געווען.

אונדזער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן אין יאָר 1942. די יידן פון די לאַ־גערן זענען די ערשטע אַרויס פון געטאָ, אָבער די פון פאָניעוויעזש, האָט מען אַוועקגעפירט אויף פאָנאַר און אַלעמען דאָרט אומגעבראַכט. איך בין דאַן געווען אין לאַגער און געאַרבעט שווער. מיר האָבן געדאַרפט אויסבויען אַ שאָסיי. דאָרט איז ניט געווען אַזוי שלעכט, ווייל מיר האָבן געהאַט אונדזערע זאַכן און געקענט גיין אויפן דאָרף צו די ליטווינער אויסבייטן אונדזערע זאַכן אויף ברויט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען מיר האָבן געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט, האָט מען אונדז פאַרהאַלטן און אַרומגערינגלט אונדזער לאַגער. מען איז אַריין צונעמען די יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. איך האָב געהאַט אַ קליין שוועסטערל און די דייטשן האָבן זי צוגענומען. זיי האָבן געפאָדערט 79 קינדער, צוזאַמען מיט די ניט אַרבעטספעיִקע. אַ סך קינדער האָבן זיך באַהאַלטן (איך בין געווען פאַרשריבן עלטער און האָב שוין געאַרבעט אין שאַכט). גלייכצייטיק האָט מען ביי איינעם געפונען געווער. מען האָט אים גלייך אויפן הויף, פאַר אַלעמען אין די אויגן געפייניקט און דערשאָסן.

דערפאַר האָט מען צוגענומען 180 מאַן, אַפילו 80־יאָריקע זקנים. צווישן די פאַרנומענע איז אויך געווען מיין מאַמע. געבליבן בין איך מיט אַ יינגערע שוועס־טער. מיין לאַגע איז געווען אַ שרעקלעכע, אָבער אַליין זיך נעמען דעם טויט האָב איך ניט געקענט.

אין אַ קורצער צייט אַרום — דאָס איז געווען אָנהייב 1944 — האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אין טיף דייטשלאַנד אין לאַגער שטוטהאָף. דאָרט איז שוין געווען שרעקלעך. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ באָד צו „עטלאַוזונג", אין דערציי צוגענומען אַלע זאַכן וואָס מען האָט נאָר געהאַט; אַפילו אַ בילדל פון די עלטערן האָט מען ביי אונדז צוגענומען. מען האָט אַלעמען אָנגעטאָן „שטרעפלינג"־זאַכן און געשיקט צו דער אַרבעט ביי די דייטשן.

געאַרבעט האָבן מיר דאָן זייער שווער און פיל געהונגערט, אָבער איך האָב אַלץ איבערגעליטן. ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט האָט מען אונדז געטריבן טיפער אין דייטשלאַנד. מיר זענען געגאַנגען אַ חודש־צייט טאָג און נאַכט צו פוס. מען האָט אונדז געבראַכט אויף אַ פעלד אין אַ שייער. ס׳איז געווען ווינטער און די פראָסט איז געווען גרויס. באָרוועס און הונגעריק זענען מיר געלעגן אין שייער. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1945. דער הונגער און אומריינקייט זענען געווען אומדערטרעגלעך. די דערנערונג איז באַשטאַנען פון אַ קליינעם קוביקל וואַסער מיט צוויי קאַרטאָפל אין שאָלעכץ און 10 דעקאָ ברויט אויף אַ גאַנצע וואָך. יעדן טאָג האָט מען אַרויסגעטראָגן צענדליקער טויטע פרויען פון שייער. די ענגשאַפט און שמוץ איז געווען געפערלעך. אין שייער זענען מיר געווען זעקס וואָכן און דאָרט באַפרייט געוואָרן.

אַרייך אין שייער זיינען מיר 1500 פרויען, און געבליבן פון זיי זענען — 150. און פון די 150 זענען נאָך פיל אויך געשטאָרבן פון טיפוס.

(פון „ייוואָ״־אַרכיוו, ניו־יאָרק)

רבקה שפאץ / בת־ים

# די שחיטה

אין יאָר 1941 איז ביי אונדז אין אָשמענע געשען דער שרעקלעכער יידישער חורבן. אין די פינצטערע טעג איז אַן אומבאַשרייבלעכע שרעק באַפאַלן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. די רויטע אַרבעטער לויפן אַרום ווי צעמישטע מיט זייערע פאַמיליעס אויף אויטאָמאָבילן און פאַרלאָזן שנעל דאָס שטעטל. די דייטשע עראָ־פּלאַנען וואַרפן באָמבעס. די פּאַניק שטייגט. אויפן דריטן טאָג האָט אריינמאַרשירט די דייטשע „ראַזיעדקע" אויף מאָטאָציקלען, און נאָך זיי — די אַרמיי. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אין זיי געזען זייערע אויסלייזער, און נאָך דער וואַרעמער אויפנאַמע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רויבעריי און כאַפּעריי. ווי ווילדע צעבושעוועטע בעסטיעס האָבן זיך די פּאָליאַקן געוואָרפן אויף די איבערגעבליבענע סאָוויעטישע קאָאָפּעראַטיוון. מען האָט געשלעפּט אַלץ וואָס איז געבליבן און באַזונדערס פון די יידישע הייזער, וועמענס בעלי־בתים זענען פאַר שרעק אַנטלאָפן.

נאָך עטלעכע טעג איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די יידישע מענער זאָלן זיך צו־זאַמענקלייבן אויפן וויען. דאָרט האָבן די פּאָליאַקן אָנגעוויזן, אַז די יידן זיינען קאָמוניסטן, ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט אַ פּוילישער בריוועטרעגער, וועלכער האָט נאָכדעם דערפירט דאָס אומברענגען אַלטער קאַרפּס פאַמיליע פון שוויענטאָ־דוכאַ־גאַס, און נאָך זייער טויט צוגענומען פון דאָרט דאָס האָב־און־גוטס.

די אויפגעקליבענע יידן האָט מען צוערשט צייטווייליק אַוועקגעפירט און פאַרשפּאַרט אין שול. אין אַ חודש אַרום נאָך דער אַקציע אויפן וויען, האָט דער דאָקטאָר לעגער מיט זיינע פריינט אַרויסגערופן די געסטאַפּאָ, און מען האָט אויסגעשאָסן כמעט אַלע מענער. אויף אַ שטיל בערגל, באַוואַקסן מיט ביימער, ניט וויט פון שטעטל, וואָס האָט געהייסן באַרטעל, האָט זיך געגאָסן אומשולדיק יידיש בלוט. די פּוילישע פּאָליציאַנטן מיט די געסטאַפּאָווצעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די יידישע הייזער און געשלעפּט מיט גרויס פרייד די יידן צום טויט. דערצו האָבן נאָך צוגעהאָלפן די פּוילישע שקצים.

עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טרויער אין שטעטל. די הייזער זיינען גע־שטאַנען פּוסט און שטיל. דאָרט זענען געזעסן די איבערגעבליבענע פרויען און קינדער און געוויינט. פון אָנהייב פון דער אַקציע האָט מען געמיינט, אַז מען נעמט זיי צו דער אַרבעט, אָבער ווען מען האָט ווייטער גענומען, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַ גרויס אומגליק — מען האָט זיי גענומען צום טויט.

אין דער ערשטער גרופּע זיינען אַוועק די רבנים און די עלטערע מענטשן, וועלכע מען האָט געריסן און געשלעפּט פאַר די בערד און שרעקלעך געפּייניקט. אין דער דאָזיקער גרופּע איז אויך אַוועק מיין פעטער פון אָלשאַנער גאַס; זיין פרוי עלקע איז אומגעקומען מיט די מענטשן אין זיעלאָנקע. אין דער דריטער גרופּע האָט מען צוגענומען מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער און איינאונאיינציקן

ברודער אברהמלע, אַ 17־יאָריקער בחור, שילער פון דער פּוילישער גימנאַזיע. די אומגליקלעכע האָבן געמוזט אַליין אויסגראָבן גריבער. איין גרופּע האָט געמוזט פאַר־שיטן די צווייטע. איניקע האָבן פּראָבירט אַנטלויפן, נאָר מען האָט זיי נאָכגעשאָסן. די לעצטע גרופּע האָבן זיי אַליין אַ ביסל פאַרשאָטן, און נאָך אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי געהייסן, אַז די גוים זאָלן די גריבער באַשיטן מיט קאַלך. פאַרן טויט האָט מען די יידן שרעקלעך געפּייניקט. די ערשטע צייט האָט מען דאָרט קיינעם נישט צוגעלאָזט און נאָכדעם האָט מען שוין לגמרי ניט געקאָנט גיין אַהין.

אין דער צייט פון דער מענער־אַקציע האָט זיך צופעליק איינגעגעבן מיין מומע צו באַהאַלטן איר מאַן בערל קאַרפּעל מיט די קינדער. נאָך דער ליקווידאַציע פון אָשמענער געטאָ, אַדורכמאַכנדיק ווילנער געטאָ און עסטאָניער לאַגער, זיינען זיי אומגעקומען אין שטוטהאָפער געפאַנגענלאַגער. דער פעטער מיט צוויי זין, די מומע מיט איר טאָכטער, — דורכמאַכנדיק דאָס גיהנום פון טויטן־לאַגער — זיינען געבליבן לעבן. און דער אַנדערער, אברהמלע, איז מיט אַ גרופּע, בעת דער ליקווידאַציע פון אָשמענער געטאָ, אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער און דאָרט אויך אומגעקומען.

איך מיט מיין מוטער און שוועסטער, וואַנדערנדיק פון איין לאַגער אין צווייטן, זיינען אָנגעקומען אויף פאַרשידענע אופנים אין שרעקלעכן טויטן־לאַגער שטוטהאָף. מיך מיט מיין שוועסטער האָט מען אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט, און אַזוי אַרום מצליח געווען און געבליבן לעבן. אונדזער אומפאַרגעסלעכע מאַמע איז אַן עלנטע אומגעקומען אין דעם זעלבן שרעקלעכן טויטן־לאַגער.

נאָכן קריג, ווען דאָס ביסל איבערגעבליבענע אָשמענער יידן האָבן זיך צוריק־געקערט אין שטעטל, האָבן די דערבייאיקע גוים דערציילט גענויער וועגן אומקום פון די מענער. מיר האָבן אַרומגעשאָטן די גריבער און צוזאַמענגעלייגט געלט צווישן זיך און געשטעלט אַ צוים מיט אַ מצבה, וואָס די פאַסטעכער פון די אַרו־מיקע דערפער האָבן באַלד צעבראָכן. ביים קומען יעדעס מאָל דאָרט, פלעגט מען געפינען און ווידער באַגראָבן צעוואָרפענע ביינער. אַלע אינטערווענצן ביי דער מאַכט האָט ניט געהאַט קיין דערפאָלג.

טובה לונגין (צפלינסקי) / תל־אביב

# זכרונות

### לזכר אבי יקירי צפלינסקי גדליהו ז״ל
### ויתר קדושי אושמינה שנרצחו

ברצוני להעלות על הכתב זכרונות מיום שואה אחד מימי קהלת יהודי אושמינה — קהלה פורחת, שאיננה עוד — נוער תוסס, אבות ובנים, שהלכו כולם לעולמם בטרם עת, כשנרצחו בידי הנאצים ועוזריהם.

היה זה יום שבת קיצי רגיל. יום קודם לכן הודיע הרב, כי במקרה והגרמנים ידרשו יהודים לעבודה, עליהם ללכת ללא ויכוחים והתנגדות. אבא התלבש אותו בוקר מוקדם והלך לבית הכנסת להתפלל ואנחנו נשארנו במטות. גם אחותי היתה מוצבת אותו יום לעבודה אצל הגרמנים — לשטיפת רצפות. עודנו שוכבים במטות, פתאום שמענו בגרמנית קול המצוה לפתוח. נכנס איש ס.ס. בתביעה לגברים מתחבאים. אמי הסבירה לו כי אבי הלך לבית הכנסת להתפלל ויותר אין גברים בבית. הוא בכל זאת המשיך בחיפושיו, עלה על עלית הגג.

אחרי הבקור הבלתי צפוי הזה התלבשנו ויצאנו החוצה. למרות שהגרמנים גרשונו הביתה חזרה, הספקנו לראות איך הגרמנים מאיצים ומרביצים ליהודים שמצאום מתחבאים בבית. ראיתי את אליהו פרסקי יוצא מבוהל ופרוע שיער. למרות שצורת הלקיחה לעבודה נראתה משונה, אף אחד מאתנו לא העלה על הדעת, כי אכן זוהי דרכם האחרונה של היקרים ואהובים עלינו. אמהות הוציאו בנים ממחבואם ואלצום לצאת „לעבודה״ מפחד שמה ימצאום ויהרגום בבית. הפעילים בעבודה זו היו רוב הגויים השכנים שהראו מבית לבית איפה יש עוד יהודי. רוב היהודים היו אותו יום בבית הכנסת ולכן הוקלה העבודה על הקלגסים לאספם.

אחרי שהתגברתי על הפחד, לקחתי בידי דלי ומטלית ויצאתי החוצה כאילו לעבודה. הגעתי עד למגרש השוק ושם נתגלתה לנגד עיני תמונה מזעזעת ומחרידה: כל שטח השוק היה מכוסה ביהודים שכובים עם הפנים כלפי מטה, לבושי טליתות, וביניהם מטיילים הגרמנים עם רוביהם ביד. מדי פעם היו מביאים עוד יהודים וזורקים אותם עם הפנים כלפי מטה. הגרמנים לא הרשו להתערב ונאלצתי לחזור הביתה. כישצאתי פעם שניה כבר לא מצאתי את כל היהודים אלא קבוצה קטנה, אחרוני המתחבאים, שעמדו כשפניהם כלפי הקיר. עברתי סביב ונכנסתי לבית חברתי לאה (רודנר) מלרום, שהיה קרוב לשוק, בתקוה לראות מה יהיה הלאה ולאן יובילום. בזמן שהותי בבית החזירו את הרב מגיא ההריגה (בית הרב היה מאחורי בית רודנר), ראיתיו עובר פרוע שיער ללא כסוי על הראש. תיכף אחרי זה התחילה התרוצצות ליד הבית. הגרמנים הזמינו יינות ווודקה ועל הרב היה לספק להם את ההזמנה. אחרי שההזמנה הובאה נטלוהו חזרה לדרכו האחרונה. סופר שהרב הספיק להגיד: „יהודים — בוערת אש״. אחרי שיצאתי



ליד המצבה

בײ דער מצבה

מהבית כבר לא נשאר אף אחד מהיהודים והגרמנים בעיר. נגשתי אל חברתי חנה לובצקי ז״ל וגם צילה פיסמן (פרסקי), לקחנו חבילות אוכל ובגדים מהבית והחלטנו להביא לאבותינו. יצאנו בעקבותיהם. בדרך הצטרפה אלינו גם דינה לוין. לבשנו מטפחות גדולות על הראש על מנת לכסות את הטלאי הצהוב שענדנו על הגב ומצד שני להדמות לבנות האיכרים. עזבנו את העיר (שבוע קודם לכן יצאה פקודה אל היהודים האוסרת עליהם לעזוב את העיר והמפר פקודה זו יהרג). הרחקנו כ־2 ק״מ בדרך לזופרן כשראינו מולנו 2 או 3 מכוניות מלאות חיילים גרמנים ישובים עם הרובים ביד, חוזרים העירה ומאחוריהם ארגזים מלאי בקבוקים. ירדנו לתעלה שבצדי הדרך, חכינו עד שהתרחקו והמשכנו ללכת. הגענו לכפר ודינה הציעה, שהיא תכנס לכפר לשאול ואנחנו נשאר להמתין לה. חכינו בפאתי הכפר והנה מרחוק ראינו אותה מתקרבת בלוית גוי כשהיא מפרכת אצבעותיה ובוכה. כבר מרחוק הודיעה לנו את הבשורה המזעזעת, כי לדברי הגוי הרגו את כל היהודים. לא יכולנו ולא רצינו להאמין לאמת איומה זו. התחלנו למרר בבכי ולשאול את הגוי, שיראה לנו היכן הרגו את היהודים. הוא הביאנו לתל לא גבוה והצביע נגדו. ואכן מצאנו סביב לתל סימנים המעידים על שהות יהודים. מצאנו טלאים צהובים שענדו, שערות שנתלשו, כובעים, כמה נעלים, כמה נעלי בית. עלינו על התל. האדמה היתה תחוחה, ופה ושם מצאנו כמה סימני דם על עץ שגדל, אולם הדם נראה קרוש. לא רחוק מהתל ראינו כעין קבר. נסינו לחפור ומצאנו מעדרים טמונים. לקחנו מעדר ורצינו לחפור באדמה, ולפתע כאילו אלהים עצמו רצה להסתיר מעינינו — עיני ילדות תמימות — את הנבלה לה מסוגלים ברואי אדם, התקדרו השמים וניתך עלינו גשם שוטף. נוסף לכך גם הגוי לא הרשה לנו להשאר. מבוהלים, רטובים, רצוצים ומתיפחים רצנו הביתה בכוחות על אנושיים. בדרך חזרה החלטנו לא לספר לאיש ממה שהגוי סיפר לנו בתקוה כי אכן שקר הדבר, אלא לצערי ולצער כל האלמנות והאמהות שנשארו אחרי יתר התלאות היה אמת הדבר וכידוע הוצאו להורג אותו יום כמעט כל הגברים היהודים מאושמינה.

נותרו רק האלמנות וילדיהם ומתי מספר של גברים, שעבדו אותו יום אצל הוורמכט.

העניע זיגער־סווירסקי / תל־אביב

# געטא, לאגער און וואלד

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, בין איך אַנטלאָפן פון סמאָרגאָן, אָבער עס איז מיר ניט געלונגען. מיט גרויסע שוועריקייטן בין איך דערפאָרן ביז מינסק, אַריינפאָרן אין שטאָט איז געווען אוממעגלעך, אַן עסקאַדרילע פון דייטשע עראָ־פּלאַנען האָבן פאַרדעקט דעם בלויען הימל, אַזוי, אַז עס איז פינצטער געוואָרן ווי ביינאַכט. די שווערע באָמבעס זיינען געפאַלן און די געביידעס זיינען מיט אַ קרעכץ זיך צעפאַלן און באַדעקט די גאַסן. לענינסקע און סאָוויעטסקע איז ניט מער ענלעך געווען צו אַ גאַס, אויפן „פלאָשטשאַד סוואָבאָדי" האָבן זיך אַראָפּגע־לאָזן דייטשע דעסאַנטן. די גוייעס זיינען אַנטקעגן געלאָפן מיט בלומען און באַגריסט די דייטשן אויף רוסיש, און דער ענטפער איז געווען מאַשין־געווער...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט, געשאַפן דאָס געטאָ און געשאַפן די לאַגערן. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ לאַגער פון רעמאָנטירן אייזנבאַנען — זייער אַ שווערע אַרבעט. דער לוין איז געווען 100 גראַם ברויט מיט אַ ליטער וואַסער־זופּ, פאַרבראָקט מיט קאַרטאָפל־שיילעכץ. מיט דעם האָב איך געמוזט דערנערן מיין טעכטערל, וועלכע איך האָב מיט זיך געהאַט אין לאַגער. מיין מאַן (גוסל לעווינסאָן ז"ל) האָט מען דערמאָרדעט פון די ערשטע, און איך בין געבליבן אַליין נאָר מיטן קינד. איך האָב געטראַכט ווי אַזוי נקמה צו נעמען פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון מיין גאַנצער פאַמיליע. און אָט וואָס ס'האָט פּאַסירט:

אין לאַגער האָבן אויך געאַרבעט: אַ קאַצגאַר, אַ קראַנקן־שוועסטער און אַ בוכהאַלטער צו באַדינען די פאַבריק־אַרבעטער. צוליב מיין אַרישן אויסזען האָבן זיי זיך גענומען צו מיר דערנענטערן, אַפילו דערציילט, וואָס עס איז געווען פאַרבאָטן אין יענער צייט. לאַנג האָב איך ניט געוואַרט און בין אַריין אין זייער קאַמפס־גרופּע. אייניקע קריסטן, צוויי ברידער טאַטאַרן — טימאָפי און סיאָמקאָ, ד'ער בוכהאַלטער סערגיי, די קראַנקן־שוועסטער מאַרוסיאַ, סערגייס פרוי (אַ יידי־שע) האָט געהייסן דעם זעלבן נאָמען ווי מיינעם (גיענקאַ האָט מען מיך דאַן גע־רופן) און נאָך אייניקע.

מיר פלעגן אויספירן פאַרשידענע סאַבאָטאַזש־אַרבעטן אין פאַבריק גופא און אויסערהאַלב דער פאַבריק. עס איז געווען ניט לייכט. אין איינעם אַ טאָג איז געווען אַ באַפעל, אַז אַלע מוטערס זאָלן אָפּגעבן זייערע קינדער. איך האָב מיין טעכטערל צוגעבונדן צו זיך און געבעטן, מען זאָל אונדז ביידע דערהרגענען. די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז אויף דערמאָרדן מוטערס האָבן זיי ניט קיין באַפעל. מיך האָבן זיי שטאַרק צעשלאָגן און מיר צוגענומען מיין קינד. ווען איך בין צו זיך געקומען האָב איך זיך געפונען אין אַן אויטאָ מיט טויטע, וואָס מען האָט אַרויסגע־שטעלט אויף דער צווייטער זייט.

עס איז דאַן געווען אַ פינצטערע, האַרבסטיקע נאַכט. מיט גרויס מי בין איך אַראָפּ פון לאַסט־אויטאָ און דערשלעפּט זיך צו מיין קאַמפּס־גרופּע. זיי האָבן מיך ניט דערקענט, נאָר דעם פּאַראָל. איך בין געווען פאַרבלוטיקט, מיט צעריסענע קליידער. עס האָט לאַנג גענומען ביז איך בין געקומען צו זיך. פון דאַן אָן בין איך אַוועק אין וואַלד, נאַליפּאָווקער פּושטשע, אָטריאַד 25 יאָר ססס״ר״ (נאָמען פון מיין אָפּטיילונג). דאָרט האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיט מיין ברודער משהן. מיין פרייד איז געווען זייער גרויס, אָבער זי האָט ניט לאַנג געדויערט. בלויז דריי חדשים האָב איך זיך מיט אים געפּרייט. אין איינעם אַ זומער־טאָג, זיינען מיר אַוועק אויף אַן אַקציע און מיין ברודער איז געפאַלן. איך בין שוין ווידער אַליין. ער איז געווען דער לעצטער פון מיין פאַמיליע...

יהודית קולער־ראַזענטאַל / רמת־גן

# פּרטים פון לאַגער מיליגאַן

אין יאָר 1943, נאָכן ליקווידירן דאָס אָשמענער געטאָ, זיינען צוויי גרויסע משפּחות מיט זייער גאַנצן „פאַרמעגן" און ווירטשאַפט איבערגעפירט געוואָרן אין לאַסט־וואַגאָנען פון דער סטאַציע סאָלי קיין מיליגאַן — אויפן וועג צווישן ווילנע און קאָוונע, ווו עס האָבן געאַרבעט אונדזערע יוגנטלעכע שוין פון פריִער — אין הילצערנע באַראַקן מיט דריישטאָקיקע נאַרעס אַזוי ווי די פריִער געקומענע יוגנט און די משפּחות, מייסטנס פרויען מיט קינדער, מיט אַלע פּעקלעך, וואָס מען האָט נאָר געקענט פאַרפּאַקן פון דער איבערגעבליבענער ווירטשאַפט פון געטאָ. אין זעלבן פּלאַץ האָט מען נאָך געבראַכט יידן פון פאַרשידענע שטעטלעך, רעשטלעך פון אַקציעס פון ווידז, סוויר און מיכאַלישאָק. די ענגשאַפט און סאַניטאַרע באַדינגונגען זיינען געווען שרעקלעך. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. צו דער זאָרג פאַר אונדזער געזונט־צושטאַנד איז נאָך געווען גרויס דער פּחד, אַז די דייטשן זאָלן זיך דערפון נישט דערוויסן, וואָס וואָלט גורם געווען אַן אַלגעמיינע פאַרניכטונג. צו אונדזער גליק איז עס געווען אַן אַרבעטס־לאַגער, נישט באַוואַכט פון ס.ס.־לייט, נאָר פון געציילטע ליטווישע פּאָליציאַנטן. די גאַנצע לייטונג איז געווען אין די הענט פון די דייטשע מייסטערס. עס איז געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ וועלכע ס'איז הילף פאַר די יעניקע, וואָס האָבן זיך דערין געניייטיקט. אַ קליין צימער אין איינעם פון די באַראַקן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איזאָלאַציע־פּונקט און דאָרט זיינען געלעגן אונדזערע קראַנקע, ווו בײדע קראַנקן־שוועסטערס — דבורה זיסקינד (היינט אין אַמעריקע) און חיהלע באַראַן (וווינט אין ירושלים) האָבן זיי געפּלעגט, נישט נאָר מיט מעדיציניִשע הילף, נאָר אויך פּשוט באַדינט: געוואַשן, געראַמט און געקאָרמעט אַלעמען, אָן קיינעמס הילף, רויִק און שטיל מיט גרויס ענווּת. אַ שרעקלעכער געראַנגל איז געווען מיטן מלאך־המוות — אָן רפואות און אין באַדינגונגען פון שטענדיקן פּחד פאַר די דייטשן. אַ טייל שווער־קראַנקע איז געלונגען דורך פאַרשידענע קאָמבינאַציעס אַריבערצופירן אין ווילנער געטאָ, ווו עס איז געווען אַ שפּיטאָל. ליידער, זיינען נאָך אַ שווערן געראַנגל פיל געפאַלן.

עס איז מיר אויסגעקומען פון דער נאָענט נאָכצופאָלגן די שווערע אַרבעט פון די בײדע קראַנקנשוועסטערס בעת דער גרעסטער סכנה זיך אָנצושטעקן פון די קראַנקע. ביי טאָג און ביי נאַכט האָבן זיי געטאָן אַלץ, כדי צו פאַרלייכטערן די קראַנקע. ס'איז באַקאַנט אַ פאַל ווען נאָך אַ שווערן געראַנגל איז אַ קראַנקע געזונט געוואָרן, און ווען די משפּחה האָט, אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט, געוואָלט רעוואַנזשירן זיך מיט אַ מתנה, האָבן די בײדע קראַנקן־שוועסטערס עס אָוועקגעשענקט פאַר דער סאָציאַלער הילף.

געניאַ צעפּלינסקאַ

# דער טרויעריקער סך־הכל

## (גבית־עדות)

צוויי חדשים נאָכן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן האָט מען אין אָשמענע געמאַכט דאָס געטאָ — —אין שול־הויף אויף סאַדאָווע און נאָך אַנדערע קליינע געסלעך. אַ חודש פאַרן מאַכן דאָס געטאָ האָט מען געמאַכט אַן אַקציע אויף אַלע מענער פון 14 ביז 60 יאָר — אַפילו אַרויסגעשלעפּט אַלטע און קראַנקע לייט פון די בעטן. מ׳האָט אַלעמען צוזאַמענגעטריבן אויפן הויף פון בית־מדרש — צוזאַמען אַן ערך 1000 מאַן און זיי אַוועקגעפירט דריי קילאָמעטער אונטער דער שטאָט. דאָרט האָט מען זיי באַפוילן אויסגראָבן פאַר זיך גריבער. די אַלטע יידן האָט מען פריער אָנגעטאָן פאַרשידענע צרות, ווי אַרויסרייסן די בערד, געצוואונ־גען טאַנצן אַרום פייער, אין וועלכן זיי האָבן פריער געמוזט אַריינוואַרפן די קליידער. נאָך דעם האָט מען די יידן דערשאָסן. דאָס איז געווען אין חודש אב (יולי). 1941 יאָר. צו מאָרגנס זיינען די פרויען געגאַנגען זוכן זייערע מענער און ברידער און האָבן געפונען פאַרשיטע קברים ביי די אָקאָפּעס. דער קאָמענדאַנט האָט געלייקנט, אַז דאָס זיינען זייערע מענער. נאָכדעם האָט מען פון די אַרומיקע שטעטלעך צונויפגעטריבן די יידן אין אָשמענער געטאָ. צוזאַמען זיינען געווען אַ 5000 יידן.

אין פעברואַר 1942 האָבן די ס.ס.־לייט געמאַכט אַ פרישע אַקציע איבער די אַלטע לייט. מען האָט באַדאַרפט צושטעלן אַ קאָנטיגענט פון 1000 מאַן, און אַזוי ווי מען האָט ניט געקענט צוזאַמענשטעלן די צאָל פון די אַלטע לייט, האָט מען אויך גענומען יינגערע און מאַמעס פון זויג־קינדער. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אויף פורן און צופוס קיין זיעלאָנקאַ, אַ דאָרף נעבן ווילנע. דאָרט האָט מען זיי אויסגעשטעלט צו 30 מאַן און דערשאָסן. אין אַ חודש אַרום נאָך דער אַקציע, האָט מען אָנגעהויבן אַלע אויסזידלען — אַ טייל האָט מען געשיקט קיין ווילנע און אַ טייל — אין קאָוונער געטאָ.

די ס.ס.־לייט האָבן געטראָפן אויפן וועג די פאַרטיזע יידן, וואָס מ׳האָט געפירט קיין קאָוונע, און באַפוילן צו פירן די יידן גלייך אויף פאָנאַר. דאָרט האָט מען דערשאָסן 1000 יידן. די רעשט יידן האָט מען געפירט קיין ווילנע, און ווער עס האָט געהאַט קינדער אָדער פאַמיליע אין די לאַגערן — האָט מען דערלויבט אַהין צו פאָרן.

מיין מוטער און ברודער האָט מען געבראַכט צו מיר אין לאַגער מיליגאַן, ווו איך מיט מיין שוועסטער זיינען שוין געווען אַכט חדשים. דעם פאָטער האָט מען שוין געהאַט דערשאָסן אין דער ערשטער אַקציע. דער לאַגער־פירער האָט געהייסן הומעל — אַ גוטער מענטש. מיר האָבן געאַרבעט ביי די שאָסייען. אין

לאַגער איז געווען אַן ערך 2000 יידן. נאָכן אָנקומען פון מיין מוטער זיינען מיר געווען זעקס חדשים.

נאָוועמבער 1942 יאָר האָט מען ליקווידירט דעם לאַגער מיליגאַן און אונדז אַריבערגעפירט קיין יאַנישקי. דאָרטן האָבן מיר געאַרבעט ביי דער באַן־ליניע (1000 מאַן). דער לאַגער־פירער האָט געהייסן מאַיאר. נאָך די זעקס חדשים איז קיין אויסערגעוויינלעכס ניט פאָרגעקומען. נאָר איין מאָל האָט מען גענומען 50 מאַן אין די בונקערס צו די פאָרטן, אויסצוגראָבן די טויטע און פאַרברענען, כדי צו פאַרניכטן די שפורן פון די מאַסן־עקזעקוציעס איבער יידן. שפּעטער האָבן זיי די 50 מאַן אויך אומגעבראַכט, כדי עס זאָלן ניט בלייבן קיין עדות פון זייערע מערדערייען.

אין חודש יוני 1944 האָט מען אונדז געפירט קיין שטוטהאָף אין קאַצעט. דאָרט האָט מען אונדז צעטיילט צו לאַנדווירטשאַפט און שפּעטער געשיקט אויף אָקאָפּעס.

אין יאַנואַר 1945 האָט מען ליקווידירט דעם קאַצעט שטוטהאָף, און מיר זיינען געגאַנגען אין מאַרש.

(פון אַרכיוו יד ושם)

אויפגענומען אין די־פּי־לאַגער ניי־פרימאַו

דבורה קעסלגראָס-אַלפּעראָוויטש / נתניה

# אנטלאָפן פון לאַגער

דאָס איז פּאָרגעקומען אין אַ יוני־טאָג 1942.

מיט מיר אויף איין נאַרע האָבן זיך געפונען צוויי שוועסטער פון וואַרשע. די עלטערע האָט געאַרבעט ביי די דייטשן אין ביוראָ און די יינגערע — מיט מיר אויף דער בוי־שטעלע. אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט האָט אונדז מיט אומגעדולד דערוואַרט די עלטערע שוועסטער און דערציילט, אַז זי האָט געהערט אין ביוראָ פון די דייטשן, אַז די נאַכט וועט מען אַרויספירן שיסן. זי האָט דערביי צוגעגעבן: „זעט, קינדער ווי אַזוי זיך אויסצובאַהאַלטן און ראַטעווען זיך". פאַר אונדז איז דער טאָג־טעגלעכער שרעק ניט געווען קיין נייס. נאָר וואָס מער מיר האָבן אַלע טאָג געזען דעם טויט פאַר די אויגן, אַלץ גרעסער איז געווען דער ווילן צו לעבן. און דערצו זיינען מיר געווען יונגע, פערצניאַריקע קינדער. אַז ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, האָב איך מיך מיט די יינגערע שוועסטער שטילערהייט אַרויסגעגנבעט פון לאַגער דורך אַ לאָך צווישן די דראָטן (פון וואָס די דייטשן האָבן ניט געוווּסט. דאָס לאָך איז געווען פאַרשטעלט מיט אַלטע וואַגאָנעטקעס, און מיר, קינדער, זענען צעשראָקענע, אָבער גליקלעכע, אַוועק בלאָנדזשען ביי נאַכט אין פעלד אַריין. ניט ווייט זיינען געווען וועלדער.

מיר האָבן געבלאָנדזשעט ביז מיר האָבן געפונען אַ קליין לאָנקעלע צווישן קאָרן, און פאַרמאַטערטע זיינען מיר איינגעשלאָפן. מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט ווען די הענער האָבן גענומען קרייען. דער ערשטער בליק איז געווען אויפן לאַגער: וואָס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע נאָענטסטע, מיט אונדזערע פאַמיליעס, מיט אַלע יידן, וואָס זענען דאָרט געבליבן? מיר האָבן געקוקט און ניט געאָטעמט ביז מיר האָבן זיך דערוואַרט די מינוט, ווען ס׳האָט זיך געעפנט דאָס טויער פון לאַגער האָבן אויסגעמאַטערטע, אויסגעפייניקטע יידן גענומען אַרויסגיין קאָלאָנעסווייז צו דער אַרבעט. אונדזער פרייד איז געווען גרויס באַלד וועלן מיר זיך ווידער טרעפן אַלע ביי דער אַרבעט, אונטערגעיאָגט פון די דייטשישע אויפזעער, און אין דער זעלבער צייט פלעגן מיר רעדן און חלומען וועגן אַ גליקלעכן טאָג, ווען די זון וועט פאַר אונדז אויך שיינען. אַזוי האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין לאַגער.

מיכל דאַווידזאָן / בת־ים

# דער וועג פון פיין

בעת דעם דייטשן אָנפאַל אויף רוסלאַנד דעם 22סטן יוני 1941 זיינען טויזנ־טער מענטשן געלאָפן טיפער אין לאַנד, אָבער דער שונא איז אַלעמען פאַרלאָפן דעם וועג, און הונדערטער דערשאָסענע האָבן באַדעקט דעם שאָסיי. צווישן די הרוגים זענען אויך געווען אַשמענער יידן.

איך בין דאַן אַלט געווען 12 יאָר. אַ שרעק איז באַפאַלן אונדזער שטעטל אָש־מענע. די פּאָליאַקן און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו ראַבעווען ביי יידן. אַלץ וואָס מען האָט פאַרמאָגט און וואָס עס איז אויך איבערגעבליבן אין די סאָוויעטישע קאָאָפּעראַטיוון. גלייכצייטיק האָבן די דייטשן געשאָסן אויף די גאַסן.

די ערשטע יידישע קרבנות זיינען געווען: ווולקע לעווין, מאָטקע גערסטנער און מאָטע־לייבס זון. אויפן צווייטן טאָג האָבן זיי דערשאָסן דעם שניידער לאַזעוווניק. מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס.

מיט 10 טעג שפּעטער האָבן זיי מיט דער הילף פון די פּאָליאַקן אַרויסגעטריבן אַלע יונגע מענטשן אויפן וויען נעבן בוינע. דאָרט האָבן זיי אויסגעקליבן פופציק יונגעלייט, צווישן זיי איז אויך געווען מיין ברודער אישיקע, יאָסקע לערנער און חיימקע ראַבינאָוויטש. מען האָט זיי אַריינגעטריבן אין שול. די פיין איז געווען גרויס און די געוויינען און געשרייען — ביזן הימל. מען האָט זיי געוואָלט אויס־קויפן, די דייטשן האָבן צוגענומען דאָס גאָלד — און זיי ניט אָפּגעלאָזן. שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין לידע און, נאָך פיל פייניקונגען, דערשאָסן.

אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען אין אַ שבת אינדערפרי אָנגעקומען אַ סך דייטשן (ס.ס.־לייט) און באַפוילן אַלע מענער אַרויסגיין מיט לאָפּעטעס אויף דער גאַס. מיט דער הילף פון די פּאָליאַקן האָט מען גענומען זוכן די באַהאַלטענע. מען האָט די יידן אויסגעלייגט אויף דער ערד נעבן קלויסטער. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פאָטער, ברודער רובקע, פעטער פיניע דאַווידזאָן און גרשון דאַווידזאָן; אונדזערע קוזינען מיישקע, פיישקע ליובקע און אישיקע. מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין באַרטעל, געהייסן גראָבן גריבער און זיי אַלעמען אויסגעשאָסן.

קומענדיק אויף דעם פּלאַץ האָבן מיר דערזען דאָס גרויסע אומגליק, די ערד האָט זיך נאָך גערירט פון די ניט־דערשאָסענע, וועלכע זיינען פאַרשאָטן גע־וואָרן לעבעדיקערהייט. אין שטעטל זיינען געבליבן נאָר פרויען און קינדער און אַ קליינע צאָל מענער, וועמען עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן.

נאָך דעם אומגליק האָט מען געשאַפן דאָס געטאָ און אַלעמען אַריינגעטריבן, צווישן זיי אויך מיין מוטער ציליע און שוועסטער גיטעלע. עס איז אונדז ניט אויס־געקומען צו זיין לאַנג צוזאַמען אין געטאָ; מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין די לאַגערן, ווו עס זיינען אומגעקומען מיין מוטער און שוועסטער.

איך האָב געוואַנדערט פון איין לאַגער אין צווייטן, צוזאַמען מיט מיינע דריי חברים: מאיר לאַפּידוס, מאָטקע טראַפּאָטשניק און חיימקע שוטאַן, דורכמאַכנדיק אַ גיהנום פון פּיין, הונגער און קעלט, — ניט איין מאָל זעענדיק דעם טויט פאַר די אויגן. עס זיינען געווען מיט אונדז נאָך אַ סך אָשמענער: שמעון לעווין, מיישל לעווין, שמואל לעווין, אהרון פּערסקי, פייוול משה־אהרונס, לייבקע מיטשוק און אברהמקע לעווין. דער רוב פון זיי זיינען אומגעקומען.

מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דעם 8־טן מאַי 1945 אין פאַרניכטונגס־לאַגער לייטמעליץ, דורך די רוסן. זיי האָבן אונדז אַוועקגעשיקט קיין וואָראָשילאָווסק (אוקראַינע), מיר האָבן דאָרט געאַרבעט זייער שווער ביזן 20סטן יולי 1946 דאַן זיינען מיר געפאָרן קיין אָשמענע. עס האָט אונדז געצויגן אַהין אין דער האָפע־נונג, אַז אפשר איז נאָך עמעצער פאַרבליבן. עס האָט אונדז שרעקלעך ווי געטאָן דאָס האַרץ, זעענדיק ווי די פּאָליאַקן האָבן זיך באַזעצט אין אונדזערע הייזער, די זעלבע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאָלפן דערמאָרדן אונדזערע טאַטעס און ברידער. נאָך פּריש איז געווען דער קבר אחים.

מיר זיינען אַלע פיר געפאָרן קיין באַרטעל, דאָס אָרט פון דער עקזעקוציע און אַרומגעגראָבן די קברים און צוזאַמענגעקליבן די ביינער, וואָס חיות האָבן אַרויס־געשלעפּט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר געשטעלט אַ מצבה, ווו אָשמענער יידן פלעגן פאָרן צו דער יאַרצייט — ביז מיר האָבן פאַרלאָזן די סאָוויעטישע מאַכט. און היינט, דאַנקען גאָט, געפינען מיר זיך אין אייגענעם געליבטן לאַנד.

מיכל באַראַן / ניו־יאָרק

# אַ סוף פון דער היים

אויפן גרויסן שליאַך צווישן מינסק און ווילנע איז געלעגן דאָס שטעטל אָש־מענע. געלעבט האָבן דאָרט יידן פול מיט האָפענונגען און חלומות אויף אַ בעסערער, שענערער וועלט. און דערווייל האָבן זיי דאָס שטעטל פאַרוואַנדלט אין אַן אָרט פון ידישן וויסן און פון תורה. אָשמענער יידן האָב געגלייבט, אַז זיי זיינען גע־בענטשט מיט אַ ברכה פון ר׳ מרדכילע, דעם הייליקן אָשמענער צדיק, און אַז קיין שם שלעכטס וועט ניט געשען דער קהילה.

נאָך מיט 300 יאָר צוריק איז שוין אין אָשמענע געווען אַ יידישע קהילה. פאַר־שידענע צייטן האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט. קרוב אַכט טויזנט יידישע איינוווי־נער זיינען געווען אין דעם שטעטל. די יידן האָבן אויסגעהאַלטן אַ גרויסע ישיבה, אַ תלמוד־תורה, אַ העברעישע תרבות־שול, אַ יידישע שול פון ציש״אָ מיטן אומ־פאַרגעסלעכן לערער חיים פירער, מיט קרוב 250 קינדער; אַ דראַמאַטישן קרייז, אָנגעפירט פון סאָלאָרטשיק און שרירא. עס איז געווען אין אָשמענע אַ גרויסע ביב־ליאָטעק פון דער קהילה אונטער דער אויפזיכט פון ירמיהו קורינעצקי. עס זיינען דאָרט אויך געווען פאַרשידענע פאַרטייען און גרופּן, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרבונדן די יוגנט.

אַזוי האָט געלעבט און זיך געראַנגלט דאָס שטעטל פאַר איר עקזיסטענץ ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דעם 22סטן יוני, 1941, קומט די דייטשע אינוואַזיע, און דאַן הייבט זיך אָן דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון מיין היימשטאָט אָשמענע.

אַ חודש נאָך דעם ווי די דייטשן, ימח שמם וזכרם, האָבן פאַרנומען אָשמענע, נאָך איידער דאָס געטאָ איז איינגעשטעלט געוואָרן, האָבן די מערדער, אונטערן אויסרייד פון גיין גראָבן טראַנשייען, צוזאַמענגענומען 1200 יידישע מענער אין עלטער פון 14 ביז 60 יאָר. נאָכן פּייניקן זיי אין מיטן מאַרק פון שטאָט, כדי צו שטילן דעם חיהשן אינסטינקט פון די פּאָליאַקן, האָבן די דייטשע מערדער, צוזאַ־מען מיט די פּוילישע הענקער, זיי פאַרשלעפּט הינטער דער שטאָט און זיי אומגע־בראַכט. זיי האָבן נאָך פריִער געמוזט פאַר זיך אַליין גראָבן די קברים. טייל פון זיי האָט מען באַגראָבן לעבעדיקערהייט. קיין איין איינציקער פון די 1200 איז ניט געראַטעוועט געוואָרן.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון קלענערע און גרעסערע „אַקציעס״. מען האָט אָנגעהויבן ביסלעכוויז אַרויספירן די יידן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אין די טרויעריק־באַרימטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו די מערסטע זיינען אומגעקו־מען אין די קרעמאַטאָריעס.

ווינטער 1942, האָבן די רוצחים צוזאַמענגעקליבן די עלטערע תושבים פון געטאָ און מיט אַ בעסטיאַלישער אַכזריות פאַרשלעפּט זיי הינטער דער שטאָט,

לעבן דעם דערפל זיעלאָנקע און דורך אַ גרויזאַמען טויט דאָרט אומגעבראַכט די טייערע און ליבע זקנים פון אונדזער קהילה.

דאָס לעצטע קאַפּיטל איז געקומען אין יאָר 1943 אין חודש אַפּריל

די געסטאַפּאָ האָט דאַן ליקווידירט די אָשמענער געטאָ אונטערן אויסרייד, אַז די יידן העלפן די פּאַרטיזאַנער פון די אַרומיקע וועלדער. די יידן האָט מען פאַר־שלעפּט קיין פּאָנאַר (דער בית־עולם פון ווילנער יידנטום) וווּ מען האָט זיי געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט לעבן די צוגעגרייטע קברים. די יידן האָבן געשטעלט אַ פּאַרצווייפלטן און העלדישן ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך געוואָרפן מיט די פויסטן, מיט שטיינער און שטעקנס אויף די מערדער.

דאָ ווערט די געשיכטע פון דעם אָשמענער יידנטום אָפּגעשלאָסן. נאָר קברים זיינען דאָרט פאַרבליבן און זכרונות ביי אַ פּאָר צענדליק געראַטעוועטע פליטים, וועלכע זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט

מיר, די פאַרבליבענע, דאַרפן אייביק טראָגן אין אונדזערע הערצער דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטן שטעטל, פון אירע ליבע און טרייע יידן, פון אונ־דזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען אויסגעמאָרדעט און פאַרפייניקט געוואָרן.

# דאס פארלאזן אשמענע

מיט פלאַנמעסיקער אָרדענונג, האָבן די אָשמענער יידן פאַרלאָזט זייער געטאָ. מיט אַ טאָג פריער האָט יעדער באַקומען פון יודענראַט אַ „פאַר־באַפעל", אויף וועלכן ס'איז אויך געווען אָנגעשריבן די צאָל באַשטימטע פאַר דער משפחה וועגענער — דורכשניטלעך איין פור אויף 2 פערזאָן. די פורן זיינען געווען באַ־שטעלטע אין די גמינעס דורכן געביטס־קאָמיסאַר. אין דער האָפענונג צו פראָפי־טירן זיינען די פויערים געפאָרן. אין געטאָ ביים טויער האָט יעדער באַקומען אַ רעגיסטראַציע־נומער און געזאַמלט זיך אויפן גרויסן פלאַץ נעבן דער „יבנה"־שול. דאָרטן האָט יעדער באַזיצער פון אַ פאַר־באַפעל באַקומען זיינע פורן. די וועגענער זיינען געפאָרן איבער די הייף און נאָכן אויפלאָדן זייערע פעק, זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי. אין דער לענג פון גאַנצן געטאָ זיינען די פורן איינע נאָך דער אַנדערער, אַרויס פון טויער. יעדע גרופע פון 30 פורן איז באַ־גלייט געוואָרן דורך אַ פאָליציסט. ביים פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט דער פויער אָוועקגעגעבן זיין נומער, און דער ייד — זיין „פאַר־באַפעל", און אַזוי האָט זיך געפירט אַ גענויע עווידענץ פאַר אָוועקגעפאָרענע און פאַרבליבענע. די יידן זיינען געפאָרן אין זשאסע און אין זשעזמארי, 17 קילאָמעטער ביז דער באַן־סטאַציע און דערנאָך מיט דער באַן. חוץ דעם זיינען צוויי טעג געגאַנגען לאַסט־מאַשינען מיט קליינע קינדער און מוטערס דירעקט אין לאַגער אַריין.

דער דראַנג צום פאָרן איז געווען אַ שרעקלעכער. עס איז געוואָרן אַ פסיכאָז, וואס גיכער צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. ווילד האָט אויסגעזען דער עולם ביים שטופן זיך צו דער מאַשין, מען האָט זיך געוואָרפן צו דער ערד און געגאַנגען מיט די פיס איבער די מענטשן. אין ווילנע איז מען געפאָרן דירעקט מיט פורן און מיט פריוואַט געדונגענע לאַסט־וועגענער.

ביים פאַרלאָזן דאָס געטאָ דורך דעם ערשטן ווילנער טראַנספּאָרט איז פאָר־געקומען דער פאָלגנדיקער פאַל: ווען די מענטשן זיינען שוין געזעסן אויף די וועגענער און געוואַרט אויפן עפענען דאָס טויער, זיינען אין געטאָ אַריין צוויי דייטשע נאַצי־פאַרטיי־מענטשן מיט אַ יונגן יידישן בחור, חאַנע לעווין פון קרעווע. ער האָט געאַרבעט אין קענער לאַגער. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין מוטער, ברידער און שוועסטער פאָרן קיין ווילנע, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון לאַגער און אַוועק קיין אָשמענע, כדי צוזאַמען מיט דער משפחה פאָרן צום פאַטער. ער איז ניט געווען דער איינציקער; אַזוי האָבן געטאָן עטלעכע, אָבער יענע איז עס מער געלינגען. צו זיין אומגליק האָבן אים געטראָפן די צוויי דער־מאָנטע דייטשן. זיי האָבן אים געבראַכט אין געטאָ אַריין און אין די אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע יידן אים דערשאָסן. ביים פאַרלאָזן דאָס טויער פון געטאָ, האָבן די דייטשן מוראדיק צעשלאָגן צוויי אָנגעשטעלטע פון יודענראַט. דער טויטער קערפּער פונעם בחור איז ביים שוידערלעכן יאָמער פון דער מוטער און פאַר־בליבענע קינדער, אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער שכנותדיקער יאַטקע. די פורן זיינען אַרויס פון געטאָ. צוויי טעג איז געפאָרן דער ווילנער טראַנספּאָרט; די

איבערגעבליבענע האָבן נאָך געגוי ניט געוווּסט זייער באַשטימט אָרט — פּאָניעוויעזש אָדער קאָוונע. לעצטנס איז קלאָר געוואָרן, אַז אַלע פאָרן קיין קאָוונע.

אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געוואַרט און געוואָלט פאָרן וואָס גיכער, ווייל אומהיימלעך האָט מען זיך שוין געפילט אין פוסטן געטאָ, פון וועלכן עס איז שוין אַרויס דריי פערטל פון דער באַפעלקערונג. ביינאַכט פלעגן פויערים אויפברעכן די פאַרצאַמונג און ראַבירן די פאַרלאָזענע הייזער. פיל פאַרמעגן איז נאָך געווען אויף די ביידעמער, שטאַלן און וווינונגען. די ווילנער פּאָליציי, וועלכע איז געשיקט געוואָרן צו היטן די אָרדענונג, האָט אויפן באַפעל פון דער זשאַנדאַרמעריע געשלאָגן די געכאַפּטע קריסטן. עטלעכע קריסטן האָט דער זשאַנדאַר געשמיסן מיט די אייגענע הענט נאָכן כאַפּן זיי אין געטאָ מיט פולע זעק מיט געשיר.

ווען עס איז קלאָר געוואָרן דער טאָג פון אָפּפאָר, און עס זיינען שוין באַשטעלט געוואָרן די פורן פאַרן קאָוונער טראַנספּאָרט, האָט דער יודענראַט אויסגעקליבן פאָרשטייער פון צווישן די אָפּפאָרנדיקע, וועלכע זאָלן אונטערוועגנס זאָרגן וועגן די איבעריקע. בראש איז געשטאַנען מענדל לאַסקאָוו פון סמאָרגאָן, ער האָט באַקומען אַ באַגלייט־בריוו און 20 טויזנט רובל אויף הוצאות. ווען ער האָט זיך געזעגנט, האָט ער געזאָגט: טרעפן זאָלן מיר זיך אויף דער ערד". דער ווונטש זיינער איז אָבער ניט מקוים געוואָרן.

(פון „מורשת"־אַרכיוו)

# געבליבן לעבן

## (גבית־עדות פון ליובאַ בוגדאַר־האָכבוים)

אין יאָר 1941, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע אָקופּאַציע, האָבן אונדז די דייטשע מערדער פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ. מיר זיינען דאָרט געווען מיט דער גאַנצער משפחה. אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען מיך מיט מיין שוועסטער צוגענומען אין לאַגער מיליגאַן — און מיין גאַנצע משפחה איז גע־בליבן אין געטאָ. מען האָט אונדז דערלויבט מיטצונעמען זאַכן, אָבער נאָכדעם האָבן די דייטשן אַלץ צוגענומען.

אין לאַגער האָבן מיר אויסגעפירט די שווערסטע אַרבעט (געבויט שאָסייען) און נאָך אַ יאָר שווערער אַרבעט האָב איך זיך אַמאָל אַוועקגעגנבעט אין אַ דאָרף צו אַ פּויער בעטן אַ שטיקל ברויט. ווען דער שאַכטמייסטער האָט דערזען, אַז עמעצער פעלט, האָט מען מיך געזוכט און געטראָפן עסנדיק ביי אַ קריסטין אין שטוב. דער דייטש האָט מיך שרעקלעך צעשלאָגן. ווען ניט דאָס געבעט פון דער קריסטין, וואָלט ער מיך זיכער דערהרגעט.

פון דעם לאַגער האָט מען אונדז געפירט אין לאַגער יאַנושעק, ביי נאָך פיל שווערערע באַדינגונגען. מיט די איינציקע זאַכן, וואָס זיינען אונדז נאָך פאַרבליבן, זיינען מיר מיט גרויס שרעק געגאַנגען זיך בעטן ביי די דייטשן, וועלכע האָבן מיט אונדז געאַרבעט, זיי זאָלן דערלויבן צו גיין אין דאָרף אויסבייטן די זאַכן אויף אַ שטיקל ברויט, און דערביי אויך צוגעזאָגט צו ברענגען פאַר זיי אַ ביסל שנאַפּס, אָדער אַנדערע זאַכן. איינציקע מאָל האָט די ליטווינקע זיך מיט אונדז געביטן די זאַכן אויף ברויט און נאָך דעם געמאָלדן וועגן דעם דעם לאַגער־פירער. מען האָט מיך און מיין שוועסטער דערפאַר פאַרשפּאַרט אין שטאַל, שטאַרק צע־שלאָגן און געדראָט צו שיסן. אַזוי ווי מיין שוועסטער האָט געהאַט פון איר מאַן אַן אָנצונג און אַ ביסל גאָלד, האָט מען אונדז אויסגעקויפט דאָס לעבן. ביי דעם לאַגער־פירער האָט געאַרבעט אַלס קעכין אַן אָשמענער פרוי, מאַניושאַ קאַמיע־ניעצקאַ, זי האָט זייער געבעטן דעם לאַגער־פירער, מען זאָל אונדז באַפרייען און צו אים געזאָגט: אויב דו וועסט זיי דערשיסן, בין איך גרייט צו זיין די ערשטע". אַ דאַנק די אַלע באַמיאונגען בין איך און מיין שוועסטער געבליבן לעבן.

## (גביעת־עדות פון געניע צעפּלינסקאַ)

דעם 16־טן יוני 1942 יאָר, האָט מען די יוגנט פון אָשמענער געטאָ אַרויסגעפירט אין לאַגער מיליגאַן, צווישן קאָוונע און ווילנע, אַן ערך 360 יוגנט־לעכע. אין דעם לאַגער האָבן זיך געפונען בערך 1000 מאַן. מיר האָבן געאַרבעט ביים בויען אַ שאָסיי. די אונטערנעמונג האָט געהערט צו דער בערלינער פירמע „קאַרל באַרטעל".

ווען מיר זיינען אָנגעקומען, זיינען אין לאַגער געווען 26 יידן (מענער, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט די באַראַקן און געמאַכט די פּאַרצוימונג. מ'האָט דאַן צוזאַ־

מענגעטריבן די ידן פון מיכאַליסקי, סביר, ווידז און אָשמיאַנע, אַרום 1000 מאַן, וועלכע האָבן געבויט דעם שאָסיי קאָוונע—ווילנע.

די לאַגער־שעפן זיינען געווען דעלינג און יופּ, און דער לאַגער־פירער — הומעל. די שטערבלעכקייט איז ניט געווען קיין גרויסע, ס׳איז געווען אַ טיפוס־עפּידעמיע. עטלעכע מאָל האָט מען אַרויסגעפירט פון אונדז ידן אין ווילנער געטאָ.

אין מערץ 1943 האָט מען דעם לאַגער ליקווידירט און אונדז פונאַנדערגע־שיקט אין פאַרשידענע לאַגער (1500 ידן) — אין עלאי־לאַגער, יאַנישקי, וועוויע, זעזשמע. די באַדינגונגען אין לאַגער זיינען געווען שלעכטע — 90 מאַן האָבן געוווינט אין איין צימער. ס׳זיינען אויך געווען פאַלן, ווען אין איין צימער האָבן געוווינט 150 מאַן.

(פון ארכיוו יד ושם)

אויפגענומען אין די־פּי־לאַגער ניי־פרימאַן



## געטאָ וויג־ליד

הער, מיין קינד, ווי ווינטן ברומען —
מאַך די אויגן צו.
דיין טאַטע האָט מען צוגענומען,
כ׳ווייס אַליין ניט וווּ.

איך אַליין מיט דיר געבליבן —
ס׳איז מיר ווי און ווינד.
געווען זיינען מיר נפשות זיבן,
איצט נאָר מיט דיר, מיין קינד.

אויסגעביטן דיינע זאַכן —
ס׳טוט מיר ווי דאָס האַרץ;
ווער וועט דיר איצט נייע מאַכן —
די נאַכט איז לאַנג און שוואַרץ.

ניטאָ אין שטוב קיין זאַך, קיין ביסל,
ניטאָ קיין שטיקל ברויט.
דיינע שיך זיינען צעריסן
שלאָף, מיין קינד, אין נויט.

הער, מיין קינד, מ׳טאָר ניט וויינען —
דער פּאָסטן גייט דאָ אום.
שיסן קען ער — מיינען וועט ער,
אַז מען גייט אַרום...

מחבר — אומבאַקאַנט.
אויפגענומען אין געטאָ אַשמינע, 1942
איבערגעגעבן דורך **בתיה פּרוסאַק**

# שיר ערש

שמע, ילדי, רוחות יגנחו,
נומה, בן, ישן.
את אביך כבר לקחו,
לא אדע לאן.

שבע נפשות היינו,
שבע, בן יקר.
ועתה נותרנו שנינו,
גורלנו מר.

את בגדיך כבר החליפו
ולבי אבל.
והאם אותם ישיבו?
כה שחור הליל.

ריק ודל, עזוב ביתך,
גם פת־לחם אין
וקרועות הן נעליך,
נום בצער, בן.

שמע, ילדי, אסור לבכות,
אויב אורב לך
הוא יודע טוב לירות
אם רק ישמע קולך.

מחבר בלתי ידוע
גיטו אושמינה, 1942

המתרגם: **נחומי הר־ציון**, חבר קבוץ ניר אליהו

צפורה קאַפּלאָוויטש־בדנס / ניו־יאָרק

## כ׳האב דיין געשטאלט ווי דורך א נעפל געזען

אין פינצטערע נעכט ווען איינזאַם אַליין
אויף מיין האַרטער נאַרע כ׳ליג און איך טרוים,
הער איך דיינע ליפּן שעפּטשען אַ תפילה.
און דיינע הענט שטרעקסטו אויס,
ווי באַשיצן דו ווילסט
מיין נשמה וואָס גייט אויס ווי פאַר נעילה.

פאַראייביקן וועל איך דיין געשטאַלט אין מיין האַרץ,
איינקריצן אין האַרץ און נשמה
און משפטן זאָלסטו, אָ גאָט, נאָר דו אַליין,
די וואָס האָבן פאַרשניטן אויף אייביק
פון מיר מיין נחמה.

כ׳האָב דיין געשטאַלט ווי דורך אַ נעפל געזען,
אָ, מאַמע.

לאה גרשונוביץ לבית חדש / נתניה

# הגיטו

מילים אלו הוקדשו לזכר הרוגי הגיטו

רחובות צרים
בתים רעועים
אנשים כצללים
ברחובות הגטו מתהלכים
הצפיפות והפחד
מעורבים ביחד

בכל עת בכל שעה
לגיטו מתפרצים
בתביעותיהם המוזרות
את כוחותינו מכלים
פתאום הם תובעים
פרוות ושעונים
כסף זהב ודברי ערך יקרים
כבני ערובה לוקחים עשרות גברים.

מעשה באשה שאת הגיטו יצאה
לחפש פת לחם לבנה
לאשה האומללה לא שיחק מזלה
באמצע הדרך נתפסה
לאן את הולכת יהודיה ארורה?
האם את שכחת שאת בגיטו כלואה?

ידעתי אף ידעתי
ענתה בלב נפעם
חפשתי פת לחם לבני הקטן,
את בנך הקטן הביאי לכאן
פקד הצורר זעף ורטן
ביד רועדת בנה מובילה,

אולי יקרה נס אולי תוושע,
אך אין רחמים בלב אכזרים
לירות צוה באם ובבנה.

פתאום הגיטו מתרוקן מאנשיב
הם הולכים הם באים,
לשער מתקרבים בבתים מסתגרים,
במקומות סתר מתחבאים,
אך אין מנוס אין מקלט
מהמרצחים הארורים

מאחת הסימטאות הסמוכות
הוציאו שלש בנות
זכות וטהורות
הפעם לא הסתפקו בשעונים ובפרוות
הפעם תבעו דם האומללות,
הס בגיטו, שקט ודממה
רק יריה חדה
את האויר פלחה
נעשתה המלאכה,
אדמת הגיטו בדמן רוותה.
דם טהורים דם קדושים

עד מתי נחיה
בזוועות ואימים
אין קול ואין עונה
הכל ריק מאדם
רק לבנו המעונה צועק לנקם

# אוועק אין וואלד

אין די אָשמענער וועלדער זיינען קיין פּאַרטיזאַנער ניט געווען, דאָך, פון צייט צו צייט האָט אויך אַהער עמעצער פאַרבלאָנדזשעט. זומער האָבן דייטשן אויפן סמך פון אַ מסירה דורכגעזוכט אַ נאָענט וועלדל און געפונען אַ סאָוויעטישן קעמ־פער מיט אַ הונט און אַ פערד. דעם מענטש און דעם הונט האָט מען דערשאָסן און דאָס פערד איז געבליבן אין דער זשאַנדאַרמעריע. אויף צומאָרגנס נאָך דער אַבלאַווע איז אַ פאַרבייגייענדיקער פאַסטעך געוואָרן פאַרווונדעט מיט אַ קויל, וואָס איז געקומען פון זעלבן וועלדל, אָבער די נייע זוכענישן אין וואַלד זיינען געבליבן אָן רעזולטאַטן.

צו ניי־יאָר איז אַ גרעסערע גרופּע רויט־אַרמייער אָנגעפאַלן צום הויף נאָוואָסאלק, 7 קילאָמעטער פון אָשמענע, מיטגענומען שפּייז, דורכגעשמועסט זיך מיט די אַרבעטער און מיט דעם אינזשיניער־פאַרוואַלטער און אַוועקגעפאָרן צוריק אויף זייערע שליטנס. אַזוי, אַז קיין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער האָט אונדזער יוגנט ניט געהאַט. דאָך האָט מען מיט נייגעריקייט אויפגענומען די קלאַנגען וועגן די אָנגעקומענע פון קראַסנע און ווישניעווע. ס'האָט זיך אָרגאַני־זירט אַ גרופּע יונגעלייט, וועלכע האָבן געוואַרט אויפן פרילינג, כדי אַוועקצולאָזן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. בראש איז געשטאַנען אַ געוויסער צ. ק., וועלכער איז שוין נאָכן פּאָגראָם פון וואָלאָזשינער געטאָ געווען ביי די פּאַרטיזאַנער און פאַר־לאָזן זיי צוליב אומבאַוווּסטע פאַר אונדז סיבות. ער האָט פאַרגעלייגט זיי וויזן דעם וועג, דערווייל האָבן זיי געזוכט געווער.

ס'איז אָבער געווען אַ גרופּע פון אומפאַרמעגלעכע; קיין געלט אויף געווער־איינקויף האָבן זיי ניט געהאַט, און מיט גרויס מי איז זיי געלונגען צו שאַפן צוויי ר'עוואָלווערן — און טאַקע אין געטאָ גופא. ס'איז געקומען דער פרילינג, און צוזאַמען מיט אים אויך דער באַפעל צו ליקווידירן דאָס געטאָ. די יוגנט האָט באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין וועג. אין טאָג פון דער אַלגעמיינער עוואַקואַציע איז גרינגער און נישט אויפפאַלנדיק. אין דער לעצטער מינוט זיינען צו זיי צוגע־שטאַנען עטלעכע מענטשן פון דעם אָשמענער נאָענטן לאַגער. זיי האָבן מיטגע־בראַכט צוגערויבטע ביקסן. אַרויס אויף אַקציעס זיינען זיי אין צוויי גרופּן. די ערשטע גרופּע איז אַרויס מיט צוויי טעג פריער און געשיקט פון אַן אָפּגערעדט אָרט אַן אָנזאָג צו וואַרטן. די צווייטע, אַפילו אַ גרעסערע, האָט גלייך פון אָנהייב ניט געהאַט קיין גליק. די ערשטע גרופּע האָט געדונגען אַ וועגוויזער, וועלכער האָט זיי אין מיטן וועג פאַרלאָזן, און די פור מיט געווער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין געטאָ אַריין.

ס'איז געווען אַ גרויס געפאַר, צוליב דעם זיינען אַלע אַרויס מיט אַ טאָג שפּעטער. און ווידער האָט מען זיך פאַרלאָרן אונטערוועגס און די פור מיט געווער, עסנוואַרג און וואַרעמע זאַכן, איז אַוועקגעפאָרן אין אַ זייט. מען איז געבליבן נעכטיקן הונגעריקע און גרינג אָנגעטאָן אין וואַלד. ביינאַכט איז דער פרילינג־שניי צעגאַנגען און מען האָט זיך אויפגעכאַפּט אין לוזשעס וואַסער. אַ טייל

פאַרקילטע און פאַרצוויפלטע האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל און קוים באַוויזן צו פאַראייניקן זיך מיט דעם אָפּגייענדיקן טראַנספּאָרט; און דווקא די גרופּע איז אַוועק קיין קאָוונע צום טויט.

די איבעריקע זיינען אָבער אַוועק ווייטער, געטראָפן זיך מיט דער פור און געשיקט פון וועג אַ גרוס. ס'איז אויך אָנגעקומען אַ צווייטער גרוס, אָבער דאָס מאָל איז מען ניט דערגאַנגען ווער עס האָט דעם גרוס געבראַכט. 5 מאַן זאָלן זיין אַוועק מיט אַ געוויסער אויפגאַבע און אין אַ זייט געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן. חוץ די וואָס זיינען אַוועק מיטן ציל צו פאַראייניקן זיך מיט די פּאַר־טיזאַנער, זיינען אויך אייניקע אַוועק אין דאָרף צו באַקאַנטע קריסטן, אַנדערע מיטן ציל צו דערוואַרטן דעם אמתן פרילינג, און ערשט דאַן גיין אין וואַלד. אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט. ס'איז צו אונדז שוין דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז איינע פון אַזעלכע משפחות איז דורך די פּויערים איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די דייטשן און אומגעקומען ס'זיינען אַוועק נאָך עטלעכע צענדליק.

אינטערעסאַנט איז, אַז די סמאָרגאָנער, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט מיט די אָפּגייענדיקע, האָבן עס געטאָן אונטער דער ווירקונג פון אַ דייטשן צאַלמייס־טער. ער האָט זיי אַליין געשיקט אין וואַלד, ווייל קיין אַנדער אויסוועג פאַר די יידן האָט ער ניט געזען.

(פון „מורשת"־אַרכיון)

מחבר ניט אָנגעגעבן

# רבקה יאקאָוו

רבקה יאקאָוו איז געווען איינע פון די קראַנקן־שוועסטערס — באַליבט און געשעצט דורך די קאָמאַנדירן און פּאַרטיזאַנער.

בעת די שווערע נאַכט־מאַרשן איז זי תמיד געגאַנגען ביים סוף פון דער קאָלאָנע, טראָגנדיק אויף איין זייט די פול אָנגעפּאַקטע סומקע מיט מעדיקאַמענטן (מיט דעם צייכן פון רויטן קרייץ) און אויף דער צווייטער זייט — דעם פּיסטאָלעט. אַזוי פלעגט זי קומען צו הילף די פּאַרטיזאַנער אין יעדן קראַנקן־פאַל.

בעת די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן האָט ריטע — ווי מען פלעגט זי רופן תמיד — געהאַלטן די פּאַרטיזאַנער אויפן אויג, און ווען ס׳פלעגט עמעץ פאַרוווּנדעט ווערן איז זי אים גלייך געקומען צו הילף. ניט איין פּאַרטיזאַנער האָט זי אויף אירע פּלייצעס אַרויסגעשלעפּט אַ פאַרוווּנדעטן אונטער אַ האָגל פון קוילן. פאַר איר איז קיין זאַך ניט געווען שווער — אין יעדער צייט און ביי אַלע באַדינגונגען. ווי אַ מאַמע האָט זי אָפּגעהיטן דעם אויסגעצייכנטן „פּולימיאָטשיק״ (קוילנוואַרפער) לעווינסאָן, ווען ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און אים געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

ווען לעווינסאָן האָט מיט זיין האַנט־פּולימיאָט איינגעהאַלטן דעם אָנגריף פון די דייטשן, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט דעם אָטריאַד אָפּצוטרעטן, איז ער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און פאַרלאָרן דאָס באַוווּסטזיין. די קויל האָט אים געטראָפן אין האַלדז און אַרויס דורכן מויל. אַ לענגערע צייט איז דער העלדישער יידישער פּולימיאָטשיק לעווינסאָן געווען באַוווּסטלאָז און ניט געקענט רעדן. ער איז געווען צוגעשמידט צום געלעגער אויף איינעם פון די וועגענער. קאָמאַנדירן האָבן פאַר אים געזאָרגט, און ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַן עראָפּלאַן אויף יענער זייט פראָנט (גערופן „נאַ באַלשוי זעמליאַ״) אין אַ שפּיטאָל. ריטאַ האָט אים באַגלייט צו דעם פּאַרטיזאַנער־עראָדראָם אין דעם לובענער ראַיאָן.

ראובן ליאוניד (לינדאָוו) / הרצליה

# אריה ליובה זיסקוביץ

נולד ב־1912 באושמינה, משחר ילדותו בשורות „ביתר".

מיסד קן בית"ר באושמינה, ומפקדו הראשון. רב סמל בצבא הפולני, מפקד ומדריך בבית"ר ובארגון הלוחם בגיטו וילנה.



קצין המטה של הארגון הלוחם בגיטו וילנה. היה פרטיזן ביערות נארוץ, נפל בזמן פעולה.

נ. נ.

# על שלשה מני רבים...

בחוקרי את גורל קרובי משפחתי ואת כל מה שעבר עליהם בזמן השואה, עלה בידי בין היתר להוודע מפי עדי־ראיה על גורלם של שתי בנות דודתי: מאשא ושרה קוניסקי ואחיהן הקטן לייבעלע מאושמיאני.

את כל מה שנודע לי עליהם החלטתי להעלות כאן בכתב, בכדי שהדבר ישמש כגל־עד וכמצבת זכרון לשלשת הילדים היקרים שמתוך הקרבה וגבורה עילאית בחייהם ובמותם לא נפרדו.

שתי בנות־דודתי, שרה ומאשא קוניסקי, הועברו על ידי הנאצים יחד עם אחיהן הקטן לייבעלע מגיטו אושמיאני לשטוטהוף בתוך קבוצה של עוד יהודים וילדים.

באותו זמן שתי האחיות היו כבר לבד בלי הוריהן, שנספו קודם לכן, והן שמרו על אחיהן הקטן האהוב כעל בבת־עינם. בשטוטהוף ערכו החיות הנאציות „סלקציה" והפרידו בין הילדים והמבוגרים. את הילדים הועידו להשמדה מידית. אך שתי הנערות האחיות לא הסכימו בשום פנים להפרד מאחיהן הקטן ולהשאר בחיים. הן הצטרפו מרצונן אליו ואל כל יתר הילדים וצעדו אתם יחד לדרכם האחרונה. לא הועילו כל השידולים של חברים וידידים שרצו להניען מכך.

יזכר מעשה גבורה והקרבה זה של שתי האחיות לעולמי־עד יחד עם כל גילויי הגבורה של מקדשי שם ישראל בעמדם מול מרצחים וזדים.

יהי זכרונם ברוך של שלשת הילדים הנאהבים והנעימים שבחיים ובמותם לא נפרדו.

**שולמית דוברובסקי (פודולסקי)**
נכדתם של משפחת וקס מאושמיאני

# פרטיזנים יהודים

קיום הקשרים עם העיר ושיתוף הפעולה עם כוחות המחתרת שהתחילו להתארגן בתוכה, תבעו זהירות מיוחדת־במינה וידיעה יסודית במלאכת הקונספי־ראציה. היה הכרח במקשר תמידי בין העיר והגיטו. התפקיד הזה הוטל על ליזה מגון (ליזה קוראת). ליזה היתה פעילה ב„השומר הצעיר", עד להקמתו של הפ.פ.א. שהתה מחוץ לגיטו, מילאה במשך הזמן תפקידים חשובים באירגון. זה לא מכבר היא חזרה מהעיירה אושמינה, לשם נשלחה עת נודע למפקדה על האקציה שעומדת להתבצע במקום. היא העבירה את הידיעה ואירגנה את הנוער לבריחה מן הגיטו אל היערות הסמוכים.

למילוי התפקיד החדש שהוטל עליה, זקוקה היתה ליזה לתעודות בטוחות. בעיר החלו להוציא תעודות־זהות חדשות, ואלה שברשותה של ליזה פג תוקפן. ליזה החליטה להשיג תעודה חדשה, אשר תאפשר לה חופש תנועה ואפשרות פעולה. בתחנת־המשטרה, לשם הלכה במטרה זו, נעצרה (יש לשער שהלשינו עליה). היא הובלה ללוקישי, ומשם — לאחר עינויים קשים וחקירות — לפונאר. כל נסיונות האירגון לשחררה עלו בתוהו.

כמה ימים לפני ההוצאה־להורג, נתקבלה ממנה פריסת־שלום אחרונה:

„אבא יקר, ברור לי מה מצבי עתה וסיכויי, אלא שקשה לי להסכין עם הרעיון שאותי יובילו לפונאר. אני שקטה, אני יודעת לשם־מה אני נותנת את נפשי. ברור לי שעושים את הכל למען שיחרורי, אך עתה הכל כבר אבוד. אני מהרהרת ודואגת לאדק (הכוונה לביאליסטוק) מסור שלום לכל החברה. אני לוחצת ידיכם. חיזקו ואימצו — שלכם ליזה".

בשלושים למותה הוציא ברוך גולדשטיין מקלע מבונקר גרמני והכניסו לגיטו. לאוטומאט ניתן השם „ליזה". חברי „השומר הצעיר" אספו 18,000 רובל לרכישת נשק על שמה. בתקנות האירגון שפורסמו לאחר כמה ימים היה כתוב: „סיסמת הגיוס של הפ.פ.א. הן המלים „ליזה קוראת", לשמע מלים אלו חייב כל חבר האירגון להתייצב במק ם המיועד, מוכן לקרב ולהתגוננות"

## בתחומי „וילנרלאנד"

בחודשים האחרונים של שנת 1942 ובמחצית הראשונה של שנת 1943 נמשכו החיים בגיטו כתיקנם. גנס, ראש הגיטו נתמנה לבא־כוחם הרשמי של הגיטאות בליטא ובביילורוסיה. לגיטו וילנה ניתנו זכויות מיוחדות והוא נקבע כגיטו ראשי, בו נקבעים החוקים לכל „וילנרלאנד" (כך נקראו השטחים שנכללו בתחומי סמכותו של גיטו וילנה).

בעיירות הקרובות חיו עדיין יהודים בגיטאות. על כולן עברו האקציות והשחיטות, אך עתה שררו גם בהן שקט ושלווה. מווילנה נשלחו אליהן פקידים, שוטרים ומומחים, על־מנת לארגן את הגיטאות הקטנים כדוגמת הגיטו המרכזי ולהשליט בהם חוקים, נוהג וסדרים דומים.

יהודי גיטו ווילנה היו מרוצים ממעמדם. הם הרגישו את עצמם בטוחים יותר. הגיטו אמנם המשיך להתפתח, לא היו בו עוד מחוסרי־עבודה, ערכו הכלכלי עלה מיום ליום. לגנס ולדסלר היו יחסים מצויינים עם השלטונות, והיהודים האמינו שאלה יוכלו להשיג הכל. המשטרה היהודית, שיצאה לגיטאות הקרובים, קיבלה מהגרמנים רשות לשאת מדים, סימן להוקרה מצידם ולשביעות רצונם מהגיטו, ובעיקר מפעולות המשטרה.

אף לאושמינה הגיעה המשטרה, יחד עם הנהלת הגיטו ומשרד העבודה, כדי לארגן בה את שיטת העבודה. לפי השמועות שפשטו בווילנה, אמר וייס (ראש הגסטאפו), שרב מדי מספר מחוסרי העבודה בגיטו זה המונה כ־4000 יהודים. הוסכם בין וייס ודסלר להוציא מהגיטו 500 איש, רובם זקנים. המשטרה היהודית מווילנה ביצעה את האקציה במו ידיה. קצין המשטרה נתן רינג „הצטיין" בהתנהגותו האכזרית אך רבים מהשוטרים היו משוכנעים, שהצליחו להציל את הגיטו (בשעת האקציה הזאת נמצאה באושמינה ליזה מגון, עליה דובר קודם לכן).*

לאחר האקציה הזאת, עליה נודע בגיטו רק לאחר שובה של המשטרה, כינס גנס אסיפה מיוחדת, אליה הזמין נוסף לבאי־כוח המשטרה וההנהלה, גם עסקני ציבור ידועים. הוא סיכם את האסיפה במילים אלו: „כפי שאמרתי, נוטל אני על עצמי את האחריות למעשים שנעשו. איני רוצה כל ויכוחים. אין איש רשאי להתווכח על מעשי אלה בעבר ובעתיד. קראתיכם כדי להסביר לכם, משום מה טובל יהודי את ידיו בדם. ואף לעתיד לבוא, כשנצטרך אנו השוטרים ללכת — נלך!".

כעבור זמן־מה, בראשית אפריל 1943, נתקבלה בגיטו פקודת גירוש, המכוונת לשרידי העיירות הסמוכות, שנמלטו לווילנה לאחר חיסול הגיטאות בעיירותיהם (האנשים הללו לא היו במשך כל הזמן אזרחים שווי־זכויות בגיטו, בידיהם היו תעודות מיוחדות, שונות מאלו שבידי התושבים הלגיטימיים). יהודי מיכאלישוק, סוויר, אושמינה והיהודים מה„לאגרים" (מחנות העבודה בסביבת ווילנה) ואחרים נקראו לעבור לגיטו קובנה, בו מורגש מחסור בידיים עובדות. בגיטו נמצאו אנשים אשר נרשמו לנסיעה זו מרצונם הטוב (ביניהם תושבי קובנה לשעבר), תוך תקווה שהתנאים בקובנה יהיו טובים בהרבה מאלה שבווילנה. רכבת מיוחדת הגיעה לעיר, כדי לקחת את כל אלה. ברכבת זו היו מרוכזים אלפי יהודים, רובם תושבי הגיטו סווינציאני. על הקרונות נתלו שלטים: לקובנה.

כמה ימים קודם־לכן הגיעה לסווינציאני קבוצת שוטרים יהודיים מווילנה. תיכף עם בואם הודיעו הללו, שהגיטו במקום עומד להתחסל ועל היהודים לעבור לקובנה. הם הראו את רשיונות הליווי, ובהם מצוינת העיר קובנה כתחנה האחרונה של המסע. לכל שוטר היתה תעודה כזו, והם שיכנעו והבטיחו שאמנם הכוונה היא האמיתית

---

* אחד השוטרים שהוציא את הקרבנות מהגיטו, מספר: ביום האקציה הוטל עלי לקבץ את האנשים לתוך החדר. כאן נערכו רשימות. היו אלה ברובם אנשים זקנים, בלתי־כשרים לחיים. אחר־כך הגיעו עגלות שוטרינו והטעינו את האנשים. אחר־כך נכנסתי לבית־המדרש ואמרתי לנאספים שם, שקשתה עלינו העבודה מאוד, אך היה גרוע לאין־ערוך אילו היא נעשתה בידי הליטאים.

בשעה 4 נסעתי עם העגלות. אתי נסעה אשה אחת שאמרה: „הריני בת 57 והקיץ הקץ על חיי. אין הדבר נורא כל־כך. אנו היהודים החיים בצלם של הגרמנים, כולנו נדונים למוות. ואני את שנותי כבר חייתי, אלא שאחד הולך מוקדם, והשני מאוחר יותר".

וכי לאנשים לא יאונה כל רע. הם פנו במיוחד לנוער ושידלו אותו לא לצאת ליערות (הם ידעו שמצויה במקום קבוצה מאורגנת, הפועלת במחתרת) ולא לסכן את שלום הציבור. כמה ימים נמשכה תעמולה זו וחזרו ונשנו דברי הפיתוי והשיכנוע. לבסוף בא גם גנס בכבודו ובעצמו הוא ערב אישית לבטחונם של היהודים. האנשים החלו להאמין, ארזו את חפציהם, העמיסום על עגלות ונסעו לתחנת הרכבת בסווינציאני החדשה (מספר צעירים מזויינים הצליחו לצאת ליער). כאן חיכו להם קרונות־משא ועליהם הכתובת — לקובנה. היהודים עלו לרכבת. המשטרה היהודית שמרה על הסדר ועזרה לזקנים. חלונות הרכבת היו משורגים תיל דוקרני, ובהתמלא הקרונות הם נסגרו מבחוץ בחוט־ברזל ונחתמו בחותם־עופרת. עד חצות־הלילה עמדה הרכבת במקום.

שלמה יחילציק מווידז, שנסע גם הוא מרכבת זו, מספר את קורותיו במסע הזה שנמשך רק לילה אחד:

„עמדתי בתחנה וראיתי את האנשים עולים ועולים, ופתאום החלטתי לא לעלות עמם, אלא לחכות. כאשר ראיתי כיצד סוגרים את הקרונות, עלו ספקות בלבי והתחלתי לחשוש לבאות. על ידי עמד חברי טוביק בילק. גמרנו אומר לעלות אחרונים".

„שנינו עבדנו בתחנת־רכבת זו ולכן הכרנוה היטב. הסתתרנו וחיכינו. עם חשיכה יצאנו מהמחבוא, זחלנו למקום הרכבת והחילונו לדפוק בקרונות ולקרוא לאנשים לצאת. אמרנו להם שהם כלואים הם ענו: „נסע לקובנה ואחר־כך נראה". המשטרה השגיחה בנו. הצלחנו להתחמק, ושוב חזרנו ודפקנו. אמרנו את שמותינו, היו לנו מכירים רבים בתוך הקרונות. חתכנו את התיל באחד החלונות. מספר אנשים יצאו (האחים פיגיל מווידז עם הוריהם, ברוך אולמאן מברסלב, ישראל וולפסון מסווינציאן). היתר לא זזו והתכוונו להמשיך. ידענו כי בקרונות מרוכז נוער רב. הצלחנו לפתוח עוד חלון. אדם אחד יצא. פתאום הופיעה המשטרה. היא תפסה את האנשים שברחו מהקרונות ועצרום. בילק ואני הצלחנו להתחמק. עקבנו אחר האנשים, ראינו שהשוטרים הכניסום לקרון ריק. לאחר זמן־מה התקרבנו אל הקרון הזה, פתחנו את הדלת ובאותו רגע הקיפונו שוטרים. ברחנו והם ירו עלינו. שוב ושוב הסתתרנו. ראינו כיצד מחברים את הקטר לרכבת והחלטנו לנסוע. לא היה מוצא אחר. היינו בלי נשק, וללכת ליער בלתי־מזויינים — לאחר שקיבלנו ידיעות על מצב הפרטיזנים לאחר המצוד — היה בלתי־אפשרי. הרכבת זזה, ואנו אוחזים בארובת הקרון. ארבעת הקרונות האחרונים היו מיועדים לווילנה. לאנשים שנסעו בהם היו קרובים בגיטו זה, אך למעשה היו אלה בעיקר בעלי־הממון, אשר הודות לשוחד הוכנסו הנה על־ידי המשטרה. ידענו שבהגיע הרכבת לווילנה ינתקו ממנה את הקרונות האלה וחשבנו לנצל את הדבר. אך העייפות, המתיחות, חוסר־השינה פעלו את פעולתם ונרדמנו בשעת הנסיעה. כשהתעוררתי עמד לידי פועל־רכבת פולני כשהוא מופתע ממראה עיניו. הוא שאל מי אנחנו ומה אנו עושים בארובת הקרון. השיבונו לו, שאנו יהודים הנוסעים מסווינציאן. האיש אמר, שהרכבת הזאת יוצאת עוד מעט לפונאר. ירדנו והתחלנו לזחול מתחת לקרונות. דפקנו, מסרנו לאנשים את דברי הפולני. שמענו בכי וצעקות. הרכבת עמדה בתחנת ווילנה, הכרתי היטב את המקום והסביבה. החלטנו לברוח מכאן ולהיוודע מה נשמע בגיטו".

„בצעדינו הראשונים נתקלנו בשוטר יהודי. הוא התנפל עלינו בצעקות ובאיומים, אך מפיו גם נודע לנו, שהאנשים אשר שוחררו נשלחו לגיטו ווילנה. הוא הוליך אותנו לקרון המשטרה. גנס ישב כאן אצל שולחן, מוקף שוטרים יהודים. כשהשגיח בנו פרץ בצעקות, כיצד העזנו לנסוע בלתי־כלואים. פנינו אליו שיעבירנו לווילנה. אמרנו לו, שאנו יודעים הכל. הוא לא השיב. ברגע זה נראה לנו נבוך ומדוכא מאוד, איש זקן ושבור. לידו עמד דסלר, שליו ואדיש. גנס פקד על השוטר דוידובסקי להוליכנו לגיטו. יצאנו את התחנה, ברגע שעלינו על הגשר הנטוי מעל לפסים, הספקנו עוד לראות כיצד מסתלקים השוטרים היהודיים מהרכבת בכיוון לרציף, כשאת מקומותיהם תופסים אנשי ס.ס. מזויינים מכף רגל ועד ראש. הרכבת זזה. ואנו שנינו העדים היחידים לדרכם האחרונה של יהודי סווינציאן, ווידז, ברסלב, אופסה, סוויר, מיכאלישוק, אושמינה ועוד — כל אלה אשר שרדו מן השחיטות הקודמות"...

עמ' 29־32

..."כעבור כמה ימים, כשהבחורים כבר למדו את מלאכת הפעולות הכלכליות, עזב מיצ'קה עם קבוצתו שמנתה כעשרה אנשים, את העיר. מפקד הקבוצה היה נתן רינג, קצין־המשטרה בגיטו. האיש היה במטה אירגון „יחיאל", אך לתושבי הגיטו הוא היה מוכר ממעשי נבלה רבים, ובעיקר מניהול האקציה באושמינה, הקבוצה מצאה קשר ליחידת הצנחנים של אלקו, וחשבה להצטרף אליה..."

עמ' 58

...„בהוכיחו את סטאנקוביץ הוא טען, שאם מבקשים להרשיע את רינג, מספיקים מעשיו בגילוי מחבואים של יהודים מסתתרים והסגרתם לידי הגסטאפו, וכן פעולתו הנפשעת בזמן האקציה באושמינה. מעשים אלה היו להם עדי ראיה, יאין כל צורך להוסיף עליהם דברים בדויים. תגובתו של סטאנקוביץ היתה זועמת למדי. „אנחנו — אמר קצין הנ.ק.ו.ד. — רשאים לדון אדם אם הלה היה סוכן האויב, ואת זה עלינו להוכיח, ואילו אתה כמפקד יהודי, אשר יודע את פשעיו של האיש רינג, אינך מוכן לסייע לנו במתן הוכחה פשוטה זו". אך קובנר עמד על דעתו שיש לדון את האדם על פשעיו האמיתיים..."

עמ' 113

## הוועד הציבורי

...„תקופת „היציבות היחסית" בגיטו הגיעה לקיצה בתחילת 1943. סימן לכך היה חידוש גל הרציחות, שהגרמנים ביצעו אותו באותו זמן ושנכנס לתולדות־הגיטו בשם רב המשמעות „האקציה הסטאלינגראדית". בו־ביום שבגרמניה הוכרז „אבל לאומי" לרגל התבוסה הגדולה בחזית סטאלינגראד, ניתנה הוראה לאנשי ס.ס. בקובנה ולשוטרים ליטאים ששמרו על שערי הגיטו, לאסור כמה עשרות יהודים

באמתלות שונות: שוטטות בחוצות העיר בלי הטלאי הצהוב, מגע עם האוכלוסיה הליטאית, ספסרות במצרכי מזון בגיטו גופא וכיו"ב. נעצרו אז כחמישים יהודים עם בני משפחותיהם. למחרת, ב־4 בפברואר הועברו העצורים לפורט התשיעי, מקום ההשמדה המפורסם, ונרצחו שם באכזריות על־ידי אנשי הגסטאפו. בתחילת מארס 1943 הגיעו לגיטו ידיעות על מיבצעי־ההשמדה בסביבות ווילנה, שכתוצאה מהם חוסלו לחלוטין הגיטאות היהודיים באושמינה, סמארגון, אולשאן ועיירות אחרות..."

עמ' 206

..."הלוחמים התפזרו בין יחידות רוסיות שונות וגם שם בלטו בין הלוחמים. יעקב גרינשטיין פעל כחבלן בקו לידה־מולודצ'נה, אושמינה־סמורגון, ואחר־כך מונה כמפקד קבוצת חבלנים. ביחידת פונומארנקו היו מספר לוחמים יהודים. וכך גם ביתר הפלוגות הרוסיות..."

מתוך "ספר הפרטיזנים היהודים"
הוצאת הקיבוץ הארצי

# פראטאקאל

## (פון דער פאַרזאַמלונג, געווידמעט דער פראַגע „אַקציע״ אין אָשמענע דעם 27סטן אָקטאָבער 1942)

אָ נ וו ע ז נ ד: געטאָ־פאָרשטייער ה׳ י. גענס, קאָמ. דעסלער, לייטער פון דער געזונדהייטס אָפּטיילונג; מילקאָנאָוויצקי, שטעלפאָרטרעטער פון געטאָ־פאָר־שטייער פריד; ה׳ פישמאַן, פאַרבינדונגס־מאַן בראָודע, הרב יאַקאָבסאָן, ה׳ קאַל־מאַנאָוויטש, לייטער פון טויערוואַך ה׳ לעוויט, לייטער פון דער אַרבעטס־פּאָליציי — טאָווּבין, לייטער פון 1־טן פּאָליציי־ראַיאָן — רינג, נאַטאַנזאָן פּ. און גאָביאָנ־סקאָ מ.

ה׳ י. ג ע נ ס: מיינע הערן, איך האָב אייך היינט איינגעלאַדן כדי צו דערציילן איינע פון די שרעקלעכסטע טראַגעדיעס אין לעבן פון די יידן — ווען יידן האָבן געפירט יידן צום טויט. איך האָב האַלט אַן אַנדער מאָל צו ריידן אָפן.

מיט אַ וואָך צוריק איז געקומען ס.ד. און געגעבן אונדז אין נאָמען פון ס.ד. אַ באַפעל צו פאָרן קיין אָשמענע. אין אָשמענער געטאָ זיינען פאַראַן צירקאָ 4000 יידן און אַזויפיל קען מען אין אָשמענע ניט האַלטן. אַזוי־אַרום דאַרף מען דעם געטאָ פאַרקלענערן — אויסקלייבן די מענטשן, וואָס פאַסן ניט פאַר די דייטשן, אַרויספירן און שיסן זיי. אין דער ערשטער ריי אַרויספירן פרויען מיט קינדער, וועמענס מענער ס׳זיינען פאַראַיאָרן צוגענומען געוואָרן פון כאַפּונעס. אין דער צווייטער ריי פרויען און פאַמיליעס, וואָס האָבן אַ סך קינדער. ווען מיר האָבן דערהאַלטן דעם באַפעל, האָבן מיר געענטפערט: „צום באַפעל״.

ה׳ דעסלער און יידישע פּאָליציי זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אָשמענע. אין 2—3 טעג אַרום האָט די יידישע פּאָליציי פעסטגעשטעלט און דערקלערט אין גע־ביטס־קאָמיסאַריאַט (אין ווילנע), אַז ערשטנס זיינען די פרויען, וועמענס מענער ס׳זיינען פאַראַיאָרן צוגענומען געוואָרן, באַשעפטיקט און מען קען זיי ניט אַרויס־פירן און, צווייטנס, זיינען קיין פאַמיליעס מיט 4—5 קינדער בכלל ניטאָ. מאַקסימום זיינען דאָ פאַמיליעס מיט 2 קינדער. מיט 3 קינדער זיינער נאָר עטליכע. אַלזאָ דאָס קען מען אויך ניט (איך האָב פאַרגעסן צו זאָגן, אַז מען האָט געדאַרפט אַרויס־פירן ניט ווייניקער ווי 1500 פּערזאָן). מיר האָבן געזאָגט, אַז אַזאַ צאָל קענען מיר ניט שטעלן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דינגען. ווען ה׳ דעסלער איז געקומען מיט דער מעלדונג פון אָשמענע, איז די צאָל געפאַלן ביז 800. ווען איך בין אַוועקגעפאָרן מיט ווייסן אין אָשמענע איז די צאָל ווידער געפאַלן אויף 600. אין דער ווירקלעכקייט איז די לאַגע געווען אַנדערש. מיר האָבן זיך געדונגען ביז 600 און אין דער צייט איז דערוויל אָפּגעפאַלן די פראַגע פון פרויען מיט קינדער און ס׳איז געבליבן די פראַגע פון אַלטע מענטשן. אין דער ווירקלעכקייט איז אין אָשמענע צוזאַמענגעקליבן געוואָרן 406 אַלטע מענטשן. די אַלטע מענטשן זיינען געוואָרן אַרויסגעגעבן.

ווען ווייס איז געקומען צום ערשטן מאָל און גערעדט וועגן פרויען און

קינדער, האָב איך אים געזאָגט, מען זאָל נעמען אַלטע מענטשן. ער האָט געענט־פערט „די אַלטע וועלן דורכן ווינטער אַלץ איינס אויסשטאַרבן און היינט דאַרפן מיר פאַרקלענערן דאָס געטאָ״.

די יידישע פּאָליציי האָט גערֹאַטעוועט דאָס, וואָס מוז לעבן; די, ווּעמען ס׳איז געבליבן וויניק צום לעבן, זיינען אַוועק און זאָלן די אַלטע יידן אונדז מוחל זיין. זיי זיינען געווען אַ קרבן פאַר אונדזערע יידן — פאַר אונדזער צוקונפט.

איך וויל ניט ריידן וועגן דעם, וואָס ס׳האָבן איבערלעבט אונדזערע יידן פון ווילנע אין אָשמענע, היינט באַדויער איך נאָר, וואָס אין קימעלישעק און אין ביסטריץ זיינען ביי דער אַקציע ניט געווען קיין יידן. פאַריקע וואָך האָט מען דאָרט אויסגעשאָסן אַלע יידן — אָן אונטערשייד. היינט זיינען ביי מיר געווען צוויי יידן פון שווענציאָנים (אַלט־סוועמציאַן) און האָבן געבעטן זיי צו ראַטעווען. דאָרטן זיינען דאָ יידן פון סוועמציאַן, ווידז און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. און היינט שטעל איך זיך ווייטער די פראַגע, וואָס וועט זיין ווען מיר וועלן דאַרפן נאָכאַמאָל דורכפירן די סעגרעגאַציע. מיין פליכט איז זיי צו זאָגן: גוטע יידן, גייט אַוועק איך וויל ניט שמוצן מיינע הענט און שיקן מיינע פּאָליציסטן טאָן די שמוציקע אַרבעט. היינט זאָג איך, אַז מיין פליכט איז צו באַשמוצן מיינע הענט, ווייל איצט לעבט איבער דאָס יידישע פאָלק שרעקלעכע צייטן. ווען 5 מיליאָן מענטשן זיינען שוין אַוועק, איז אונדזער פליכט ראַטעווען שטאַרקע און יונגע — ניט נאָר אין יאָרן, נאָר אויך אין גייסט, און ניט שפּילן אין סענטימענטן. ווען מען האָט אין אָשמענע געזאָגט דעם רב, אַז עס פעלט צו דער צאָל מענטשן און אין אַ „מאַלינע״ באַהאַלטן זיך אויס 5 אַלטע יידן, האָט ער געזאָגט, מען זאָל עפענען די „מאַלינע״ דאָס איז אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן יונגן גייסט.

איך ווייס ניט, אויב אַלע וועלן דאָס פאַרשטיין און פאַרטיידיקן און אויב מען וועט דאָס פאַרטיידיקן אויך דאַן ווען מיר וועלן אַרויסגיין פון געטאָ. אָבער דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פון אונדזער פּאָליציי; ראַטעווען אַלץ וואָס מען קען, ניט קוקן אויף אונדזער אייגענעם נאָמען און פערזענלעכע איבערלעבונגען

דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דערציילט איז ניט געשמאַק פאַר דער נשמה און צווייטנס, פאַר אונדזער לעבן. דאָס אַלץ דאַרף מען ניט וויסן. איך האָב אייך אַריינגעצויגן אין אַ שרעקלעכן סוד, וועלכער מוז בלייבן אין אונדזערע הערצער. איך וויל ווייזן, וואָס ס׳האָבן געטאָן די פּאָליציסטן, וועלכע האָבן דורכגעפירט די שרעקלעכע אַרבעט, וועלכע האָבן סעגרעגירט מענטשן און האָבן געזאָגט „לינקס״ און „רעכטס״ — ווי צום ביישפּיל, לעוואַס און רינג; טאַוובין, וועלכער האָט גע־היט די יידן ביי דער קבורה־גרוב; דעסלער, וועלכער האָט די גאַנצע אַרבעט אָרגאַניזירט; גאָניאָנסקאָ, וועלכע האָט פאַרשריבן ווער ס׳גייט אַוועק אַזוי ווי מען פאַרשרייבט „סחורה״ (וויפל זעק זיינען אָנגעקומען) און פּאָליאַ ווּעמענס אַרבעט איז אויך געווען מיט דער זעלבער געשמאַקייט. דאָס איז קיין געריכט. איך וויל נאָר מענטשן פון געזעלשאַפט, מענטשן פון גמרא, וואָס ס׳איז געטאָ פון צווייטן זייט, וואָס ס׳איז פּאָליציי און וואָס ס׳זיינען די וועגן, אויף וועלכע ס׳קומט אויס אַנדערע יידן צו גיין.

פון אייך מיינע הערן וויל איך אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג. מיר ווילן אַלע

דערלעבן אַרויסגייך פון געטאָ. היינט, ווען מיר אַרבעטן פאַרשטייען, קען זיין פיל יידן ניט, דאָס גאַנצע געפּאַר, אין וועלכן מיר אַרבעטן. קיינער פון אונדז פאַרשטייט ניט וויפל מאָל טעגלעך קען ער אָ׳גיין אויף פּאָנאַר... מיר פערזענלעך איז אויס־געקומען צו זיין אויף דעם שלאַכטפעלד. דערשראָקן האָב איך מיך ניט דאָן, נאָר שפּעטער, ווען איך האָב וועגן דעם זיך דערמאָנט. דאָס זעלבע איז מיט אונדז. גוט איבערלעבן אַלץ וועלן מיר שפּעטער — נאָך דעם געטאָ. היינט ווילן מיר נאָר האָבן כוח. ווער גלויבט זאָל זאָגן: גאָט זאָל אונדז העלפן. דער וואָס גלויבט ניט זאָל זאָגן, אַז ס׳זאָל אים העלפן דער גייסט פון געזעלשאַפטלעכקייט און פון ייִדישן פּאַטריאָטיזם: אַלץ אויסהאַלטן און בלייבן נאָך דעם געטאָ אַ מענטש פאַר די גרויסע יידישע צוקונפט. ראָזענבערג האָט די טעג געזאָגט, אַז די אויפגאַבע פון די דייטשן איז אויסצוראָטן דאָס יידנטום פון אייראָפּע. איך ווייס ניט, וואָס ער מיינט. ווען ער וואָלט געקומען צו אונדז אין געטאָ, וואָלט ער טאַקע זיך דער־שראָקן פאַר אונדז: מענטשן פאַריאָגטע אין „מאַלינעס״, אין פּאָנאַר. פאַריאָגטע פון משפּחות האָבן אין משך פון איין יאָר אויסגעבויט אַ נײַ לעבן, אויפגעבויט פיל מער ווי די אַריער — און דאָס איז דאָס יידנטום: אַ שטאַרקער גייסט און גלויבן, אַז מיר וועלן לעבן. צוליב דעם, וואָס ראָזענבערגס ווערטער זאָלן ניט פאַרווירקלעכט ווערן, וועלן מיר היינט קעמפן און אין יעדן קאַמף באַרעכטיקט דער ציל דעם מיטל, און אַנדערע מאָל זיינען די מיטלען שרעקלעך. ליידער מוזן מיר קעמפן מיט אַלע מיטלען, כדי צו באַקעמפן דעם קעגנער

דאָס יידנטום האָט די גאַנצע 2 טויזנט יאָר ניט געזען קיין בלוט. מען האָט געזען פייער, אָבער בלוט האָט מען ניט געזען. היינט האָט דאָס געזען דאָס געטאָ. יידן זיינען געקומען פון פּאָנאַר מיט דורכגעשאָסענע פיס און הענט. איינמאָל זיינען געלעגן אין שפּיטאָל 5 פרויען מיט אַ קינד, געקומענע פון פּאָנאַר. היינט האָט זיך דאָס יידישע פאָלק באַקאַנט מיט בלוט און דאָן פאַרלירט מען די סענ־טימענטן.

איך וויל אייך אַ ביסל אַריינציען אין לעבן און געבן צו פאַרשטיין, וואָס ס׳איז דער נאַקעטער לעבן, דער נאַקעטער קאַמף. צוליב דעם האָב איך אייך, מענטשן, וואָס זיינען ווייט פון פּאָליציי, גערופן.

ה׳ דעסלער: ליידער בין איך קיין פּובליציסט און שרייבער. דאָס איז אַ שאָדן, ווייל מיין דערציילונג וועט זיין זייער טרוקן.

מיר האָבן באַקומען דעם באַפעל — ער איז געווען שרעקלעך. מיר זיינען אָבער געוווינט, אַז קיין דיסקוסיעס זיינען ניטאָ. איך האָב אויסגעקליבן די שטאַרקסטע פּאָליציסטן — 30 פּערזאָן און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן מיט אַ מאַשין קיין אָשמענע. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף מיעדניקי. דאָרטן האָט מען געוואָלט קאָנצענטרירן אַלע אַרויסגעפירטע יידן פון אָשמענע און פון דאָרט פירן זיי שיסן.

דאָס אָשמענער געטאָ איז גרויס. ער ליגט אין מיטן פון שטאָט אַרומגעצוימט מיט דראָט. אַלזאָ דער ערשטער טאָג איז געווען לייכט: מען האָט זיך באַקאַנט מיט דער באַפעלקערונג, פאַרטיילט די פּאָסטנס, באַזאָרגט די פּאָליציסטן מיט וווינונגען און עסן. מיר פערזענלעך איז געווען שווער, ווייל קיינער פון מיינע מענטשן האָט

ניט געוווסט אויף וואָס ער פאַרט. מיט מיר איז געווען אַן אָנגעשטעלטער פון געשטאַפּאָ. ער האָט דערקלערט דעם אָשמענער יידן־ראַט, אַז מען האָט נויטיק 1200 פרויען און קינדער אויף אַרבעט. דער אָשמענער יידן־ראַט האָט געפרעגט, צי מען זאָל עס פאַרשטיין מער ווי ער פאָדערט. דער דייטש האָט געענטפערט, אַז דער גאַנצער יידן־ראַט מיט זייערע משפחות „קאָמט מיט" (פאַר דער פראַגע). מיר האָבן דאָס אָפּגעשריען, מאָטיווירנדיק, אַז אַן דעם יידן־ראַט וועט אונדז זיין שווער צו אַרבעטן. ער האָט געזאָגט, אַז ער לאָזט עס איבער אויף אונדזער אַחריות און ליידן וועט דאַן אין דער ערשטער ריי דער ווילנער געטאָ.

מיר איז די גאַנצע צייט געווען שווער אויסצוקלייבן פּאָליציסטן און פאָרן אין אַ נייער שטאָט צוצונעמען ביי מענטשן דאָס לעבן, דאָס איז שווער ניט נאָר פון מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָבער עס איז פאַרבונדן אויך מיט געפאַר. ווען מען קומט אין אַ שטאָט און מען וויל צונעמען עלטערן, קען די באַפעלקערונג זיך פאַרטיידיקן און 30 פּאָליציסטן אַן געווער מוזן קעמפן.

ביז היינט האָט די געשיכטע ניט געוווסט, אַז יידן זאָלן מורא האָבן פאַר יידן און יידן זאָלן צונעמען יידן, און איך בין געווען פאַר מיינע מענטשן פאַראַנט־וואָרטלעך. ווייס האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איינער פון מיינע פּאָליציסטן וועט „בלייבן" דאָרטן, וועט ער פאַרניכטן דעם גאַנצן אָשמענער געטאָ און איך בין פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך. מיינע פּאָליציסטן האָבן פון קיין זאַך ניט געוווסט. איך האָב אַזוי געמאַכט, אַז די באַפעלקערונג זאָל אויך קיין זאַך ניט פאַרשטיין

איך האָב פאַראָרדנט אַן אַלגעמיינע רעגיסטראַציע און במשך פון טעג. פון מאָנטיק אַן האָבן מיר אַרויסגעגעבן שיינען. היינט האָט עס אַ סטאַטיסטישע באַדייטונג. דאַן איז עס געווען אַ שלאַף־מיטל. דעם יידן־ראַט האָב איך אויך ניט געקענט זאָגן דעם גאַנצן אמת. איך האָב נאָר געבעטן פון זיי אַ ליסטע פון אַלטע מענטשן, איך זאָל זיי קענען פאַרבייטן אויף די געפאָדערטע פרויען און קינדער. דינסטיק האָב איך געזען, אַז איך וועל קענען צושטעלן נאָר 400 מענטשן. מען האָט געפאָדערט 600. מיטוואָך בין איך געווען אין געשטאַפּאָ און זיי אַלץ דער־קלערט.

איך האָב גענומען אין ווילנע נאָך פּאָליציסטן און איך האָב באַקומען בלומענ־שטעקנס אַלס דאָס איינציקע געווער. איך האָב געהאַט נאָך מיט זיך אַ צעבראָכע־נעם אַלטן רעוואָלווער. מען זאָל טראַכטן, אַז איך האָב געווער.

מיטוואָך פרי האָבן מיר געענדיקט די רעגיסטראַציע. 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָבן באַקומען שיינען. במשך פון אַרויסגעבן די שיינען זיינען געווען קאָמישע סיטואַציעס. זיי זיינען אָבער פאַר מיר געווען טראַגיש. מיר האָבן אַרויסגעגעבן ראָזע שיינען און ראָזע צעטלען. עס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן געביטן שיינען אויף צעטלען און אומגעקערט. זיי האָבן אַליין ניט געוווסט וואָס ס'איז בעסער — און דאָס איז געווען מיין ציל.

דער יידן־ראַט האָט גענדאַרפט מיר צושטעלן אַ ליסטע פון אַלטע מענטשן, וועלכע מען וואָלט גענדאַרפט איבערגעבן. די זיצונג פון יידן־ראַט איז געווען שווי־ערלעך. אויף דער זיצונג זיינען בייגעווען רינג און לעוואַס, מיט וועלכע דער יידן־ראַט האָט זיך באַראַטן. ביזן לעצטן טאָג האָט קיינער ניט געוווסט צו וואָס

ס׳זיינען די רשימות. איך האָב באַקומען פון זיי 2 ליסטעס א׳ און ב׳. אויף א׳ — 150 מענטשן און אויף ב׳ — 143 (קראַנקע און אַלטע מענטשן). דער יידן־ראַט האָט צונויפגעשטעלט די רשימות אין משך פון 3 טעג און 3 נעכט.

מיטוואָך האָב איך דערשפּירט אַן איבערברוך אין דער שטימונג פון יידן־ראַט. פריער האָבן זיי געפרעגט: „אָבער מיר וועלן בלייבן לעבן״. מיטוואָך האָבן זיי שוין געפרעגט: „דאָס געטאָ וועט בלייבן״. איך האָב קיין זאַך ניט געוווּסט. מיטוואָך איז געווען ביי מיר ה׳ גענס מיט 2 הערן פון געשטאַפּאָ. איך האָב געזאָגט, אַז איך קען געבן 600 מענטשן. דער געשפּרעך איז געווען זייער כאַראַקטעריס־טיש: 100 קעפּ אַרויף און 100 קעפּ אַראָפּ. מען האָט גערעדט אַזוי ווי וועגן היגער. נאָך דעם געשפּרעך האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז איך קען שוין געבן ווייניקער. פון 400 ביז 500. דאַן האָב איך געזאָגט דעם יידן־ראַט, אַז דאָס געטאָ בלייבט.

מיטוואָך האָט מען געפילט אין געטאָ אַ נערוועזע שטימונג ביי דער באַפעל־קערונג. מיר האָבן די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן און געווען וואַך. מען האָט גערעדט פאַרשידענעס דאָס איז אַן אינערלעכער געפיל פון מענטשן, וואָס דאַרפן באַלד שטאַרבן. קיינער האָט ניט געוווּסט ווען און וואָס ס׳וועט זיין, אָבער די באַ־פעלקערונג האָט שוין אָנגעהויבן ריידן, אַז מאָרגן וועט עפּעס פאָרקומען.

מיטוואָך 10 אַזייגער האָב איך צונויפגערופן די העכערע אָפיצירן און מיט זיי באַרעדט ווי דורכצופירן די אַקציע. ס׳זיינען אַרויסגעשוווּמען פאַרשידענע טעכ־נישע פראַגן, למשל: וואָס וועט זיין, ווען מיר וועלן ניט קענען באַהערשן דעם עולם, ווען זיי וועלן ניט אַרויסגיין אויפן פּלאַץ. עס איז געווען אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל קאָנצענטרירן די אַלטע מענטשן אין אַ בית־מדרש. אין אָשמענע זיינען דאָ 2 שולן, אַן אַלטע און אַ נייע. כאָטש איך בין ניט קיין גלויביקער, אָבער איך האָב ניט געוואָלט קאָנצענטרירן די מענטשן, וואָס מוזן שטאַרבן אין בית מדרש. איך האָב קאָנצענטרירט אין בית־מדרש די מענטשן, וואָס מוזן בלייבן לעבן. די מענטשן פון יידן־ראַט האָבן מיר דערציילט, אַז אין אַלע שטעטלעך ווו ס׳זיינען פאָרגעקומען אַקציעס, האָט מען דעם עולם פריער אויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ, דאַן געפירט אין בית־מדרש און שפּעטער אונטערגעצונדן. די מענטשן האָבן מורא פאַרן זאַמלען זיך און פאַרן גיין אין שול; מעגלעך, אַז זיי וועלן ניט אַרויסגיין אויפן גאַס און מען וועט מוזן קעמפן. נעמענדיק אין אַכט, אַז דער שטח פון אָשמענע איז גרויס, וועט עס זיין אוממעגלעך שנעל דורכצופירן און פרייטיק האָבן די מענטשן שוין געזאָלט צוגעשטעלט ווערן צו קבורה.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז אַלע איינוווינער מוזן זיך צוזאַמענקלייבן אויפן פּלאַץ לויט די שטעטלעך: אָשמענע, אָלשאַן א. אַז. וו. בראש פון יעדן שטעטל דאַרף שטיין דער יידן־ראַט מיטן רב, ווייטער — אַנדערע מענטשן. קיינער טאָר ניט בלייבן אין שטוב.

די אַקציע איז געלונגען. אַלע זיינען אַרויס פון די הייזער און געגאַנגען צום שול פאַרטיעסוויז צו 50 פּערזאָן, כדי די לעצטע זאָלן ניט זען, וואָס מען מאַכט מיט די ערשטע.

מיר האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז קינדער ביז 16 יאָר האָבן געקענט בלייבן

אין שטוב, אויב די עלטערן האָבן געוואָלט זיי לאָזן. דאָס האָב איך געמאַכט, כדי די יידן זאָלן פאַרשטיין, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַז די ליקווידאַציע פון געטאָ קומט ניט אין באַטראַכט. ווען זיי קענען לאָזן אין שטוב די קינדער — הייסט עס, אַז דאָס געטאָ בלייבט.

עס זיינען צוגעגאַנגען 50 פּערזאָן צום שטוב. דאָרט זיינען געשטאַנען מיינע פּאָליציסטן און האָבן געקליבן. דאָרטן איז געשטאַנען אויך דער יידן־ראַט און געגעבן אַכטונג, אַז עס זאָל ניט זיין קיין טעות. איך האָב געוואָלט ראַטעווען די יונגע מענטשן, און די אינטעליגענץ, וועלכע זיינען אונדזער צוקונפט.

מיטוואָך פאַר דער אַקציע האָבן מיר יעדע פאַר שעה געפרעגט ווי איז די־ שטימונג ביי דער באַפעלקערונג. זייער כאַראַקטעריסטיש האָט מיר געענטפערט איינער פון דעם יידן־ראַט: די מענטשן זיינען גרייט אָפּגעבן אַ קרבן, אָבער מיט דעם זאָל זיך ענדיקן.

די שול איז געווען ווי אַ בינען־נעסט. אַרום דער שול האָט מען געקליבן מענטשן. אינעווייניק האָט מען געהערט געוויינען און געשרייען. יונגע מוטערס, וואָס האָבן געלאָזן זייערע קינדער אין שטוב, האָבן אָנגעהויבן צו צווייפלען, אויב זיי וועלן זיי נאָך געפינען. איך בין אַריין אין בית־מדרש און געזאָגט, אַז איך פאַרזיכער זיי, אַז זייערע קינדער וועט מען ניט אָנרירן. מיר האָבן די מענטשן ניט באַרואיקט. עס איז אויך געווען אַ שטימונג פון אַפּאַטיע.

ביי אונדז איז געווען נאָך אַ פראַגע, צי קענען מיר אַליין קלייבן מענטשן? אפשר בעסער ברענגען ליטווינער? ה׳ גענס האָט מיר דאָנערשטיק געשיקט זעקס ליטווינער פון זאָנדער־קאָמאַנדאָ און האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן שטיין ביי דעם בית־מדרש און פאַסיוו טאָן, וואָס מיר וועלן הייסן. אָבער עס זאָל הייסן, אַז ליט־ ווינער קלייבן. איך האָב די ליטווינער געלאָזן אין שטוב. ערשטנס, ווייל די יידן וואָלטן זיך דערשראָקן, און צווייטנס קען מען פאַר די מערדערס ניט גאַראַנטירן. זיי האָבן געקענט אָנהויבן שיסן, און מיר וואָלטן פאַר דעם ניט קענען זיין פאַר־ אַנטוואָרטלעך.

מיר האָבן אַליין אַלץ דורכגעפירט. די שול איז געווען געשלאָסן און מ׳יר זיינען אַוועק אויף דעם עקזעקוציע־פּלאַץ. מיר האָבן געקליבן מענטשן לויט אָנווייזונגען פון יידן־ראַט. פריער זיינען געגאַנגען אָלשאַנער יידן, שפּעטער סמאָרגאָנער און דאַן אָשמענער.

מיר האָבן צוזאַמענגעקליבן די מענטשן אויף דעם פּלאַץ און דאַן אָנגעהויבן זוכן די מענטשן אין די הייזער, וועלכע זיינען געווען באַהאַלטן. דער יידן־ראַט, וועלכער האָט געזען די סיטואַציע האָט אונדז געדאָלפן. אַפילו דער רב האָט אונדז אָנגעוויזן דעם אָרט, וווּ ס׳זיינען געווען באַהאַלטן אַלטע יידן. ס׳האָט צום ביישפּיל, פּאַסירט אַזאַ פאַל: מיר זיינען אַריין אין אַ שטוב, וווּ ס׳זיינען געווען 2 יונגע פרויען. אַז זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייען: „לאָזט אונדז לעבן, מיר זיינען יונג, 20 יאָר און מיר ווילן נאָך לעבן". איך האָב געזען, אַז דאָס איז אַ מיסטעריע און האָב זיי געגעבן אַ באַפעל צו גיין אין בית־מדרש. ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָב איך זיי געלאָזן אין שטוב.

אויף דעם פּלאַץ זיינען געקומען פורן. מען האָט געלאָדן די מענטשן און זיי

אַוועקגעפירט. דאָס איז געווען 13 אַזייגער. נאָך אַ פּאָר שעה האָב איך געהאַלטן דעם עולם אין בית־מדרש, כדי אַלץ זאָל זיך באַרואיקן. 15 אַזייגער האָב איך איבערגעריסן די אַקציע. די פּאָליציי האָב איך פאַרזאַמלט אין איין אָרט און שפּעטער געעפנט די שול. עס איז געווען אַ באַפעל, אַז אַלע מענטשן זאָלן גיין אַהיים און ניט זיין אויף די גאַסן

איצט זיינען פאַרבליבן מער פּאַטישע מאָמענטן:

עס איז געווען פינצטער. פון די שטיבער האָט זיך געהערט אַ געוויינעריי, ווען מען האָט אונדז (פּאָליציסטן) געזען, פלעגט מען לויפן פון אונדז.

אָבער אויפן צווייטן טאָג האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זיי געראַטעוועט. פאַר אונדזער אַוועקפאָרן האָבן מיר געהאַט אַ זיצונג מיטן יידן־ראַט. דאַן האָבן זיי שוין געטראַכט אַנדערש — וועגן דעם ווי צו פאַרמירן דאָס לעבן. פרייטיק זיינען געקומען דייטשן און האָבן צוגענומען זייערע מענטשן.

איצט איניקע טראַגישע מאָמענטן: מיטוואָך פרי איז געקומען דער געביטס־קאָמיסאַר מיט אַ מאַשין אין געטאָ און געפאָדערט פון געטאָ לאָפּעטעס. איך האָב געמוזט געבן לאָפּעטעס. אויף וועלכן צוועק — איז נאַטירלעך פאַרשטענדלעך.

ביי דער נאַכט דערציילט מיר אַ פּאָליציסט, אַז דער ליטוויןביים טויער איז געווען שיכור און האָט אָנגעהויבן צו שיסן. דער ידישער פּאָליציסט האָט צו אים געזאָגט: „הער אויף". ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט ער אים אַנטוואָפנט, פאַר־בונדן און פאַרמאַכט אין אַ קעלער. דאָס זיינען שטילע העלדן, פון וועלכע מען ווייס קיין זאַך ניט און מען דאַרף ניט ווייסן.

אויף מאָרגן איז געקומען אַ מאַשין פון ווילנע און האָט אונדז צוגענומען.

ה׳ טאָובין יצחק: אין טאָג פון דער אַקציע איז מיין אויפגאַבע גע־ווען איבערנעמען די מענטשן אין אַ שטוב. דאָרט האָט מען די מענטשן רעגיסטרירט און געמאַכט רשימות. דאָס זיינען אַלץ געווען אַלטע און צום לעבן ניט פּאַסיקע מענטשן. נאָך דעם זיינען געקומען פורן און אונדזערע פּאָליציסטן האָבן די מענ־טשן געלאָדן. נאָכדעם בין איך אַריין אין שול און געזאָגט, אַז עס איז אונדז זייער שווער דורכצופירן די אַרבעט, אָבער עס וואָלט געווען פיל ערגער, ווען דאָס וואָלטן דורכגעפירט ליטווינער. 4 אַזייגער בין איך מיטגעפאָרן מיט די פורן. מיט מיר איז געפאָרן אַ פרוי. זי האָט געזאָגט: „איך בין 57 יאָר אַלט און איך מוז אָפּגעבן מיין לעבן. עס איז ניט שרעקלעך. מיר יידן, וואָס לעבן דאָ ביי דייטשן זיינען אַלע פאַרמשפּט. איך האָב מיינע יאָרן שוין אָפּגעלעבט, נאָר איינער גייט פריער און דער צווייטער שפּעטער".

ה׳ לעוואַט מאיר: דער אָנהויב איז שוין באַקאַנט. מיר איז ער אָבער געווען ווייניקער באַקאַנט. איך פערזענלעך האָב׳ קיין זאַך ניט געוווסט. איך האָב געוווסט, אַז מען דאַרף אַרויסגעבן שיינען.

דער ערשטער טאָג אַז געווען זייער רויק, אָבער לויט די לייכטזיניקייט זיך צו וואַרפן מיט די צעטלען האָב איך אַלץ פאַרשטאַנען און ניט געפרעגט. דער אָשמענער יידן־ראַט האָט אונדז צוגעזאָגט צו געבן הילף, כדי דורכצופירן די אַקציע. ער האָט באַקומען די אויפגאַבע צוזאַמענצושטעלן די רשימות. איך און

רינג זיינען געווען דערביי. זיי האָבן זיך צוליב יעדן מענטשן געדונגען און אים געפרעגט. אויפן צווייטן טאָג איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז זייערע ליסטעס זיינען ניט נויטיק, אָבער איך האָב געמוזט זיצן און אויפקלערן די פראַגן, וועלכע זיינען געווען ניט קלאָר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז מען מאַכן, אָבער לייגן אומזיסטע ענערגיע איז ניט געשמאַק.

מיטוואָך אָוונט איז געזעסן ה׳ דעסלער און האָט זיך געשפּילט מיט אַ רעוואָלווער. ביי דעם איז געווען ה׳ רינג. ה׳ דעסלער האָט צו אונדז געזאָגט: מיינע הערן, איך האָב אַ פּראַקטישן פּלאַן. און ער האָט אונדז פאַרגעלייגט אַזוי, ווי מען האָט דורכגעפירט. עס זיינען געווען איניקע מיינונגען אין טעכנישע פראַגן. מען האָט געלאָדן אַלע פּאָליציי־אָפיצירן און זיי געלערנט, ווי זיי זאָלן האַנדלען. דאַן האָט מען גערופן דעם יידן־ראָט און געפרעגט ווי טראַכטן זיי דורכצופירן די אַקציע. ביי אונדז איז דאָס שוין געווען באַשלאָסן, אָבער אונדז איז געווען אינטערעסאַנט ווי טראַכט דער אָשמענער יידן־ראָט דאָס צו מאַכן. זייער פּלאַן, וועלכן זיי האָבן פאָרגעלייגט איז געווען ענלעך צו אונדזערן. זיי האָבן נאָר פאָרגעלייגט אויפקלייבן יעדע שטעטל אויף אַ באַזונדער גאַס. אָבער מיר האָבן דערצו געהאַט צו ווייניק פּאָליציסטן.

ה׳ דעסלער האָט דאַן פאַרגעלייגט זיין פּלאַן: 6 אינדערפרי לאָזן מיר אַרויס פון געטאָ אַלע אַרבעטספעאיקע מיט אַ קאָנטראָל און נאָכדעם וועט דאָס פאַרקומען. דער אַרויסלאָז צו דער אַרבעט איז געווען ענלעך צו אונדזערן. מען האָט אַרויסגעלאָזן איינציקווייז. 7.30 זיינען שוין די איבעריקע מענטשן געווען אויפן פּלאַץ. 6 פּעריזאַן האָבן דעם פּלאַץ אַרומגערינגלט. איך און רינג זיינען אַוועק צום אָרט פון משפּט — צום שול. מיר האָבן געהערט דעם פּייף — אַ סימן, אַז עס קומט אָן די ערשטע פּאַרטיע. מיר פּאָליציסטן זיינען געווען ווי אויטאָמאַטן. די ערשטע פּאַרטיע איז געווען אַינגאַנצן ניט אין אָרדענונג. מיר האָבן געקליבן די מענטשן, מיר האָבן אָבער אַליין ניט געוווּסט, וואָס מיר מאַכן. די ערשטע האָבן ניט געוווּסט, וואָס מען מאַכט מיט די צווייטע. די מענטשן זיינען אַריין אין שול און די אַנדערע — אויסגעקליבענע — געבליבן. די אָשמענער האָבן אַמווייניקסטן געליטן — אפשר צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט מער פּראָטעקציע, צווייטנס, ווייל זיי זיינען געגאַנגען צום סוף ביים ענדע זיינען מיר ניט געווען אַזוי עקסטרעם, ווייל מיר האָבן געזען, אַז די צאָל הויבט זיך. דער גורל פון די אָשמענער, וועלכע זיינען געגאַנגען די לעצטע איז געווען אַ בעסערער, ווייל מיר האָבן שוין ניט אַזוי געריסן. נאָך דעם ווי די צאָל איז דערגאַנגען ביז 360, האָט אונדז ה׳ דעסלער געגעבן דעם באַפעל צו זוכן אין די הייזער. דאָס איז זייער שווער צו דערציילן. מענטש האָט פאַר אונדז ניט געשפּילט קיין ראָל. אויף דעם פּלאַץ האָט מען רעגיסטרירט. אַ פּאָליציסט איז געקומען און דערציילט, אַז מען גיט געלט. ה׳ דעסלער האָט געזאָגט: מען זאָל ניט נעמען.

**ה׳ דעסלער:** ביי מיר איז געווען אַ פּראָבלעם. עס זיינען געקומען מענטשן און האָבן אָנגעבאָטן געלט. פון 2־טן זייט זיינען געקומען ליטווינער און האָבן געבעטן ראַטעווען יידן. איך האָב געהאַט דעם שטאַנדפּונקט, אַז קיינער קען ניט קויפן פאַר געלט אָדער פּראָטעקציע זיין לעבן. דער, וואָס איז שוין פאַרמשפּט

קען פאַר געלט אָדער פּראָטעקציע ניט באַפרייט ווערן. כ׳האָב געהאַט ביים טויער אַפּילו אַ שאַרפע דיסקוסיע מיט אַ דייטש און אים אַרויסגעטריבן.

ה׳ לעוואַט: אין משך פון דער אַקציע האָט אונדז זייער אויפגערעגט, וואָס די ליטווינער און די „איפּאַטניגא״ זיינען געשטאַנען אויפן פּלאַץ און רואיק צוגעקוקט זיך. אונדז איז פאַרגעקומען, ווי זיי קריטיקירן אונדזער אַרבעט. מאָראַליש האָט עס אויף אונדז געלאָזן אַ ניט קיין געשמאַקן שפּור. אַז די פורן האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן פון אַשמענע, איז ביי דעם טויער געשטאַנען ה׳ בראַונ־שוויג און געציילט די פערזאָנען ווי קילאָגראַמען, 3־4 קילאָ א. אַז. וו. אַנדערש האָט מען ניט געקענט ציילן.

דעסלער: אַ שוידערלעכער מאָמענט איז פאַרגעקומען אין צימער פון דער פּאָליציי נאָך דער אַקציע. איך האָב מיטגענומען פון ווילנע שנאַפּס און איך האָב דאָס געגעבן, אַז מען זאָל זיך אַ ביסל פאַרגעסן. אָבער דאָס האָט געמאַכט אַ גאַנץ אַנדער ווירקונג. איינער האָט געחלשט, ביי איינעם איז געווען אַ היסטעריקע. ס׳זיינען געווען אַזוינע מאָמענטן, אַז איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל די מענטשן ניט קענען איינהאַלטן. איך פּערזענלעך האָב געמוזט נעמען פאַרשידענע מיטלען אַפילו אַ שפּריץ און נאָר נאָך דעם האָב איך זיי באַרואיקט. מיר האָבן געפילט, אַז די מענטשן גייען אַראָפּ פון זינען.

רינג נחמן: אייניקע באַזונדערע איבערלעבונגען: מיטוואָך אין אָוונט. מענטשן גייען אין די גאַסן. זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז עס וועט וואָס ניט איז פאַר־קומען און האָבן אָנגעהויבן באַהאַלטן זייערע עלטערן. ס׳קומט צו מיר צו אַ פרוי און זאָגט, אַז ווען מען וועט צונעמען איר מוטער, וועט מען אָפּנעמען איר דאָס לעבן, גיט מיר אַ ראַט, וואָס זאָל איך מאַכן״. איך האָב ניט געקענט איר גאָרניט זאָגן. איך האָב איר געענטפערט: „ווען איר האַלט, אַז די מוטער איז אין אַ גע־פאַר, דאַן טוט וואָס איר פאַרשטייט״. מסתמא האָט זי איר מוטער פאַרשפּאַרט, ווייל אויף מאָרגן האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט די מוטער געשיקט מיט אַ פּאָליאַק אין שטאָט. אַזוינע פאַלן זיינען געווען אַ סך. מען האָט געוווּסט, אַז די אַלטע זיינען אין געפאַר.

די גאַנצע נאַכט האָבן די פּאָליציסטן ניט געשלאָפן. 6 אַזייגער, נאָך דעם עסן (ווי מען האָט געגעסן קען מען זיך פאַרשטעלן) איז מען אַרויסגעגאַנגען.

נאָך דער אַקציע 14 אַזייגער האָבן געפעלט מענטשן צו דער צאָל. עס זיינען געקומען פאַרשטייער פון יידן־ראַט און האָבן מיר געפרעגט, וואָס ס׳וועט זיין? איך האָב זיי דערקלערט די לאַגע און געבעטן דורכקוקן זייערע ליסטעס און מאַכן אין אָרדענונג. דער יידן־ראַט האָט דאַן אויסגעקליבן מענטשן. זיי האָבן זיך אויסער דעם דערוווּסט, אַז אין אַ „מאַלינע״ זיינען באַהאַלטן 6 אַלטע. זיי זיינען אַוועק צום רב און האָבן געפרעגט אַן עצה: די 6 אַלטע יידן זיינען באַהאַלטן, ראַט אונדז וואָס מיר זאָלן טאָן. דער רב האָט געזאָגט: „גייט און נעמט די מענטשן״, ווייל ער האָט געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט...

אין שול איז געווען אַ געוויינערײ. איך בין אַריין מיט אַ פּאָליציסט און האָב געוואָלט באַרואיקן דעם עולם. עס איז געווען זייער שווער. אַ ביסל אָבער האָבן זיי זיך באַרואיקט. אונדזערע ווערטער זיינען געווען ווי שפּריצן. זיי האָבן נאָר

געפרעגט: וואָס איז מיט אונדזערע קינדער, וואָס זיינען געבליבן אין שטוב, זיינען זיי דאָ? מיר האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז די קינדער זיינען אין אָרדענונג און זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט.

דינסטיק פאַר דער אַקציע זיינען מיר אַריין אין בית־מדרש. דאָרט איז געזעסן אַן אַלטער ייד און האָט געלערנט. ער האָט זיך פאַר אונדז ניט דערשראָקן און גע־לערנט ווייטער. ער האָט צו אונדז געזאָגט: „איך פיל זיך זייער שלעכט, צי דאַרף איך זיך גיין רעגיסטרירן". מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר וועלן אַליין קומען און אים רעגיסטרירן. דאַן איז צו אונדז צוגעגאַנגען נאָך אַן אַלטער ייד און געזאָגט, אַז ער איז אינגאַנצן קראַנק און קיינער טראַכט ניט וועגן אים. ער האָט זיך געווענדעט צו ה' דעסלער און געזאָגט: „הער, איך וויל שטאַרבן, העלפט מיר". די איינזאַמע אַלטע מענטשן זיינען געבליבן אַליין אַן אויפזיכט און האָבן גאַנצע טעג געהונ־גערט. וואָס קען מען אַזוינע מענטשן ענטפערן!? מיר זיינען אַרויס פון שול מיט צעבראָכענע הערצער. מיר זיינען נאָר מענטשן און מיר האָבן פאַרשטאַנען דעם מאָמענט.

איך בין אַריין צוזאַמען מיט לעוואַסן אין דער צווייטער שול. דאָרט איז גע־ווען אַ פרוי מיט אַ צעבראָכענע פוס און אַן אַלטער מאַן. די קראַנקע פרוי האָט אונדז געבעטן צו לאָזן איר מאַן, ווייל זי איז געבליבן אָן אויפזיכט. די אַלע מאָ־מענטן האָבן מיר געמוזט איבערלעבן, ניט וויסנדיק וואָס ס'וועט זיין. אַזוינע האָבז מיר געהאַט 4 טעג.

אין צייט פון דער אַקציע, אַז מיר זיינען געקומען צום פּלאַץ האָט געחלשט איינער פון אונדזערע פּאָליציסטן. דער דאָקטאָר וועמען מען האָט אַרויסגענומען פון שול האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז פון אַ גרויסער אויפרעגונג. אַז איך האָב אים שפּעטער געפרעגט, ווי ער פילט זיך, האָט ער מיר געענטפערט: „גאָרניט, אַ סך מענטשן איז ערגער פון אונדז".

באַוווּסטזיניק האָט יעדערער פון אונדז געפירט מענטשן צו דער תליה. יע־דערער פון אונדז, רעליגיעזע אָדער ניט, ווען ער גייט אַריין אין בית־מדרש און דאָרט שטייען אַ סך פרויען, וויינען און בעטן גאָט, אַז זיי זאָלן בלייבן לעבן, ווייל זיי האָבן געטראַכט — אַז מען וועט אונטערצינדן די שול.

מיר איז זייער שווער צו ריידן וועגן דעם...

נ אַ ט אַ נ ז אָ ן פּ אָ ל י אַ: (אָנגעשטעלטע פון פּאָליציי־אַמט): וועגן מיינע פונקציעס. מיינע און גאָניאָנסקאָס פליכט איז געווען אַרויסצוגעבן שיינען. דאָס איז געווען ניט לייכט. מיר האָבן קיין זאַך ניט געוווּסט, אָבער מיר האָבן געפילט. ביינאַכט זיינען געווען זייער פיל מענטשן. און דאָס האָט אונדז אַ סך דערמאָנט. עס זיינען געקומען אַלטע מענטשן און געבעטן, אַז מען זאָל זיי שנעלער אַרויסגעבן שיינען, ווייל זיי קענען לאַנג ניט שטיין, אָדער מען פלעגט בעטן שיינען פאַר קראַנקע, אַלטע עלטערן, וואָס קענען אַליין ניט קומען.

די שרעקלעכסטע אָבער אַרבעט איז געווען די רעגיסטראַציע פון די מענטשן פאַר דער שחיטה. אַ טייל פון זיי האָט קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען. איינע פון די פרויען האָט מיר געבעטן, איך זאָל אומבאַדינגט אַריינשרייבן איר פאַך — שניי־דערין. אַ צווייטע האָט געזאָגט: „איך האָב מיין שיך פאַרגעסן אין שטוב, איך וועל

אים גלייך ברענגען״. אַנדערע האָבן פאַרגעשלאָגן געלט. די מענטשן האָבן גע־פרעגט „וואָס וועט זיין מיט אונדז, צי וועט מען אונדז שיסן, ראַטעוועט אונדז!״.

גאַניאַנסקאַ מרים: מיר האָבן אַליין ניט געוווּסט צו וואָס מיר גיבן אַרויס שיינען. ווען ה׳ בראַודע איז געקומען אין אַשמענע, האָט ער געפרעגט: „האָט איר פיל פאַך־אַרבעטער, שרייבט אַריין אומבאַדינגט ריכטיק דעם פאַך״.

דעסלער: איינער פון מיינע פּאָליציסטן האָט אין לעצטן טאָג, בעת ער איז געווען שוין זייער נערוועז און האָט געפילט, אַז ער פאַרלירט דעם מוט, גע־זאָגט: „מאָמענטנוויז האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך פיר מיין פאָטער״.

די געפילן האָבן אויסגעדריקט דאָס, וואָס אונדזערע פּאָליציסטן האָבן דורכ־געלעבט. איך אַליין האָב אַן אַלטן פאָטער און האָב דאָס איבערלעבט.

בראַודע אהרן: איך בין געווען אין אַשמענע 2 טעג פאַר דער סעג־רעגאַציע. איך געהער ניט צו דער פּאָליציי און האָב ניט געוווּסט, וואָס עס וועט דאָרט דאַרפן פאַרקומען און אין וועלכער פאָרעם דאָס וועט ווערן דורכגעפירט (מיט ריין יידישע הענט). איך בין אַוועקגעפאָרן מיט אַ געלעגנהייט, מיטן דייטשן „אַרבעטס־אַמט״. איך האָב געוואָלט אָנקניפּן באַציאונגען צווישן יידן און דייטשן אין אַשמענע. מען זאָל זען, אַז אין ווילנער אַרבעטס־אַמט, זיינען גוטע באַציאונגען צווישן יידן און דייטשן.

דאָרט האָב איך דערשפּירט מיט וואָס ס׳שמעקט, ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיט ה׳ גענס. אפשר זיך אַנטזאָגן פון דער אַרבעט? מיר האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו וויסן די גזעלשאַפטלעכע מיינונג.

ווען מען באַטראַכט די גאַנצע זאַך, ווי די סיטואַציע איז געווען און ווען מ׳זעט דאָס אַלץ אויפן אָרט, האָט עס אַזוי אויסגעזען: אין אַשמענע זענען געווען 2800 יידן. די פאָדערונג איז געווען אויף 800 יידן. שפּעטער 600. עס איז גע־שטאַנען די פראַגע: אַשמענע האָט אויסער „כאַפּונעס״ קיין באַזונדערע איבערלע־בונגען ניט געהאַט. עקאָנאָמיש האָט דאָס געטאָ ניט זייער געליטן. מענטשן האָבן געהאַט זייערע זאַכן, וווינונגען און פּראָדוקטן מינדעסטנס אויף אַ יאָר. מענטשן האָבן דאָרט געלט און אַנדערע זאַכן. עס שטעלט זיך די פראַגע, ווי וועט אויסזען די זאַך, אויב מיר וועלן זיך אָפּזאָגן פון הילף, אויב עס וועלן קומען די ליטווינער. וועט זיי אינטערעסירן נאָר די צאָל, ניט יונגע און שטאַרקע אָדער אַלטע און שוואַכע.

דער צווייטער מאָמענט און אויסער דעם, ווען זיי וועלן נעמען די צאָל וועלן זיי חרוב מאַכן די עקזיסטענץ פון די איבעריקע יידן. די פראַגע איז געשטאַנען אויך פון עקאָנאָמישן לעבן. אפשר וואָלט עס פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט פאַר אונדז געווען לייכטער, אָבער מיר וואָלטן געהאַט דאָ היינט אַ גרויסע ווינטער־הילף־קאַמפּאַניע פאַר אַשמענער געטאָ און קיין הילף איז ניטאָ.

די לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, ווייל 70 פּראָצענט פון דער אַשמענער באַפעלקערונג זיינען פרויען. עס זיינען געווען אַ סך מאָמענטן, וועלכע האָבן באַ־רעכטיקט דעם גאַנג וועלכן ס׳האָט באַשלאָסן דער געטאָ־פאָרשטייער, וויסנדיק גלייכצייטיק, אַז דאָס וועט וואַרפן אויפן ווילנער געטאָ אַ שאָטן.

מיר פערזענלעך קומט פאָר, אַז די אַלע איבערלעבונגען אין פאַרגלייך צו

דעם, וואָס ס׳איז געוואָרן געראַטעוועט און די פאָרעם אין וועלכער מען איז גע־ראַטעוועט געוואָרן, נישט וויסנדיק, וואָס ס׳וועט פאָרקומען מיט אונדז אַליין איז אַ פּאָזיטיווע אַרבעט איך האַלט, אַז די אַרבעט פון ווילנער געטאָ פאַר אָשמענער יידן, איז געמאַכט געוואָרן נאָר לטובת די אָשמענער יידן.

ה׳ י. גענס: ה׳ בראַודע האָט ניט ריכטיק פאָרגעשטעלט די פראַגע. איך האָב שוין געזאָגט די פּאַליציסטן, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַרבעט נעם איך אויף זיך. איך וויל קיין דיסקוסיעס. עס קען קיינער ניט דיסקוטירן וועגן דעם, וואָס איך האָב געטאָן און איך וועל טאָן. איך האָב אייך גערופן, כדי איר זאָלט וויסן, וואָס די יידן מאַכן דורך און צוליב וואָס שטופּט דער ייד זיינע הענט אין בלוט. אַזוינע איבערלעבונגען האָבן מיר אין געטאָ ניט איינמאָל געהאַט. פאַראַ־יאָרן זיינען מיר געווען אין אַ פּסיכאָז ביי אונדז איז געווען איין איינציקער קאָש־מאַר. מיר האָבן ניט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן. מיר האָבן אַלץ געמאַכט אינסטינקטיוו.

היינט איז די לאַגע אַנדערש. מיר לעבן שוין אַ גאַנצן יאָר אַ ביסל גייסטיקער. אונדזער גייסט איז שוין ניט אַזוי פאַרשקלאַפּט. היינט האָב איך געוואָלט עס איך ווייזן, אַז עס וועט קומען די צייט, אַז מען וועט דאַרפן וויטער פּאָליציסטן און איך וועל זען, אַז עס איז בעסער פאַר דעם כלל צו גיין אַליין, וועלן מיר גיין!

אָריגינאַל פון פּראָטאָקאָל — אין בית־עדות
„מורשת״ — ע״ש מרדכי אַנילעוויטש)

צפורה ראָזנטאַל־קאָזלאָווסקי / הרצליה

# מיין באפרייאונג

„אַופשטעהען, אַופשטעהען!“ — שרייט דער דייטש, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אין דער שוואַרצער קליידונג, מיט דעם טויטנקאָפּ און האַקנקרייץ אויפן אַרבל, „ראַוס, ראַוס, צום אַפּעל!“. אין דרויסן איז געווען נאַכט. מיר האָבן באַקומען דאָס ביסל שוואַרצע וואַסער, אַ ביסל אויסגעטרונקען און דערוואַרעמט די פאַרפרוירענע גלידער, און מיט דער אַנדערער העלפט — אַרומגעוואַשן דאָס פּנים. דער פראָסט האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. מיר האָבן געציטערט פון קעלט און די צעבראָכענע ביינער האָבן וויי געטאָן פון דער טעגלעכער אַרבעט ביי די אָקאָפּעס און פון מאַרשירן 6 קילאָמעטער אַהין און צוריק אין די הילצערנע קלומפּערס, וואָס פלעגן זיך גליטשן און צעקאַליעטשען אונדזערע פיס ביז בלוט. דער אָבערשטורמפירער האָט אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל, אַז אַלע שוצגראַבן, סיי די זיגזאַג־אָקאָפּעס, און סיי די טאַנקען־שוצגראַבנס מוזן היינט אומבאַדינגט אויסגע־רייניקט ווערן פון שניי. מען האָט אַפילו אַרויסגעפירט די קראַנקע און די שוואַכע, הגם זונטיק האָט מען ניט געאַרבעט.

מיר האָבן אונדזער אַקאָרד־אַרבעט געענדיקט ביז שפּעט אין דער נאַכט; צוריק געשלעפּט זיך פאַרמאַטערט, פאַרפינצטערט, מיט די פאַרבלוטיקטע פיס פון די שווערע אָנגעפרוירענע קלומפּערס, געקראָגן דאָס ביסל וואַרעמע פאַכלאָפּקע מיטן שטיקעלע ברויט, וואָס איז ביי מיר צעטיילט געוואָרן אויף דריי חלקים, ביז מאָרגן ביינאַכט. נאָר ניט יעדער איינער האָט געקענט אויסהאַלטן דעם נסיון. אַנדערע האָבן דאָס אַפילו נישט באַוויזן צו דערברענגען אין באַראַק אַריין, נאָר באַלד עס איינגעשלונגען, און אַ גאַנצן טאָג ווייטער געהונגערט. געקראָגן האָבן מיר אַ מיליטעריש לעבעלע ברויט פאַר פיר פרויען מען האָט דאָס געטיילט מיט אַ שטרוי, פּינקטלעך געשניטן — און דאָך האָט זיך געדאַכט, אַז יענע האָט באַקו־מען אַ גרעסערע פּאָרציע. דער הונגער איז שרעקלעך. אונדזער מעסער איז געווען אַ שטיקל בלעך וואָס מען האָט געפונען און עס אָנגעשאַרפט אויף אַ שטיין. אונ־דזער גאַנצער ווונטש איז געווען: בלייבן לעבן און קענען שניידן פון גאַנצן ברויט.

אויף אַ צעאַקערט פעלד זענען געשטאַנען אין אַ שורה 10 רונדיקע בודקעס פון דיקט, אין וועלכע עס איז געווען אויסגעבעט אַ ביסל פאַרפוילט שטרוי, ווי פאַר בהמות. מיר זענען דאָרט געווען גאַנצע 10 חדשים. דער רוב פרויען זענען געווען אונגאַרישע, וועלכע מען האָט נישט לאַנג געבראַכט אין שטוטהאָף. עס זענען אַפילו געווען צוויי שוואַנגערע צווישן זיי; די איבעריקע — אַ בודקע אַש־מענער מיט אַ פאָר ליטווישע פרויען פון שאַוועל און אויך אַ בודקע מיט ווילנער און פון נאָך פאַרשידענע פלעצער. צוזאַמען זענען געווען 500 פרויען.

ביינאַכט ווען מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אַרוב אונדזער בודקע, האָבן מיר געהערט שיסערייען פון וויטן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער פראָנט איז שוין ניט ווייט פון דאַנען. ווען מיר זיינען אינדערפרי אויפגעשטאַנען, זיינען אונ־

דזערע מערדערס אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע. עס איז זיי שוין נ״ט געלעגן אין זינען דאָס שלאָגן אָן רחמנות צו 25 אָדער 40 שמיץ פאַר אָפּקאָכן אַ קאַרטאָפל, מען איז שוין צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען, און שנעל געמאַכט דעם אַפּעל. יעדע איינע האָט באַקומען אַ גאַנץ ברויט אויף דריי טעג. דער אָבערשטורמפירער האָט געזאָגט, אַז מיר מאַרשירן פון דאַנען אַוועק. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי. ווער עס איז קראַנק געווען, האָט מען אַריינגעפירט אין חזרים־שטעלכל (דאָס אָרט פאַר קראַנקע. מען האָט פון די קראַנקע צוגענומען די שיך און באַלד האָבן מיר געהערט אַז עס איז אַרייס אַ באַפעל, אַז די דאָקטאָרשע זאָל די קראַנקע מאַכן איינשפריצונגען צום שטאַרבן. מען האָט דאָס קראַנקן־הויז פאַרשפאַרט.

מיר האָבן אויפמאַרשירט. דעם טאָג זענען מיר געגאַנגען 20 קילאָמעטער. ביינאַכט האָט מען אונדז געבראַכט צו אַ פויער אין אַ שייער, כדי דאָרט איבער־נעכטיקן און צומאָרגנס — ווייטער גיין.

אין שייער איז פאַר אַלעמען קיין פּלאַץ ניט געווען. איך מיט נאָך אַ פּאָר זענען אַרויף אויף אַ פּלאַץ, ווו פערד זיינען געשטאַנען. איך בין געלעגן נעבן פערע קלאָץ. די נאַכט בין איך ניט געשלאָפן. איך האָב באַשלאָסן, אַז מער וועל איך ניט גיין, גענוג. אויב עס וועט מיר באַשערט זיין צו לעבן, וועל איך דאָ אויך בלייבן לעבן — אויב נישט דאַרף איך זיך מער ניט מאַטערן. איך האָב געבעטן פערען, זי זאָל מיט מיר אויך בלייבן, נאָר זי האָט מורא געהאַט. איך האָב באַ־שלאָסן. אַז איך האָב מער ניט וואָס אָנצווערן. ווען עס איז נאָך פינצטער געווען, בין איך געגאַנגען זוכן אַ פּלאַץ ווו צו באַהאַלטן זיך, מיין פאַרמעגנס — דאָס פאַרפרוירענע לעבעלע ברויט — האָב איך געהאַט מיט זיך. ווען איך בין אַריין אין שייער, האָב איך געזען פאַרלייגט הויך שטרוי. צו די פרויען האָב איך גע־זאָגט: „עס איז מיר זייער קאַלט, העלפט מיר אַרויף אין דער הייך אַ ביסל אָנצו־וואַרעמען זיך״. אין דער הייך האָב איך זיך טיף איינגעגראָבן אין דעם שטרוי און זיך אַפילו צוגעדעקט דעם קאָפּ.

באַלד האָב איך געהערט ווי אַלע גייען אַרויס פון שייער, מען ציילט, דער אַפּעל! מיין האַרץ ווערט מיר צעטרייסלט, באַלד וועט מען מיך כאַפּן און דער טויט איז פאַר מיר גרייט. דאַן הער איך ווי דער דייטש גייט אַריין אין שייער און שרייט: „אַלעס ראַוס, קיינער ניט געבליבן, אַפּמאַרשירן!״ דער הונט האָט שטאַרק געבילט לעבן שייער. איך האָב נאָך געהערט פון ווייטן די פאַרמאַטערטע טריט פון די פרויען. זיי האָבן מאַרשירט, און דער שניי האָט געסקריפּעט פון פראָסט. און דאַן איז געוואָרן שטיל.

דעם טאָג בין איך געזעסן ווי פאַרשטיינערט: בין איך שוין דען פריי, האָב איך שוין נישט קיין דייטשן איבער זיך? מיין האַרץ איז געווען פול מיט גליק, קיינער היט מיך נישט, אַ פרייער מענטש...

איינזאַם, אַליין אין שטרוי — עס האָט זיך מיר גאַרנישט געגלייבט, אַז איך וועל בלייבן לעבן. דאָס ערגסטע איז געווען די נאַכט. עס האָט מיר געוואָרפן אַ צאַן אין אַ צאַן פון קעלט. איך האָב מורא געהאַט איינצושלאָפן, איך זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן. ווען איך האָב דערזען אַ בליאַסק אויף טאָג, בין איך געווען די גליקלעכסטע אין דער וועלט.

צומאַרגנס האָב איך געהערט דאָס רוישן פון עראָפּלאַנען. דעם פּויערס קינד האָט געשריגן: „טאַטו, רוסקי סאַמאָלאָט!" דאָס האָט מיך נאָך מער גליקלעכער געמאַכט. אפשר וועט דאָס שוין לאַנג ניט דויערן. די צווייטע נאַכט האָב איך זיך שטאַרק צוגעקילט און אָנגעהויבן צו הוסטן. איך האָב זיך געוואָלט איינהאַלטן מיט די גרעסטע כוחות, אָבער ניט געקאָנט. דער פּויער פלעגט אַריין אין שייער, און אַרויס... אויפן דריטן טאָג הער איך ווי דער פּויער שרייט „קטאָ טאַם?" איך האָב געענטפערט: „יאָ, אַ זשידאָוקע, וואָס האָט ביי דיר אין שייער געגעכטיקט דריי טעג" אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער מיר געבראַכט אַ קוביק הייסע קאַווע. ווען כ'האָב דאָס אויסגעטרונקען האָט זיך אין מיר ווי אַ פייער אָנגעצונדן; אין מיין גאַנצן גוף האָב איך געברענט. דאָס הייסע טעפּל קאַווע וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן. דאַן האָט ער מיר געבראַכט אַ שיסל מיט הייסע קלוסקעס, איך האָב דאָס שוין פיר יאָר פּאָר מיינע אויגן ניט געזען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין אָוונט וועט ער צו מיר אַרויפקומען מיך אָנקוקן, ווי איך זע אויס. איך האָב זיך ביי אים געבעטן, אפשר קען ער מיך אַריינגעמען אין שטוב נאָר אויף ביינאַכט. דער פּויער האָט דערציילט, אַז ניט ווייט פון דאַנען שטייט אַ הויז מיט אַן אַנטענע, און דאָרטן געפינען זיך רוסן, אפשר וועלן זיי מיך אַריינגעמען. אין אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך דערהערט דייטשן רעדן מיטן פּויער. איך האָב געטראַכט, אַז דאָ בין איך שוין פאַרפאַלן. נאָר דורך די שפּאַלטן פון שייער האָב איך געזען ווי דער פּויער פּאַקט איין די זאַכן, אויך די קינדער, און ער פאָרט אַוועק און די דייטשן גייען אַריין אין הויז. דאַן האָב איך זיך גענומען מיין שטיקל פאַרפרוירן ברויט, וואָס איך האָב געגריזשעט, און מיינע שיך, וואָס זענען פאַר־פרוירן געווען און צוריק אויף די פיס נישט אַרויף. איך האָב זיי גענומען אין די הענט און פון שייער־טויער זיך אַרויסגעשאַרט דורכן שניי אויף דער גאַס. באַר־וועסערהייט בין איך אַזוי געגאַנגען, ווער ווייסט וויפל קילאָמעטער. עס איז מיר גאָרנישט קאַלט געווען. די שרעק און דער אימפּעט האָט מיך געטראָגן. ביז איך בין דערגאַנגען צו דעם הויז מיט דער אַנטענע ווען איך האָב אויפגעעפנט די טיר, האָב איך דערזען אַ פולע שטוב מיט מענטשן וואָס האָבן גערעדט נאָר רוסיש. די פּליטע האָט זיך געהייצט און אין שטוב איז געווען אַ ליבע וואַרעמקייט. איך האָב געבעטן נאָר אַרויפצוליגן מיינע פאַרפרוירענע שיך אָנצוואַרעמען, אַז איך זאָל זיי קענען אַרויפשלעפּן אויף די פיס. איינע פון די פרויען, וואָס זיינען דאָרט געווען, האָט אויסגעזען ווי אַ יידישע. זי האָט גערעדט נאָר פּויליש. איך האָב זי אַרויסגערופן אין דרויסן און געבעטן, אפשר קען זי פּועלן ביי די רוסן. זיי זאָלן מיך לאָזן נאָר איבערנעכטיקן, זי האָט געזאָגט: „איך וועל דיר מיט גאָר־ניט העלפן". ווען די שיך זיינען שוין געווען אויף די פיס, האָב איך זיך געפילט ווי אַן אַנדערער מענטש.

איך האָב גענומען שפּאַנען ווייטער אין דעם טיפן שניי ביזן בויך. איך האָב געטראַכט, אַז ביינאַכט וועל איך זיך אונטערגראָבן אונטערן שניי. איך האָב אַמאָל געליינט, אַז אונטערן שניי איז וואַרעם. ביים סוף דאָרף, פון ווייטן אָפּגעזונדערט פון אַלע הייזער, איז געשטאַנען אַ קליין הייזל. דערנענטערנדיק זיך צום הייזל, האָב איך געזען פון ווייטן שטיין אַ פרוי און ברעכט מיט די הענט, שרייענדיק:

צו איר מאַן „יעזוס מאַריאַ". די עראָפּלאַנען האָבן געקרוישט וואָס אַמאָל שטאַר־קער. דערנענטערנדיק, האָב איך געהערט, ווי זי זאָגט צום מאַן, אַז באַלד וועט דער עראָפּלאַן אויף אונדז אַראָפּוואַרפן אַ באָמבע, און מיר וועלן אַלע דערהרגעט ווערן. איך האָב זיך אָנגערופן, אַז איך האָב נישט קיין מורא — די פּילאָטן ווייסן ווו צו וואַרפן באָמבעס. זיי וואַרפן נאָר אויף סטראַטעגישע פּונקטן, אויף אַזאַ הויז ווי איר וועלן זיי קיין באָמבעס ניט וואַרפן. ווען זי האָט דאָס דערהערט, זאָגט זי צום מאַן: „זי איז גערעכט" — און צו מיר: „קום אַריין אין שטוב. אַז עס וועלן אָנהויבן די אַטאַקן, וועסטו מיר כאַפּן אַ קינד אויף די הענט און העלפן לויפן. גיי אַריין!" איך האָב געענטפערט, אַז אַפילו צוויי קינדער, און בין נאָך איר אַריין אין שטוב — צוויי קליינע צימערלעך, ווו עס זיינען דריי קליינע צעשראָ־קענע קינדער געזעסן און זיך געשפּילט. עס איז געווען ריין און וואַרעם, אַ מחיה. זי האָט מיך ניט געפרעגט, ווער איך בין, נאָר צי איך בין הונגעריק. „ניין" — האָב איך געענטפערט. — זעסט דאָ אין זעקעלע האָב איך ברויט, וואָס איך האָב נאָך ניט געגעסן". ווען איך האָב אַרויסגענומען דעם פאַרפרוירענעם ברויט, האָט זי געזאָגט, אַז באַלד וועלן מיר עסן מיטאָג. איך האָב געקוקט אויפעסן אַלעס, וואָס איז געווען אויפן טיש, נאָר איך האָב געגעסן זייער ווייניק, ווייל די אָרעמקייט איז דאָ אויך געווען זייער גרויס. דאָס איז געווען מיין גליק, ווייל מענטשן, וועלכע האָבן מיט איין מאָל זיך צוגעכאַפּט צום עסן, זיינען באַלד געשטאָרבן. אין אָוונט ווען אַלע זיינען שוין אַוועק שלאָפן, האָב איך צו דער קריסטין געזאָגט, אַז איך וועל זיך לייגן אויף דער ערד. זי האָט מיך געהייסן זיך לייגן מיט אירע קינדער אין בעט.

ליגנדיק אין בעט נאָך פיר יאָר זיך וואַלגערן אויף דער ערד, האָב איך שטי־לערהייט געוויינט פאַר פרייד און געטראַכט, ווי אַזוי וועל איך די מענטשן קענען באַדאַנקען, דאָס זיינען דאָך געווען מלאכים. ווען עס זיינען געגאַנגען דייטשן איבערן דאָרף, האָט זי מיך שנעל באַהאַלטן אין שטעלכל, ביז עס איז שטיל געוואָרן

מיטוואָך, דעם 19טן יאַנואַר, 6 אַזייגער אין אָוונט, האָב איך דערהערט מאַר־שירנדיקע רוסישע זעלנער זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". איך בין געבליבן ווי פאַרשטיינערט. איך האָב אויסגעשריגן, אַז מיר זיינען באַפרייטע. דער פויער איז אַריין און געזאָגט: „רוסקי פשישעד", און אַז די דייטשן אַנטלויפן. איצט בין איך אַ פרייער מענטש! איך האָב זיך אָבער נאָך געגוג אָנגעליטן.

צומאָרגנס איז דער פויער געקומען פון דאָרף און דערציילט, אַז נישט ווייט פון דעם דאָרף געפינען זיך נאָך צוויי „זשידאָוווקעס", וואָס זיינען אַנטלאָפן. איך האָב זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און באַלד מיטן פויער צוזאַמען אַוועק זען. דאָס זיינען געווען פערע קאַץ מיט באַשע ווידזער. זיי זיינען דעם צווייטן טאָג אַנטלאָפן. זעענדיק, אַז מיר איז געלונגען, האָבן זיי אויך געפּרוווט. זיי האָבן דער־ציילט, אַז רעסקע קאַגאַן (דעם וואָפּעלניקס איניקל), איז דערשאָסן געוואָרן, ווייל זי האָט זיך אויסגעגליטשט אונטערן שליטן; שרה עטל הירשקעס האָט אָפּגעפרירן זיך די פיס און מער נישט געקאָנט גיין. אויך זי איז דערשאָסן געוואָרן, און נאָך אַ סך, וואָס איך געדענק שוין ניט. מיר האָבן אָפּגע־

רעדט, אַז ביז זונטיק וועלן מיר דאָ זיין, און דערנאָך זיך נעמען אין וועג אַריין צוריק אַהיים.

די קריסטין האָט מיר זונטיק אינדערפרי געמאכט אַ פּעקל עסן אויפן וועג און מיר געגעבן צוויי גרויסע לאַבנס ברויט פאַר איר אַ שוועסטער, וועלכע געפינט זיך אין ראַוונע און הונגערט מיט די קינדער. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער קריסטין ווי מיט אַן אייגענער מאַמען. איך וועל זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן אין מיין לעבן. איך, פּערע און בתיה האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריק. ווען מיר זיינען נאָר אַריין טיף אין דאָרף, איז געשטאַנען אַ רוסישער פּאַטרול און געפרעגט וועגן פּאַספּאָרטן. עס האָט אונדז ניט געהאָלפן קיין טענות, אַז מיר זיינען ידישע פון די לאַגערן. ער האָט געזאָגט: „די יידן האָט מען אַלע אויסגעהרגעט, איר זייט שפּיאָנען!".

מיר זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן צוזאַמען מיט פּוילישע, רוסישע און אויך דייטשן. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און מאַרשירט צוזאַמען מיט אַלע פאַרברעכער. מאַרשירנדיק, האָב איך דערזען דעם פויער, ביי וועלכן איך האָב זיך באַהאַלטן. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט רחמנות. איך האָב זיך שטאַרק געשעמט. אויף די וועגן זיינען געלעגן טויטע דייטשן, פאַרפּרווירענע אָן שיך. מיר האָבן דערביי געהאַט אַ ביסל נקמה פאַר אונדזער בלוט. פון אַלע זייטן זיינען געגאַנגען זעלנער מיט ביקסן און אויך אויף פערד. פּלוצלינג איז איינער פון די דייטשן אַנטלאָפן. די רוסן האָבן אים נאָכגעיאָגט מיט די פערד און געכאַפּט. ער האָט אויסגעזען זייער יונג, אפשר 17 יאָר אַלט. מען האָט אים באַלד דערשאָסן. צוקוקנדיק זיך„ האָבן מיר — אַנשטאָט נעמען נקמה — אָנגעהויבן וויינען. עס האָט זיך מיר דערביי פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי מיין זיבעצן־יעריקער ברודער ווערט געשאָסן. ער איז אין 1943 צוגענומען געוואָרן מיט די 50 שטאַרקע מענער פון לאַגער יונישקעס.

אַלעמען האָט מען איצט געבראַכט אין אַ גרויס ליידיק הויז, און עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען די אויספאָרשונגען. אין אַ טאָג שפּעטער האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ קעלער, וווּ עס זיינען געזעסן פרויען און פאַרברעכער פון כל המינים. איין מאָל אין טאָג האָט מען געבראַכט עסן. יעדעס מאָל פלעגט מען נעמען אַנדערע צו דער אויספאָרשונג. אויף צומאָרגנס האָט איינע פון די פרויען ביים אויספאָרשן דערציילט, אַז עס געפינען זיך אין קעלער דריי ידישע מיידלעך. (דער קעלער איז געווען זייער קליין און פול געפּאַקט, אַזוי אַז נאָר זיצן האָט מען געקאָנט). שפּעטער איז געקומען אַ זעלנער מיט דער ביקס און אונדז אַוועקגעפירט צו פאַרשן. ווען מיר זיינען אַריין, האָט דער אויספאָרשער געפרעגט: „דאָס זייט איר פון די לאַגערן? איך בין אויך אַ ייד. דערציילט וואָס איר האָט איבערגעלעבט!" ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך בין צוואַנציק יאָר אַלט, האָט ער נישט געגלויבט — מיר האָבן אויסגעזען ווי פּופּציק. מיר האָבן מיט געוויין דערציילט אונדזערע צרות. ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז מאָרגן וועלן מיר ווערן באַפרייט. מיר האָבן געוואַרט אַ טאָג, צוויי און דערווייל זיצן מיר צוזאַמען מיט אַלעמען. ווי איז דער צוזאָג? אויפן דריטן טאָג איז ענדלעך געקומען אַ זעלנער און געפרעגט וועגן די דריי „יעווריעיקעס" — דער אויספאָרשער האָט אונדז אַרויס־

געטראָגן אַ פּעקל קליידונג און געגעבן אַ בריוו פאַר זיין פרוי אין רוסלאַנד, און דערביי געזאָגט, אַז וועלכע מאַשין עס וועט אָנפאָרן, וועט אונדז נעמען אַהיים.

ענדלעך זיינען מיר, באַפרייטע, אַרויס אויפן וועג און ווידער גענומען מאַר־שירן. דערווייל זיינען מיר געוואָרן הונגעריק. ווען דאָס עסן האָט זיך געענדיקט, האָט בתיה מיר פאָרגעלייגט צו טיילן דאָס ברויט, וואָס איך האָב פון דער קריס־טין. האָב איך איר דערקלערט, אז ווען איך וועל אפילו אויסגיין פאַר הונגער, וועל איך דאָס ניט טאָן. מיר האָבן באַשלאָסן זיך אַוועקצושטעלן אין וועג און פאָרן מיט יעדן אויטאָ, וואָס וועט אַדורכפאָרן, ווייל פון הונגער און מידקייט קאָן מען שוין ניט אויסהאַלטן. מיר האָבן פאַרשטעלט דעם וועג און אַ מיליטע־רישער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ זעלנער האָט געפרעגט ווער מיר זיינען. דערהערט: „דריי יעוורעיקעס פון די לאַגערן״, האָט ער געהייסן אַרויף אויפן אויטאָ. מיר זענען געווען די גליקלעכסטע. דער צווייטער ביים שאָפער, אַ הויכער־מיליטער־מאַן, האָט אונדז געזאָגט, אַז ער איז אויך אַ ייד און אַז דאָס ערשטע מאָל, זינט דער מלחמה, זעט ער יידישע פרויען, באַפרייטע פון די לאַגערן.

מיר זיינען געפאָרן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביינאַכט זיינען מיר אַריינגע־פאָרן צו אַ פויער אין שטוב, ווו עס זיינען געווען נאָך זעלנער. מיר האָבן באַקו־מען אַ גוטן אָוונט־ברויט, און דער יידישער מיליטערמאַן האָט באַפוילן, אַז די אַלע זעלנער זאָלן שלאָפן אויף דער ערד, און מיר דריי ביים פויער אין די בעטן. נאָכן דערציילן אים די צרות, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט האָט ער געזאָגט, אַז ער פאָרט איצט צום פראָנט און וועט פאַר אונדז נעמען נקמה.

אויף צו מאָרגנס זיינען מיר דערפאָרן ביז ראָוונע. איך האָב אָפּגעגעבן די צוויי לאַבנס ברויט פאַר דער קריסטינס שוועסטער, זיי זיינען טאַקע געווען אָן ברויט. דאָן זיינען מיר אַרויס ווייטער אויפן וועג און ווידער האָט קיינער אונדז ניט געוואָלט אויפנעמען. מיר זיינען אַזוי אָפּגעגאַנגען ביז פאַרנאַכט ביז צו אַ טייך און ניט געקענט ווייטער גיין. פּלוצלינג הערן מיר פון ווייטן שרייען. אַ שאָפער פון אַ לאַסט־אויטאָ האָט אונדז געוויזן ווו דורכצוגיין. מיר זיינען אַרויף אויפן אויטאָ. דער מיליטערמאַן איז געווען אַן עלטערער מענטש, אַ יידישער־דאָקטאָר אין דער רויטער אַרמיי. דער אויטאָ האָט אונדז צוגעפירט ביז די ערשטע באַן־ליניע, וואָס האָט שוין געפירט ביז פאַר וואַרשע. דאָ זיינען שוין געזעסן מענטשן אַ גאַנצע וואָך און געוואַרט אַוועקצופאָרן. מיר האָבן געהאַט מזל, ווי מיר זיינען אָנגעקומען, איז דער צוג באַלד אָפּגעפאָרן.

מיר זיינען געפאָרן אַ פּאָר טעג, הונגעריק און פאַרמאַטערט. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין וואַרשע און אַראָפּ פון צוג, איז אַלעס געווען חרוב. הונגעריקע, זיינען מיר געגאַנגען בעטן אַ שטיקל ברויט אין די הייזער. און ווידער געוואַרט אויפן צוג, וואָס גייט קיין ביאַליסטאָק אין ביאַליסטאָק איז שוין געווען אַ רוסישער קאָנסולאַט. זיינען מיר גלייך געגאַנגען זיך פאַרשרייבן צו פאָרן קיין אָשמענע. דאָן האָט מען אונדז אַוועקגעפירט צום יידישן קאָמיטעט, ווו מיר האָבן באַקומען אַ פּלאַץ צו נעכטיקן. אין הויז זיינען געווען מענער פון גאָר דער וועלט. מיר זיינען קוים אַדורכגעזעסן די נאַכט, און צומאָרגנס האָבן מיר גענומען וויינען, מען זאָל אונדז געבן עפּעס אַ צימער צווישן פרויען. אַן עלטערער ייד האָט אונדז פאַרגע־

לייגט אַ גוט צימער. עס זיינען געשטאַנען צוויי בעטן מיט שעניקעס. אַ גאַנצער קאַסטן מיט פאַרפרוירענע קאַרטאָפל און אַ טאָרבע אַרבעס. מיר האָבן באַלד אָנגעצונדן די פליטע און געקאָכט אַרבעס מיט קאַרטאָפל. איך האָב באַלד געפונען אַ פּלאַץ ביי אַ שכנותדיקער פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ ניי־מאַשין און אָנגעפאַנגען צו נייען. מיר האָבן זיך געקויפט עסן און געלעבט גוט. דאַן האָט זיך בתיה אַרומגעזען, אַז זי קען אויך גיין אַרבעטן, זי האָט עפּעס אויסגעפונען אַ גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אַ קעכין, און זי איז צוזאַמען מיט זיי אַוועק אין אַ קליין שטעטל, און פערע קאַץ איז אַוועק אַרבעטן ביי אַ דאָקטאָר אין הויז. דערווייל זיינען אָנגעקומען נאָך אַ סך מענער. שמעון בער לעווין, דעם דרוקערס פרוי מיטביידע טעכטער, ציפּע קאָזלאָווסקע, זכריה דעם פּאָטאָגראַפטשיקס טאָכטער לאה און אַנדערע.

מען האָט דערציילט, אַז רחל און חיה לעווין מיט דער מאַמען זיינען פאָרנדיק קיין וואַרשע דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ באַן־סטאַציע דורך א. ק., וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין פּוילן. און אין אַ פרימאָרגן האָט מען געבראַכט דערמאָרדעטע די גרופּע פון אַלע 6 מענער מיט בתיהן, און אויך אַ 4־יאָריק קינד.

דאַן האָב איך באַשלאָסן מיט לאהלן און מיט פערן פון דאַנען אַוועק. מיר האָבן געשפּרייזט איבער גרענעצן, איבער פאַרשידענע מדינות, געווען אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, עסטרייך און פון דאָרטן קיין אַמעריקע, און פון אַמעריקע — קיין ישראל.

גוטנדאָרף, 15 יאַנואַר 1945)

לאה גרשונוביץ / נתניה

# אחר השחרור

1945. שמי אירופה התבהרו לאיטם וענניה התפזרו לכל עבר. שערי מחנות ההסגר נפתחו לרווחה ושלדי האדם נשמו זה עתה את אויר העולם החופשי.

השתחררנו.

מוכות בלב ובנפש מצאנו את עצמנו, כמה מבנות אושמינה, על אדמת גרמניה הטמאה

גורל אחד איחד אותנו — היתמות והבדידות.

כמובן, שדרכנו הראשונה בחיינו החדשים היתה לאושמינה, העיר בה גדלנו, הונכנו וחיי ילדות מאושרת עברה עלינו.

לא קלה היתה הדרך, קשה ועקלקלה. הדרכים המו מכל מיני בני אדם מפוקפקים ואת הרכבות מלאו חיילי הצבא האדום, שלא הצטיינו באדיבותם היתרה.

למרות הכל, נסענו כביכול הביתה.

בלילות הארוכים, בקרנות האפלים, ישבנו וחלמנו על אושמינה. היא נגלתה לעינינו בכל הדרה וזוהרה, אושמינה מלפני המבול: הקהילה היהודית המשגשגת, הנוער העברי הנפלא, החניכים ומחנכים, שלא חסכו כל מאמץ רוחני וגופני בכדי להקים דור עברי לתפארת.

צחוק הילדים החוזרים מבית הספר הדהד באזנינו, והנה נגלתה לעינינו אושמינה של ליל ששי: העירה לבשה הדרת חג, אחרוני הסוחרים סוגרים את עסקיהם, הילדים מצוחצחים ומלובשים בבגדי שבת. מחלונות הבתים מהבהבים הנרות ונראות המפות הצחורות.

האמא מברכת על הנרות ואבא עושה קידוש.

כל אחת, בלבה היא, חלמה על ביתה החם, על יד אמא מלטפת ואבא דואג, בית מלא אחים ואחיות על כל זה שהיה ואיננו עוד.

קוינו למצוא שריד מכל זה.

אויה לנו מה שראינו בדרוך רגלינו על אדמת אושמינה. אושמינה חרבה, תלי חורבות, אין זכר ליד אמא מלטפת ואבא דואג, הכל נהרס ונחרב ונסחף עם המבול הגדול שירד על יהדות אירופה.

במקום הבתים שעזבנום, מצאנו צמחים, ומכל הקהילה המפוארת התאספו כ־20 איש דוויים ומדוכאים. מכל הגברים והנוער שהיו באושמינה נותר בור עזוב, שבו מצאנו זקנים, שיניים, חגורות והרבה ערדליים.

שרידים דוממים אלו הם זכר לטרגדיה האיומה, שהתחוללה כאן.

במקום הזה הקמנו קבר אחים ובכל שנה היינו מתאספים בכדי להתייחד עם זכר קדושינו, ה׳ ינקום דמם.

נחרבת ונהרסת קהילת אושמינה, אבל בלבנו ובזכרוננו את חייה לנצח.



ליד קבר־האחים





ידידים ליד קבר־האחים

בעלאַ קאַרפּ־גרינשטיין / רעננה

# נאָך דער באַפרייאונג

איך בין באַפרייט געוואָרן פון היטלעריסטישן גיהנום דעם 10טן מערץ 1945 — ניט ווייט פון דאַנציק — קראַנק, צעבראָכן און עלנט. באַפרייט האָבן מיך די רוסן: אין אַ לאַגער אויף צעפוילטן שטרוי זיינען מיר, די לעבעדיקע מתים, געלעגן אין שמוץ און אומריינקייט און געאָטעמט מיט די לעצטע כוחות. דאָס לייב איז געווען צעפרעסן פון כינים און אומריינקייט, און דערצו פיבער פון טיפוס. די רוסן, הערנדיק וועגן אונדזער שרעקלעכער לאַגע, האָבן יעדן איינעם קאָנטראָלירט. ביי וועמען עס האָט נאָך געקלאַפּט דער פּולס האָבן זיי אַראָפּגעריסן די שמוציקע מלבושים, די שמאַטעס, און אונדז, דייטשע געפאַנגענע, געטראָגן אויף נאָסילקעס אין אַ ריינעם באַראַק, וווּ מען האָט אָפּגעשוירן די האָר, אויסגעוואַשן און אָנגעטאָן ריינע מיליטערישע וועש. אין אַ צווייטן באַראַק האָבן די דאָקטוירים אונדז באַהאַנדלט, געגעבן איינשפּריצונגען און אַ זיסע פליסיקייט אויף די ליפּן. ווען מיר זענען געוואָרן אַ ביסעלע קרעפטיקער, האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן שפּיטאָל. ווען איך האָב דערפילט הונגער, און אַ רוסישע קראַנקן־שוועסטער האָט מיר אַריינגעגאָסן אין מויל אַ טיי־לעפל שיטערע מאַנע־קאַשע, האָב איך זיך זייער צעוויינט און געבעטן נאָך אַ ביסל. די קראַנקן־שוועסטער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער געפאַר פון צוכאַפּן זיך מיט אַמאָל צום עסן.

אין שפּיטאָל זענען מיר געווען אַ לענגערע צייט. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז געזאָגט, אַז מען וועט אונדז פירן קיין קרים אויף דערהאָלונג. מיר זענען געפאָרן כמעט צוויי חדשים ביז מאָסקווע. דאָרט האָט מען אונדז סאָרטירט. אין דעם זעלבן מצב זענען געווען מיט מיר צוויי אָשמענער שוועסטער — איטע און זעלדע שניידער. האָט מען אונדז צעשיידט — זיי האָט מען געשיקט אין שפּיטאָל, און מיך — אין אַ לאַגער, שטרענג אַרומגעצוימט און באַוואַכט. דאָרט זענען געווען פאַרשידענע טיפּן, פאַרדעכטיקע אין קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן. זיי זענען געהאַלטן געוואָרן אויף אַן אויספאָרשונג. צווישן זיי זיינען געווען בלויז עטלעכע אָפּגעשוואַכטע יידישע מיידלעך. דאָס עסן איז דאָרט געווען זייער שלעכט, מען האָט באַקומען ברויט מיט מעקענע און אַ זופּ פון קראָפּעווע. צוליב דעם, וואָס איך בין ווידער קראַנק געוואָרן, האָט מען מיך געשיקט אין שפּיטאָל און נאָך אַ בעסערונג אין געזונט — ווידער צוריקגעשיקט אין לאַגער.

אַזוי האָט מיט מיר פּאַסירט עטלעכע מאָל, און פון דער כסדרדיקער אָפּשוואַכונג האָב איך געבעטן אויפן טויט. די רוסן האָבן מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך סימוליר, כדי צו באַקומען בעסער עסן.

די קריסטלעכע פרויען פון דעם לאַגער פלעגט מען נעמען אויף אויספאָרשונגען וועגן קאָלאַבאָרירן מיט די דייטשן און דערווייל לאָזן אין תפיסה. אויך אונדז האָט מען געפאָרשט פון וואַנען און ווער מיר זיינען. מיט צוויי וואָכן שפּעטער

האט מען מיך ווידער געטראָפן אין „ענקאַווועדע" און דערקלערט, אַז די אינ־פאָרמאַציעס וועגן מיר און מיין משפחה זיינען גוטע, אָבער היות קיינער איז פון מיין משפחה ניט געבליבן, וואָס וועט זיין מיט מיר. איך האָב דערקלערט, אַז איך וויל פאָרן „דאָ ראַדינאַ", דאָס הייסט אין מיין געבורט־שטאָט, מחמת איך בין צו שוואַך צו אַרבעטן. זיי האָבן דערצו מסכים געווען און געגעבן אַ גוטן דאָקומענט, אַז איך בין אַ געליטענע פון די דייטשן. איך האָב אויך באַקומען אַ פּאַיאָק: אַ לעבל ברויט מיט אַ ביסל שמאַלץ, אַ ביסל שפּייז, צוקער און 75 רובל. אויף יעדער סטאַ־ציע דאַרף איך אויך נאָך באַקומען אַ קאָטיעלאָק מיט קיפּיאַטאָק (אַ טעפּל מיט געקאָכט וואַסער).

קומענדיק אויפן וואָקזאַל פון מאָסקווע האָב איך דערזען טויזנטער מענטשן וואַלגערן זיך אויף דער ערד און וואַרטן אויף זייער „אָטשערעד" (ריי), וואָס האָט זיך געצויגן קילאָמעטערס לאַנג, כדי צו שטעמפּלען דעם בילעט. זעענדיק, אַז עס פעלט צו די נאַכט האָב איך זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פונעם וואָקזאַל אויף דער ערד צו באַקומען אַ פּלאַץ אויף ביינאַכט. פּאָליציי און מיליטערלייט פלעגן מיך פרעגן, ווער איך בין און צו האָב איך אַ דאָקומענט. פאַר מורא האָב איך זיי אויסגעמיטן, צוליב וואָס מ'האָט מיך געדראָט צו אַרעסטירן. שפּעטער האָט מיר אַ העכערער מיליטערמאַן, אויסהערנדיק וועגן מיין מצב, פאַרגעלייגט זיין גרייט־קייט צו העלפן שטעמפּלען דעם דאָקומענט. זעענדיק מיין חשד, האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער איז אַ ייד און מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך דאַרף נישט פאַרלאָזן דאָס אָרט, אַנדערש וועט ער מיך נישט צוריקגעפינען — און אָן דאָקו־מענט וועל איך זיין אַ פאַרלוירענע. איך האָב ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן און אים געגעבן דעם דאָקומענט און געבעטן, ער זאָל וואָס שנעלער דערליידיקן. איך מאַך זיך שלאָפנדיק, אָבער דאָ קומט איינער מיט אַ בעזעם ריין מאַכן און הייסט מיך פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. איך בעט זיך ביי אים רחמים, אַז איך מוז דאָ וואַרטן אויף עמעצן, יעדע מינוט דאַרף ער אָנקומען. ער וויל ניט הערן און טרייבט מיך ברוטאַל אַוועק. ערשט ווען איך פאַל צו זיינע פיס באַקומט ער רחמנות און לאָזט מיך זיצן. באַלד חזרט זיך דאָס זעלבע איבער מיט אַן אַנדערן אויפרוימער און דער מיליטערמאַן מיט מיין דאָקומענט איז נאָך אַלץ ניט צוריקגעקומען. איך האָב שוין באַקלאָגט מיין גורל מורא האָבנדיק, אַז מיט מיינע פּאַפּירן וועט אַן אַנדע־רער זיך באַנוצן.

פּלוצלינג איז געקומען דער מיליטער־מאַן מיט די דערליידיקטע פּאַפּירן און מיר פאַרגעלייגט צו גייז נאָך אים, מחמת זיין עשאַלאָן פאָרט אויף בערלין, און איך קאָן פאָרן מיט אים ביז מינסק, און פון מינסק — קיין ווילנע. נאָך פיל שוועריקייטן איז מיר ענדלעך, מיט דער הילף פונעם מיליטערמאַן, געלונגען זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן פול־געפּאַקטן צוג. שפּעטער האָט ער מיך אַריבערגעפירט אויף אַ בעסערן פּלאַץ אין דעם וואַגאָן צווישן זיינע זעלנער, צו וועמען ער האָט זיך געווענדט, מיר בייהילפיק צו זיין. צוליב מיין שלעכטן מצב.

אַזוי בין איך אָפּגעפאָרן אין דעם וואַגאָן אַ גאַנצע נאַכט, די סאָלדאַטן האָבן געדעדט, געשריען און געכראָפּעט פון שלאָף, איך בין געווען אין אַ שרעקלעכן פּחד, כאָטש איך האָב ניט געהאַט קיין אויסזען פון אַ פרוי. אין דרויסן האָט

אָנגעהויבן ווערן ליכטיק. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע, און הערנדיק אַז מען באַקומט דאָרט צו קויפן הייסע מילך, האָב איך געבעטן די זעל־נער פאַר מיין געלט צו ברענגען. אַ זעלנער האָט מיר געבראַכט אַ טעפּעלע מילך, אָבער נישט געוואָלט נעמען באַצאָלט. קיין טעם פון מילך איז מיר אין מויל ניט געבליבן, איך האָב מיין דורשט ניט געשטילט. יעדער האָט מיר פאָרגעלייגט עפּעס צו טרינקען. איך האָב גאָרנישט געוואָלט טרינקען.

מיר זענען דערפאָרן ביז מינסק. דער מאַיאָר האָט מיר געקויפט אַ בילעט ביז ווילנע און מיר געגעבן 50 רובל צו קויפן שפּייז אויפן וועג און געזאָגט, מיט וועלכן צוג איך דאַרף פאָרן. ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט. איך האָב געזען אין אים מיין רעטונגס־מלאך, נאָך דער גרויסער פּיין פון קאַצעט, ווו איך בין לעבן געבליבן מיט גרויסע ניסים. און אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין אָשמענע און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן נייע צרות.

שלמה בן־יהודה / קרית־שמונה

# בקור באושמינה לאחר 27 שנים

למשך יממה אחת בלבד שבתי ובקרתי באושמינה עירי ביולי 1966. בכדי להגיע לאושמינה ולהפגש עם אחותי נחמה ומשפחתה, המתגוררת ברובע „זאש־ציענק" עד היום הזה, הייתי נאלץ לערוך טיול מאורגן ממושך מאיסטנבול בטורקיה, דרך נמל ורנה בבולגריה, אודיסה, מוסקבה, לנינגרד, ריגה, וילנה ולבסוף לאושמינה לעשרים וארבע שעות.

בהיותי בשגרירות ברית־המועצות ברמת־גן תבעתי ודרשתי בכל תוקף לאפשר לי בקור באושמינה ומרגע הגיעי לאודיסה לא הרפיתי מדרישתי: אושמינה! אושמינה! השכם והערב, בכל מקום ומקום ובכל הזדמנות, חזרתי על תביעתי ולא התיאשתי, למרות אבני הנגף שהיו בדרכי, עד שאופשר לי סוף־סוף הטיול; בקור חטוף למשך יממה, זאת לאחר דחיות והתחמקויות, בטענה שאושמינה אינה עיר תיירות, אין בה בית מלון לתיירים ואין בה מה לראות בכלל. טענתי שהנני מוכן לוותר על מלון „מטרופול" במוסקבה ולבלות חודש בבית העץ של אחותי ב„זאשציענק" ללא שירותים וברז מים בבית...

כשהגעתי לוילנה החלטתי לעמוד בתוקף ולא לוותר על הסיור באושמינה. טענתי שאני מוכרח לראות את עיר מולדתי ובית אחותי כדי להיווכח במו עיני שהיא חיה טוב ולא חסר לה מאומה, אחרת איני מאמין; אולי מעונינים להסתיר מעיני חיי סבל ותנאים קשים שהיא שרויה בהם? וכי מה יכולה להיות הסיבה שלא ירשו לי לבקרה?

אחותי נחמה היתה אמיצת לב יותר ממני ולא נרתעה מקשיים עצומים ושפעת אבני־נגף שנערמו בדרכנו, ולבסוף נצחנו: משרד התיירות בוילנה שלח לי מונית עם נהג צמוד שילווה אותי במשך יממה ולא יזוז ממני. הרהבתי עוז בנפשי ולא הסכמתי לגזירה זו, בטענה שאם לא מאמינים לי ושולחים מלווה (או זקיף) צמוד, ארגיש כאילו אני אסיר תחת משמר ופקוח. אמרתי שאוותר על הבקור ובהגיעי לארצי אפרסם בעתונות כיצד נוהגים בתייר: הסבל שעברתי בעטיו של משרד התיירות, אי מתן רשות לבקר בעיר הולדתי, וכמו־כן שמנעו ממני לבקר את קבר הורי ומשפחתי שנרצחו על ידי הנאצים. לבסוף גבר רצוני ונעתרו לבקשתי הצנועה שיסיעו אותי במונית לבית אחותי באושמינה. נקבע שאשהה באושמינה וסביבתה (ללא שום הגבלת מקום) במשך יממה ואשוב במונית אחרת לוילנה, אבל לא באוטובוס צבורי או ברכבת.

נסעתי בכביש הישן והידוע מוילנה עד אושמינה, שהוא טוב למדי כמחצית הדרך עד לגבול רוסיה הלבנה בשטח הליטאי. בהמשכו משובש הכביש בבורות ותעלות.

קשה לי לתאר את התרגשותי הרבה בהגיעי לעיר: אגלי דמע נגרו מעיני ורק בגלל נוכחותם של שני נהגי מוניות שאחותי הזמינה התאפקתי מלפרוץ בבכי.



בית החרושת של האחים אברהם ודוד סטרוגץ׳

**די פֿאַבריק פֿון די ברידער אברהם און דוד סטרוגאַטש**

(אויפגנומען בעתן באַזוך אין אָשמענע)

יצאתי עם משפחתי והצטרפו עוד כמה יהודים שכנים שהיו פנויים. בכל מקום צילמתי. את מרבית התמונות הצלחתי להביא ומסרתי אותן לספר אושמינה. לא עניינו אותי מוזיאונים, בניינים חדשים, גנים ציבוריים וכו׳, אלא זכרונות העבר שהייתי קשור בהם בכל נימי נפשי. לא יפעת נוף של נהרות ויערות חיפשתי, אלא אפר ורמץ שנותרו לפליטה מהשריפה הגדולה שאכלה את קהילת היהודים באושמינה וזכרונות בודדים שנותרו ומעניינים את כולנו. הרגשתי שאני בעיר חרבה ומבקר בבית קברות. אושמינה ללא יהודים, ללא המסחר היהודי, מתה לגמרי, עיר רפאים ושאול.

הבחנתי בארובה הגבוהה של ה„ברויז" — בית־החרושת לשמרים של סטרוגאץ, „הגביר" של עיירתנו. המפעל לא רק שנשאר שלם, אלא גדל וארובות חדשות מתנשאות אל על, אבל ארובת הלבנים המוכרת לנו מזמן היא הגבוהה והמרשימה ביותר.

מבית התפילה הקתולי, ה„קלויסטר", הורידו את הצלמים והמגדלים פורקו. הכנסיה נהפכה לאסם תבואה אזורי והיא נראית עלובה. את ה„צ׳רקבה" (הכנסיה הפראבוסלאבית) הורידו בכלל ואין ממנה זכר. לא נותר גם סימן משוק החנויות (עלמערלעך) שהשתייכו ליהודים. גם גינת ה„שוק הקטן" וגן מכבי־האש (פאַזשאַרנער סאַד) לא קיימים עוד. כמו כן לא קיים „שוק הסוסים" ובכלל לא מתקיימים יותר ירידים ושווקים ביום חמישי והמסחר מתנהל רק בצרכניות.

בית הכנסת הגדול שלנו נהפך למאפיה עירונית ועשן שחור מיתמר מארובה גבוהה ומכסה את השמים וגם את כל הסביבה.

מכון החשמל (עלעקטראָווניע) והסכרים הסואנים שהניעו את הטורבינות במי נהר אושמינקה ב„גשר בארוין" נדמו, יבשו, ומהכל נותרה רק שלולית מרופשת הזורמת מתחת לגשר רעוע. גשר העץ ברחוב אולשני חרב ונראה רקוב ותלוי על בלימה; חששתי שכל רגע יתפרק ויקרוס תחתינו. חיפשתי את פאר הנהר שהיינו מתרחצים ושוחים בו בחום הקיץ, מכבסים בו ומנסרים ממנו קרח לקרור ותעשית הגלידה וחוגגים לידו בטקס רב רושם את יום חג הים, כי בעינינו קודם דמה לים. ב„פאנווילישקי", הארמון של סטרוגאץ, פגשנו אנשים נכים, אלמים וחרשים. המקום משמש כעת כמוסד מיוחד להם.

מצאתי את בית הקברות היהודי חרב ומוזנח. אמנם פה ושם אפשר עוד למצוא מצבות שלמות עם כתובות ולפעמים פרחים, אבל נדמה שנותר רק עץ בודד והשאר נגדעו. צילמתי את המצבה על קבריהם של הרב מנשה שמואלזון, של סטרוגאץ ועוד כמה מצבות שנותרו שלמות.

משם נסעתי לגיא ההריגה בברטל. אחרי בית המטבחיים העירוני בין פולן וברטל נמצאים קבר אחים ומצבה לאלף ומאתיים גברים יהודים. נתנו להם אתי חפירה, כאילו לחפור תעלות הגנה — ובתוכן נורו ונקברו, כשרבים מהם עדיין חיים ופצועים; האדמה רעדה ממש מעליהם, מספרים הרועים והאכרים המתגוררים בסביבה. זה לא מנע מהם מלרעות את עדריהם בשטח זה ואפילו על הקבר עצמו נמצאו גללים של סוסים ובקר, ולא פעם השחיתו את המצבה. גם כעת הכתב מטושטש. אמנם המצבה מוקפת בשרשרת ברזל, אבל היא עזובה ומלאה קוצים. רק פעם בשנה, ביום הזכרון, באים לכאן שארית הפליטה, מנקים ושמים זרי פרחים.



רחוב ז'ופראני

זשופראַנער גאַס

מצב דומה שורר בז׳ילונקה־אגליבי על יד בית הספר של טלמינובי; קברן של יותר מאלף נשים יהודיות מקהילתנו שנקטלו כאן. על המצבה כתוב ברוסית: „קרבנות הפאשיזם שנפלו חלל במלחמת העולם השניה 1945—1941", ותו לא. הדמעות נגרו מעינינו ולא יכולנו לעצור בעדן. היינו כאילמים.

בארמון סטרוגאץ במיכאלקאן שהפך לבית יולדות ענק איזורי, בקרנו רופא יהודי שמנהל מוסד זה והוא נשוי לבתו של ליבע־ריווע מאושמינה.

עברתי על ידי ה„חדר" שלמדתי בו ובתי הספר „תרבות" העומד עדיין על תילו. שוכנים בו טכנאים וטרקטוריסטים שבאו לעיר מרחבי רוסיה ומתגוררים בשתי קומות בבנין העץ שהיה פעם שוקק חיים, המולה ולמודים. עתה שוררת סביב דממת מוות. צדקו חכמינו: „עיר ללא יהודים איננה עיר". בגדים כהים, אפלים, אפורים ולא מעט טלאים עליהם, עצבות ויגון בעיניים וגם בפנים, זה ראיתי באושמינה ולא חשתי בזה באודיסה, ריגה, לנינגרד ומוסקבה. יתכן והייתי נתון במצב רוח מיוחד בעירי וראיתי הכל דרך משקפיים אפלים וללא שמץ אור. אולי הרגשתי המיוחדת גרמה לכך.

בערב באו והתאספו בבית אחותי כמעט כל יהודי העיר. ישבנו על יד שולחנות ערוכים במעדנים ומטעמים מישראל. היו על השולחן גם מיני גרגירי גינה ויער (יאגדעס, פאָזשיעמקעס, פארעצ׳קעס, אגרעסן וכד׳). נדמה היה לי שגם טעמם תפל ולא ערב כמו שזכרתי מקודם מילדות. סיפרתי למסובים על ארצנו, עניתי על שאלות ורשמתי הרבה דרישות שלום ומשאלות לב.

תם ונשלם יום הבקור.

למחרת, ביום שני, השכם בבוקר, בקשתי לנסוע לראות את הגימנסיה, בית החולים העירוני, מבנים חדשים, בנינים חדישים, יפים ונאים, אבל בזה לא מצאתי ענין. החלטתי לחזור מיד לוילנה עוד טרם תמו עשרים וארבע השעות. הספיקו לי קברי האחים. בעיני אושמינה כולה בית קברות, תל חרבות של קהילתנו שהיתה ואיננה עוד.

חנה לובצקי (וינר) / הרצליה

# ביקור אחרון באושמינה

כאשר עזבתי את אושמינה היתה היא עדיין שלימה, כמעט שאננה שליווה ואף בוטחת. החיים היהודיים בה זרמו באפיקיהם השונים והמגוונים והם תוססים ומלאים, ואולי אף עולים על גדותיהם. פסיפס של מוסדות ואירגונים מפכים, ערים ופעילים — בכל התחומים וגולת כותרתם מוסדות החינוך והתרבות ותנועות הנוער.

כשהשתחררנו מצבתות הכליון והמוות וכשגם מעל אושמינה עלתה שמש השיחרור מעקת הכובש הדורס — שמתי פעמי בשנת 1944 אליה לבקרה.

נרגשת, כשהלב פועם בחזקה מחשש הצפוי לי לראות באושמינה שלאחר מבול הדמים נכנסתי מהססת לעיר דרך ווילנער־גאַס.

דוממים שוממים ואבלים ניצבים בתים כשרידים מאובנים למה שהיה ואיננו עוד. כל בית מוכר, ידוע וחביב — אך היכן שוכני הבתים האלה? מה נורא לא לראות בהם אף פנים של יהודי אחד! בלב היבהבה עוד גחלת של תקווה שמא בכל זאת אשוטט ברחובות השוממים — אולי ימצא לי אחד קרוב, מודע, מכר. אך לשוא. אושמינה חרבה ויהודים אין בה!

עצמתי עיניים ובעיני רוחי חזיתי יהודים שכה כלתה נפשי לראותם.

...הנה מקבל את פני אייזיק גלובוק ז״ל גבה הקומה ושחור השיער, האיש שבחיק משפחתו מצאתי מחסה וחום בילדותי. הוא האיש אשר היה לי לאבא טוב, מגן ומושיע.

הנה מיכאל לובצקי, נמוך הקומה ותכול העיניים. הנה יענטל אמו הצנועה הצדקת ובעלה הענעך יוס׳ל העניו. ולפתע נצטלצל באזני קולה הערב של גיטל טובת הלב וצליליו הומים ושוברים את הלב.

המשכתי לשרך רגלי לכל אורכו של הרחוב וצילם של מאות אנשים שהיו ואינם עוד מלווים אותי...

ליד החסידיש־קלייזל עלתה לפני דמותו של איטשע דער שליפער ששימש בקודש כשמש בקלייזל ובזמנו הפנוי מצא את פת לחמו כמשחיז סכינים ומספריים. איטשע זה צדיק תמים היה ולא ידע רוגז וכעס מה הם. צנוע ופשוט, אחד מפשוטי העם של העיירה. כל ימיו חי לחם צר ומים לחץ, שומר על כבודו ומקפיד בכבוד הזולת. אולי מל״ו הצדיקים?

בזכרונות רוטטים נחפזו רגלי מאליהם כשקרבתי אל הזשצ׳ניק, למקום בו היה בית־הספר „תרבות״, שבו למדתי. באזני התהדהד צילצול פעמונו של בית־הספר וקול המולתם של תינוקות של בית־רבן שג הם אינם עוד. מבנין בית־הספר העזוב וההרוס עלו דמותיהם של המורים והמחנכים: המורה חדש ז״ל ופרסקי ז״ל המורה לתנ״ך עומד ליד השולחן בכתה ובידו ספר הספרים אשר כה אהב.

והנה הכרזה המעוררת — עברי דבר עברית!

באפי עלה הריח הנעים והמגרה של כעכים ולחם טרי הנודף מן המאפייה שממול לבית־הספר. בפתחה של המאפייה ניצבה דמותו של שמואל גלזר ז״ל.

זמן רב עמדתי במקום זה חולמת בהקיץ — עד שנטה היום לערוב והגיעה העת להתעורר ולחזור מעיר הצללים.

וכמו ללוותני מביקורי האחרון באושמינה חזיתי לצדי את דמויות הנפשות הקרובות והיקרות: אמי היקרה, האשה השקטה והצנועה המסתפקת במועט והאוהבת עד בלי גבול את בנה ובתה. ולצדה אחי אברהמ׳ל הנאמן והמסור, העליז וטוב־הלב. הנה הוא אץ לקראתי כאז בימים ההם. — אך הוזה אני. שכן ידוע אדע את סופו הטראגי של אחי היקר, שבימים הראשונים לכיבוש אוסטרוביץ על ידי הנאצים ימח שמם וזכרם, נקבר בעודו בחיים עם עוד תשעה קרבנות מהעיירה...

זכרון הנפשות היקרות לי מכל ומותו הנורא של אחי, החזירוני מהזכרונות אל המציאות בכל מערומיה.

בלב נשבר ובכאב צורב עזבתי את אושמינה ובלבי ההחלטה הנחושה לעזוב את הארץ רוויית הדמים ולשים פעמי לעלות לארצי ומולדתי.

בריינה קוזלובסקי־בורובסקי / **ירושלים**

# באושמינה לאחר החורבן

קשר רב־חוטים קושר אותי לאושמינה, עיר מולדתי שבה עברו שנות חיי עד פרוץ המלחמה. הזכרונות על הימים ההם הפוקדים אותי אינם מתיחסים דווקא אל נוף הטבע של העיר, לא לריח הניחוח שנישא משדות השלף שלאחר קציר ולאוויר הצח שנשמנו במלוא החזה, ואף לא למרבדי הפרחים שהקסימו אותנו בצבעיהם המופלאים. הזכרונות המתפעמים בקרבי נסבים בעיקר אל אותם חיים יהודיים תוססים ששקקו אז ברחובותיה של עירנו ואשר ירדו לטמיון אל אותה חדוות־נעורים של הדור היהודי הצעיר שבין שתי מלחמות העולם אשר נשא נפשו לחלומות נשגבים, וצעד בעוז אל סף הגשמתם והנה נקפד לפתע פתיל חייו של דור זה ושירת חלומותיו באמצע נפסקה בידי הרוצחים צמאי דם נקיים. היום מצטלצל באוזני הד צחוקם הלבבי והכן של הבחורים והבחורות שפרץ מגרונותי־הם הצעירים בשמחת שנות חייהם היפות ביותר — ואשר נדם לפתע בצל הכליון האכזר ללא עוון...

לאחר חמש שנות שהותי בברית המועצות בתקופת המלחמה, הגיעה העת הנכספת לחזור למחוז מולדתי. בכל אותן שנים של חיי פליטים באזורים הפנימיים והמרוחקים של רוסיה, לא ידענו בדיוק על המתרחש בארצות הכיבוש הנאצי. הדים קלושים בלבד הגיעו אלינו על הזוועות — אך הלב סירב להאמין לשמועות האיומות. בשורות איוב לא נתקבלו על הדעת, והחושים מיאנו להשלים עם האפ־שרות הנוראה שאומנם עלה הכורת על היהודים רובם ככולם וכי משפחות שלמות נעקרו משורשיהם ולא נותר מהן שריד ופליט.

הנסיעה „הביתה" היתה ארוכה, קשה ומייגעת עד מוות. לעתים נדמה היה שנסיעה נסחבת זו לא יהיה לה קץ וכי לעולם לא אגיע למחוז חפצי. ימים יגעים ולילות ארוכים רבים מספור נתמשכו כמזפת בתחנות רכבת זרות בציפיה לסיכוי קלוש לקפוץ ולהאחז בכלי תחבורה כלשהו על מנת לזכות ולהתקדם עוד כברת דרך. קרונות הרכבות שעברו חלפו מפעם לפעם היו מלאים וגדושים חיילי הצבא האדום ומי שם לבו לסתם אזרח.

אך סוף סוף הגעתי באחד הימים לעיר פינסק, כחמישים קילומטרים מאושמי־נה. היתה זאת כבר הסביבה הקרובה „לבית". הלב פעם בהתרגשות רבה. ידעתי כבר שאני מתקרבת לביתי שאיננו. ידעתי כבר על גורל משפחתי שלא היה שונה מגורלן של אלפי המשפחות היהודיות האחרות. ידעתי כי גם אחותי חווה (כעת באוסטרליה) נותרה לפליטה ממחנות ההשמדה, ושהיא גרה יחד עם אחי אליעזר (כעת בארה"ב) בביתה של חיה בארן, שכן פלשו גויים מהסביבה לביתנו ואין בדעתם לפנותו.

בשעות ערב סתווי של חודש נובמבר 1945 הביאוני רגלי למבואותיה של אושמינה. השעה כבר היתה מאוחרת וכל העיר כולה היתה שרוייה בחשיכה. פה

ושם נראו אנשים ספורים חומקים, אך לא הכרתים. בכל שרר שקט שהטיל בי אימה. פניתי בצעדים מהירים לכיוון רחוב אולשני לביתה של חיה ברן. לא הייתי בטוחה שאני הולכת בכיוון הנכון, אך הקלויסטר והצרקבה שניצבו שלמים בדרכי היו לי לסימן היכר כי אכן נכון הוא הכיוון.

כשעמדתי ליד הבית נרתעתי ולא פניתי מיד לדלת. תחילה סובבתי את הבית שמחלונותיו ביצבץ אור, בקושי אזרתי עוז ודפקתי בדלת. בפתח ניצבה אִשה ושאלה לרצוני, שמא אני רעבה? אולי מבקשת לשתות? האשה שפתחה לי את הדלת היתה ביילה קרפ (מניצולות השואה, מתגוררת עתה ברעננה) שלא הכירה אותי בבגדים הרוסיים שלבשתי. פרצתי בבכי ובקול חנוק מדמעות זיהיתי את עצמי. אחותי ואחי לא היו בבית ומבלי לראותם שקעתי בשינה על משכבי שבחדר החדש בעליית הגג.

למחרת עם בוקר יצאתי לראות ולהכיר את המציאות החדשה בעירי הישנה. בשוק המרובע שבמרכז העיר שבו היו האיכרים משווקים את תוצרתם החקלאית היו רוב החנויות היהודיות, ה„אלמעלעך", הרוסים ופרוצים. אין זכר למה שהיה. הכול שרוי בעזובה ועטוף בדוק של יגון ועצב קודר. ברחוב זופרן, שדרכו היו נוסעים לעיר הסמוכה ז'ופראן, הבתים עזובים תריסיהם מוגפים ואזוב עולה בקירותיהם. בשבילים המובילים אל הבתים עולים עשבים שוטים, באין דורך בהם. הבתים הישנים הבנויים מעץ לא נשאו חן בעיני היורשים שלא מצאו בהם חפץ.

הנוף האנושי בעיר שונה לחלוטין. כל הנקרה ברחובות זר ובלתי מוכר מתמול שלשום. אך לא רק מראה העיניים זר הוא, גם משמע האזניים אחר הוא. צלילי היידיש העסיסית שהידהדו ברחובותיה של אושמינה נדמו. השפה הנשמעת — רוסית. מעט היהודים שניצלו וחזרו ממחנות ההשמדה ומהאזורים המרוחקים של רוסיה אינם ממתיקים את העובדה המרה והנוראה שאושמינה ריקה מיהודים. ילד יהודי ותינוק יהודי — לא זכו עיני לראות בעירי.

באחד הימים התאספנו, קומץ הניצולים, והלכנו דוממים ואבלים לפקוד את קבר־האחים המשותף של היקרים שניספו בקציר הדמים הראשון בימים הראשונים של הכיבוש הנאצי. הקבר נמצא במרחק של כ־5 ק"מ מהעיר. שרכנו רגלינו אליו דרך שדות. בין כמה עצי ליבנה בוכים מצאו פה את מותם ישישים וצעירים שנאלצו, לפי פקודת הס.ס., לכרות את קברם המשותף במו ידיהם לפני שמטר כדורי המוות פילח את גופותיהם. המקום לא היה מגודר, ללא מצבה וללא שלט, שיעידו ויספרו על מה שהתרחש פה.

דוממים עמדנו ליד קבר האחים הקדוש ובליבנו תפילה לנקמה ולעונש לשופכי דם הנקיים.

כשחזרנו מן הקבר ידענו כי מאדמת קברות המיליונים מוליכה הדרך אל המולדת הקמה לתחיה בארץ־ישראל — ושמנו פעמינו אליה.

י. שמולעוויטש / ניו־יאָרק

# אויף קבר־אָבות אין א היים־שטעטל

## אַ שמועס מיט מאַרעי (משה) בעקער

אַמאָל, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אָשמענע געווען ווירטשאַפטלעך און קולטורעל נאָענט פון ווילנע. די גאַנצע געגנט האָט דעמאָלט געהערט צו פוילן. איצט איז אָשמענע אײַנגעשלאָסן אין ווײַסרוסלאַנד. די הויפּט־שטאָט איז מינסק, און יענע גאַנצע געגנט איז איינגעשלאָסן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

איז מאַרעי בעקער, נאָך אין 1960, געפלויגן קיין מאָסקווע. ער האָט דאָרטן געמאַכט באַמיִונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצופאָרן אין זיין היים־שטעטל אָשמענע. מען האָט אים אָבער אַזאַ דערלויבעניש ניט געוואָלט געבן. אין יאָר 1961 האָט ער ווידער פּרובירט אויפן זעלבן וועג. און ווידער איז ער צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, ניט באַקומענדיק אין מאָסקווע די דערלויבעניש צו באַזוכן אָשמענע.

האָט אים עמעץ געגעבן אַן עצה, אַז ער זאָל ווידער פליִען פון ניו־יאָרק קיין מאָסקווע, און פון דאָרט קיין ווילנע. אין ווילנע האָט מען אים געזאָגט, אַז ס'איז בלויז קנאַפּע 50 מייל פון אָשמענע, און די רייזע מיט אַן אויטאָמאָביל דויערט בלויז 35 מינוט, וועט ער געוויס קענען אַריינפאָרן אין זיין היים־שטעטל.

איז דער ניו־יאָרקער ייד ווידער, אין 1962, געפלויגן קיין מאָסקווע און פון דאָרטן טאַקע קיין ווילנע. ווען ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין אָשמענע, האָט מען אים דאָס מאָל אויך אָפּגעזאָגט. מאָרעי בעקער האָט ניט גע־קאָנט דערגרייכן דעם ציל און אויספירן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דער מוטער. דערווייל, אין 1963, איז זיין מוטער, חוה, געשטאָרבן. דער פאָטער, וועלוול בעקער, איז געשטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק.

אין יאָר 1965 ווען מאָרעי בעקער איז געווען אין ישראל, ווו ער איז אַן אָפטער באַזוכער אין פאַרבינדונג מיט זיינע ביזנעס. האָט אים עמעצער דאָרטן געעצהט, אַז ער זאָל אַריינפליען קיין מאָסקווע און פון דאָרטן קיין מינסק, וווער וועט אפשר באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצופאָרן קיין אָשמענע.

„איך האָב זיך צוגעהערט צו דער עצה — דערציילט מיסטער בעקער — און אַזוי געטאָן. ווען איך בין אָנגעקומען פון מאָסקווע קיין מינסק, האָט מען מיר דער־קלערט, אַז אַ צווייט מאָל, ווען איך וועל ווידער קומען קיין מינסק, וועט מען מיר געבן אַלע מעגלעכקייטן אַריינצופאָרן אין מיין אַמאָליק היים־שטעטל. און אַזוי איז טאַקע געווען".

משה בעקער האָט לעצטנס באַזוכט זיין אַמאָליק היים־שטעטל, אָשמענע, פון וואַנען ער איז אַוועק אַלס יינגל, אין יאָר 1923. אין אַ גרויסער מאָס, דערציילט ער, האָט ער דאָס צו פאַרדאַנקען אַ געוויסן אַנאַטאָל ליסאָווסקי, וועלכער איז דער הויפּט־דירעקטאָר פון סאָוויעטישן „אינטוריסט" אין מינסק, וואָס נעמט אַרום

גאַנץ ווייסרוסלאַנד. דער דאָזיקער ליסאָווסקי האָט זייער וואַרעם און פריינדלעך אויפגענומען דעם געקומענעם ייד פון ניו־יאָרק „ליסאָווסקי האָט מיך געפרעגט — דערציילט מר. בעקער — פאַרוואָס קומען אַזוי ווייניק אַמעריקאַנער יידן אַלס טוריסטן קיין מינסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך? מיר וועלן זיי געבן אַ מעג־לעכקייט צו באַזוכן זייערע אַמאָליקע היים־שטעטלעך, זעען זייערע נאָענטע און פריינד. זאָלן זיי קומען".

און אָט, נאָך אַן איבעררייס פון קנאַפּע 44 יאָר, איז משה בעקער ווידער אין זיין היים־שטעטל, אָשמענע. די רייזע פון מינסק קיין אָשמענע מיט אַן אויטאָ דויערט בלויז אַ קנאַפּע דריי שעה. דער וועג איז בערך 150 מייל. אָבער ביי דעם ניו־יאָרקער ייד, וואָס איז אַוועק פון זיין היים־שטעטל אַלס קליין יינגל, האָט אָט די קורצע רייזע אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. אגב, מר בעקער איז דער ערשטער ייד פון אַמעריקע און פון דער פרייער וועלט בכלל, וועלכער האָט איצט באַזוכט דאָס אַמאָ־ליקע היים־שטעטל אָשמענע, וואָס איז איצט איינגעשלאָסן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

„אויף דעם גאַנצן וועג — האָט בעקער צו מיר געזאָגט — פאָרנדיק אין אויטאָמאָביל, האָב איך ניט געוווּסט אויף וואָס פריִער צו קוקן. איך האָב פאַר זיך געזען די זעלבע פעלדער און וועלדער, די זעלבע ביימער און פויערישע כאַטקעס. אַלץ זעט אויס ווי אַ מאָל, ווען איך בין דאָ געווען אַלס קליין קינד; עס זעט אויס ווי אַ חלום אויף דער וואָר. איך האָב ווי געשוועבט אין אַ גאָר אַנדערער וועלט... איך האָב געטראַכט וועגן מיינע אַמאָליקע חברים אין אָשמענע — וועל איך זיי איצט טרעפן? איך האָב געטראַכט וועגן די יידן אין מיין היים־שטעטל. געוועזן דאָרט אַמאָל אַזוי פיל יידן... איך האָב געטראַכט וועגן די געסלעך פון אַמאָל, די הייזער — ווי זעט דאָס אַלץ איצט אויס, האָב איך געטראַכט, און ווען אונדזער אויטאָמאָביל האָט אָנגעהויבן אַריינפאָרן אין אָשמענע, האָט מיין האַרץ גענומען קלאַפּן מיט אַזאַ שנעלקייט — איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דאָס ניט אויס־האַלטן..."

מאָרעי בעקער איז געגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך פון זיין אַמאָליק היים־שטעטל און דערקענט כמעט אַלץ פון אַמאָל. אָט איז די „מויער" אַנטקעגנ־איבער דער צערקווע אויף זשופּראַנער גאַס, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. ער זעט נאָך די זעלבע ביימער דאָ, אַרום אין סאָד. אין זייער אַמאָליק הויז איז איצט אַ שולע פאַר מיידלעך.

און אָט איז דאָס הויז ווו עס איז געבוירן געוואָרן הערי(הענעך) זיסקינד, דער איצטיקער באַוווּסטער יידיש־פאָלקסטימלעכער קעיטערער פאַר יידישע באַנקעטן און שמחות, אין ניו־יאָרק. און אָט איז דאָס הויז, ווו עס האָט אַמאָל געוווינט די באַוווּסטע משפּחה גאָלובאָק. ניט ווייט פון דאַנען, אויפן באַרג, פלעגט מען ווינטער־צייט זיך שליטלען...

משה בעקער האָט שפּאַצירט אין זיין אַמאָליק היים־שטעטל, ער האָט געקוקט און כסדר זיך דערמאָנט. אָט דאָ, אין דער הייזקע, אויף באָרונער גאַס, האָט אַמאָל געוווינט אלחנן דער מלמד; דאָרט ווידער, אויף דער זעלבער גאַס, האָט געוווינט דער יידישער שמיד, און אָט איז קלמן דעם שלאָסערס הויז; די ווילנער גאַס, די

אָלשאַנער גאַס, אַמאָל זיינען דאָ געווען אַזוי פיל יידן. די זעלבע מערסטנס היל־צענע הייזער, די זעלבע סעדער, אַלץ ווי אַמאָל, אָבער איצט — אָן יידן...

אויף באַרונער גאַס איז משה בעקער אויך געווען ביים טייך, וואָס דרייט זיך איבערן גאַנצן שטעטל, ביז פראַנציסקאַן, ווו עס איז אַמאָל געווען די שנאַפּס־ברויערי פון סטרוגאַטש, און אין אָט דעם טייך פלעגט ער, בעקער, צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע יינגלעך, זיך אַמאָל באָדן. איינעם פון זיינע אַמאָליקע חברים, וועלע לערנער, וואָס איז איצט אַ שאָפער אין אָשמענע, האָט בעקער געטראָפן ווינען אין אַ הויז אויפן שאָסיי, ניט ווייט פון שפּיטאָל.

גייענדיק אַרום פאַרטראַכט אין די גאַסן, קוקנדיק אויף אַלץ ווי אין אַ חלום, האָט משה בעקער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קראָם, לעבן מאַרק, כדי צו קויפן אייז־קרעם. פּלוצלינג, ווען ער האָט געגעבן אַ קוק אויף דער פאַרקויפערין, האָט ער זי דערקענט אַלס די אַמאָליקע שיינע סאָנקע מיאַסניק...

*

אין אָשמענע, דערציילט מר. בעקער, וואָס איז אַמאָל געווען באַוווינט פון כמעט בלויז יידן, וווינען איצט אַרום 25 טויזנט מענטשן. צווישן זיי זענען דאָ בלויז אַ 25 יידישע פאַמיליעס. די מערסטע פון די דאָרטיקע יידן זיינען אָבער ניט קיין אָשמענער. אין גאַנץ אָשמענע איז ניטאָ קיין צייכן פון אַ יידיש לעבן. וואָרניט. אַלע יידן אַרבעטן, אַ צאָל פון זיי זיינען שוין אויך אויף פּענסיע.

„וואָס שייך יידיש לעבן — זאָגט מר. בעקער — ווייסט מען ניט אין אָשמענע פון אַזעלכער, דאָס איז אַ פאַרגעסענע זאַך. בלויז אין גאַסן, צווישן דער אַלגעמיי־נער באַפעלקערונג, קען מען נאָך דערקענען יידישע פּנימער".

אין דער אַלטער שול און בית־מדרש, אויף דעם „הייפל", געפינט זיך איצט אַ גרויסע בעקעריי. אָבער אויך די אַלטע צערקווע און דער קאַטוילישער קלויס־טער זיינען אָפּגעלאָזן און רויִנירט; דאָס ווערט מער ניט באַנוצט. אין אַלע קראָ־מען, וואָס יידן האָבן אַמאָל געהאַט אין פאַרשידענע גאַסן, וווינט מען איצט, אָדער דאָס זיינען מלוכה־געשעפטן. אין מיטן מאַרק, ווו עס זיינען געווען די קרעמלעך, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו יידן, איז איצט אַ קליינער פּאַרק. אין מיטן שטייט לעניגס דענקמאָל. די אַלטע יידישע באָד, גלייך הינטערן בית־מדרש אויפן „זאַ־שטשעניק", שטייט ווייטער ווי אַמאָל. איצט קומען אַהינצו זיך באָדן אַלע בירגער פונעם שטעטל.

„יעדער ייד אין אָשמענע — דערציילט מאָרעי בעקער — קאָן איינער דעם אַנדערן. מען טרעפט זיך אין דער פרייער צייט, איינער קומט צום צווייטן, מען שמועסט און מען לעבט־אויף די אַמאָליקע צייטן. מען רעדט אויך אָפט וועגן די היטלער־יאָרן"...

פאַר דער מלחמה האָט אין אָשמענע געלעבט אַ דאָקטאָר, לעגער, אַ דייטש. ווען די נאַציס זיינען אַריינגעקומען אין שטעטל, זיינען זיי גלייך אַוועק צום ד"ר לעגער, ווי זיי וואָלטן אים שוין געקענט יאָרן־לאַנג. אָט דער „דאָקטאָר" האָט יעדעס מאָל צוגעשטעלט די נאַציס אַ ליסטע פון אָרטיקע יידן, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן הינטערן שטעטל, אויפן „וויהען", ווו עס איז געווען דאָס שעכטהויז, און

דאָרט האָט מען זיי דערשאָסן. אַנדערע יידן פון אָשמענע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין ווילנע און אין אַנדערע פלעצער, אויף פאַרניכטונג...

די איינציקע זאַך פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין אָשמענע, דערציילט מאָרעי בעקער, איז דער אַלטער בית־עולם.די גרעסטע צאָל קברים און מצבות זיינען שוין אָבער היפש איינגעפאַלן. אויף פיל מצבות איז שוין שווער איבערצולייענען די נעמען, וואָס זיינען אָפּגעריבן געוואָרן פון דער זון, ווינט און רעגן. אַנדערע קברים און מצבות זענען נאָך אין אַ גוטן צושטאַנד. באַזונדערס איז דאָס מיט דעם קבר און מצבה פונעם אַמאָליקן באַרימטן אָשמענער גביר, יהודה לייב סטרוגאַטש, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1908.

זיין זון, אברהם סטרוגאַטש, האָבן די נאַציס געפירט אַ באָרוועסן ווינטער־צייט אויפן פראָסט, ביז צום יידישן בית־עולם, דאָרטן האָבן די רוצחים אים דער־שאָסן. מר. בעקער האָט אויפן יידישן בית־עולם געזען אַ פרישע מצבה אויף אַ קבר, מיט בלויז העברעיִשע אותיות. דאָס איז די מצבה פון דעם ייד משה בר טוביה שאַצמאַן, געבוירן אין אלול 1898, וועלכער איז געשטאָרבן אין חודש אלול 1960. ווי עס זעט אויס, קאָנען יידן איצט דאָרטן שטעלן אַזעלכע מצבות. אויפן אַלטן בית־עולם האָט ער אויך געזען די צוויי קברים און אַלטע מצבות פון זיינע אַמאָליקע צוויי פאַרשטאָרבענע שוועסטער. ער האָט געהאַלטן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט נאָך מיט צען יאָר צוריק געגעבן זיין מוטער צו ברענגען דערפון פאָטאָ־גראַפיעס.

מאָרעי בעקער האַלט, אַז די היגע לאַנדסלייט וואָס שטאַמען פון אָשמענע דאַרפן העלפן אָפּהיטן דעם אַלטן יידישן בית־עולם אין זייער אַמאָליקן היים־שטעטל. מען דאַרף זען צו מאַכן אַ געהעריקן פאַרקאַן אַרום בית־עולם ווי אויך אויסצוגלייכן און ברענגען אין אָרדענונג די דאָרטיקע מצבות. „זאָל כאָטש דער יידישער בית־עולם זיין אין אונדזער שטעטל — האָט ער געזאָגט צום סוף פון שמועס מיט מיר — לאָמיר דאָס אָפּהיטן, מער איז דאָך ניט פאַרבליבן. זאָל דער בית־עולם בלייבן ווי אַ מאָנומענט נאָך אַן אַמאָליקער יידישער קהילה״...

פון דעם באַזוך אין זיין היים־שטעטל, האָט משה בעקער צוריקגעבראַכט צער און ווייטאָג וואָס עס טראָגט אין זיין האַרץ. ער האָט מיט זיך אויך געבראַכט אַ גרויסע צאָל פאָטאָגראַפיעס און קאָלירטע פילם־בילדער, וואָס ער האָט אַראָפּ־גענומען פון דער איצטיקער אָשמענע.

(„פאָרווערטס״, ניו־יאָרק)

זאב בקשט / ירושלים

# יוצאי אושמינה בין ותיקי הישוב בארץ

## ר׳ יעקב ספיר

לפני כמאה שנים (בשנת 1866) הופיע בליק שבגרמניה ספר מסעות בשם „אבן ספיר" — ספר ראשון, המוקדש ברובו ליהדות תימן, אורח חייהם, מנהגיהם וכו׳. הספר הופיע בהוצאת „מקיצי נרדמים" ועשה בזמנו רושם רב בעולם היהודי.

תיקף להופעת הספר הופיעו בעתונות היהודית דאז — מ„דער איזרעאליט" במאינץ ועד „הכרמל" בוילנה — סקירות מפורטות על הספר ועל מחברו. מה ידוע לנו על ר׳ יעקב ספיר — מחבר הספר?



הרב הנוסע, החוקר החכם המפורסם
מר יעקב הלוי ספיר ז״ל
בעל „אבן ספיר"
נולר באסמינא (פלך ווילנא) בשנת
תקפ״ב, עלה לאה״ק בשנת תקצ״ג.
נפטר בירושלם ביום ו׳ תמוז תרמ״ח.

ר׳ יעקב ספיר נולד באושמינה בשנת תקפ״ב (1822) לאביו ר׳ נתן השוחט ולאמו טויבע. לא ידוע אם שם משפחתו של אביו היה מלכתחילה ג״כ ספיר או שהוא אימץ לו את השם ספיר אח״כ בהיותו בארץ. בכל מקום שהוא מזכיר את אביו הוא מכנהו „ר׳ נתן הלוי", ומשום כך אין לנו ידיעות ג״כ אם נשארו בני משפחה באושמינה ומי הם.

ראוי לציין שבראשית המאה הזאת היה באושמינה שו״ב שנקרא ג״כ „ר׳ נתן דער שוחט" ושם אמו היה טויבע. בשנת 1905 — בערך — היגר עם כל בני

משפחתו לאמריקה, ובאושמינה נשארה רק אחותו, נחמה, שהיתה נשואה לר׳ אהרון סולודוכה שגרו כל השנים ברחוב הולשני. (אין להחליף עם „סולודוכה דער פעלדשער״ ששמו היה ג״כ אהרון סולודוכה).

בשנת 1832 עלו הוריו של ר׳ יעקב ספיר ארצה והביאו אתם את 2 ילדיהם, בנם יעקב ובתם שנישאה אח״כ בצפת לר׳ משה בוימגרטן מהונגריה. הם הגיעו ארצה בהושענה רבה תקצ״ג (19.10.1832) והתישבו בצפת. תוך שנתיים מהגיעם ארצה נפטרו הוריו של ר׳ יעקב ספיר, אביו ביום י״ג בחשון תקצ״ד ואמו ביום י׳ בכסלו תקצ״ה, ולנער טרם מלאו 13 שנה. רבני עדת הפרושים בצפת דאז שבראשם עמד ר׳ ישראל משקלוב, הכירו בכשרונות הנער, טיפלו בו ודאגו למחייתו כמידת יכלתם ולימדוהו תורה.

באותה שנה — בהיותו בן שלש עשרה — היה עד ל„הביזה הגדולה״, ז. א. למרד הפלחים במושל המצרי איברהים פחה שפגעו קשה ביהודים, ויהודי צפת נאלצו לברוח לעין־זיתים בעירום ובחוסר כול על מנת למלט את נפשם. וכה הוא מתאר בספרו „אבן ספיר״ את „הביזה״: „גויתנו ורכושנו היו לבזה ולשבי ביד הפראים המורדים, ואף נפשנו היתה לנו לשלל, שברחנו עירומים ויחפים בלי התמהמה לכפר עין־זיתון, מהלך שעה וחצי מהעיר, והרב הגאון תפארת ישראל זצ״ל * מצא חן בעיני שיך הכפר, וכל הנברחים עמו חיו בצלו. שלשה ימים לא אכלנו מאומה, ואחרי כן נתנו לנו עוגת רצפים קטנה ליום תמים אך לקיום הנפש. וישבנו שם ארבעים יום באימת מות בידי השודדים. רכושנו לנגדנו בידי זרים, ולא האמנו גם בחיינו, והציגונו עירום ועריה, כי גם בגדינו הפשיטו מעלינו והריקו כל אשר בביתנו. לא השאירו פכים קטנים דלת וחלון. עד אחר ארבעים יום באו חיל המלך מעם הדרוזים, והבריחו המורדים וחזרנו איש לביתו״.

בשנת תקצ״ו קמה תנועה בין עדת הפרושים בצפת לעלות לירושלים. ובר״ח אלול תקצ״ו עלה ג״כ ר׳ יעקב ספיר לירושלים.

בירושלים המשיך ללמוד בישיבת הפרושים שבראשם עמד אז הרב ר׳ יוסף זונדל מסלנט — שנוסף לגדולתו בתורה היה בקי ג״כ במדעים ובשפות, — והשפעתו על ר׳ יעקב ספיר היתה גדולה מאוד, ובמשך הזמן הפך לתלמידו המובהק.

חינוכו לא הצטמצם, איפוא, רק לתלמוד ולמפרשיו אלא רכש לו ג״כ בקיאות במקרא ושיטת לימודו היתה ביקורתית, וכל ימיו המשיך לחקור בעניני לשון ובתולדות היהודים.

בניגוד לגיסו ר׳ משה בוימגרטן הנ״ל, שנמנה על עדת הקנאים, הרי ר׳ יעקב ספיר, היה רחוק מקנאות, אע״פ שהיה שומר מצוות נאמן וכה הוא מתאר את עצמו: „המתחסדים יקראו אחרי מתחכם, והמתחכמים יחשבוני לפתי ולסכל ואני בעיני לא זה ולא זה״. בגיל צעיר — בהיותו בן 15 (בשנת תקצ״ב) נשא לאשה את פיגה־לאה בת ר׳ שלמה זלמן הכהן ואשתו אלקה.

---

* הכונה היא כנראה לר׳ ישראל משקלוב.

ר׳ שלמה זלמן הכהן, המכונה ג״כ ר׳ זלמן כץ, ר׳ זלמן הכהן ור׳ זלמן מוילנה, נולד בטיקטין, התחנך בוילנה ועלה ארצה בשנת תקס״ד (1804).

כנראה נפטר ר׳ שלמה זלמן הכהן זמן קצר אחרי חתונת בתו ונקבר בירושלים בהר הזיתים בחלקת הספרדים, כי טרם היה בית קברות מיוחד לעדת האשכנזים בירושלים. החלקה הראשונה לבית העלמין של האשכנזים בירושלים נקנתה אח״כ על שם אשתו של ר׳ יעקב ספיר והוא כתב את ההקדמה לפנקס החברה־קדישא לעדת האשכנזים שנוסדה בשנת תרט״ז.

בספרו „אבן ספיר״ הוא מספר ג״כ בשבחה של חמותו שהיתה „אשה חכמת לב והיתה לו לאם״, ועל שם חמותו נקרא בפי אנשי ירושלים „יעקב אלקס״. אחרי נישואיו המשיך ללמוד בישיבה ושנים אחדות אחר כך נתקבל ר׳ יעקב ספיר כמלמד בתלמוד תורה „עץ חיים״ שנוסדה בערך בשנת תר״א בחצר חורבת ר׳ יהודה החסיד, והוא היה אחד משני המלמדים הראשונים במוסד זה. לאחר מכן היה לסופר החברה־קדישא לעדת האשכנזים ויותר מאוחר סופר עדת הפרושים.

בין תפקידיו בתור סופר עדת הפרושים היה ג״כ לחבר שירים בשפת עבר יפה לכבוד אורחים חשובים שהגיעו ירושלימה וכן מכתבי בקשה ותודה לנדיבים מכובדים בגולה שתמכו בישוב.

בתוקף תפקידו זה כתב 2 שירים לכבוד השר משה מונטיפיורי בזמן ביקוריו בירושלים, האחד בשנת תקצ״ט 1839 והשני בשנת תר״ט 1849.

2 שירים אלה בצירוף 2 שירים אחרים לכבוד השר משה מונטיפיורי ורעיתו יהודית התפרסמו בשנת תר״ט בחוברת בשם „כתר שם טוב — כנף רננים״. ר׳ יעקב ספיר כתב ג״כ שירים אחרים בעברית נמלצת, מהם שנדפסו בעתונות העברית בגולה, ומהם שלא ראו אור.

את זה אנו לומדים מתשובתו לד״ר לודוויג אוגוסט פרנקל שבא לירושלים בשנת תרט״ז (1856) לפתוח את בית הספר למל. בהזדמנות זו חיבר ר׳ יעקב ספיר ג״כ שיר לכבוד האורח ובזמן שהגיש לו את השיר, הציג את עצמו כמשורר. ד״ר פרנקל שאל אותו אם אסף את שיריו לספר, ועל זה ענה כי מדי פעם בפעם בחברו שיר חדש „יתנהו למאהביו, וככה ידאה למרחקים או ישרפוהו באש, וככה יאבדו אחד אחד״.

בינתיים נולדו לר׳ יעקב ספיר 5 ילדים, 2 בנים ו־3 בנות, ומכל עבודותיו לא השתכר למחייתו אלא בצמצום רב. כאשר ביקר משה מונטיפיורי בשנת תר״ט (1849) בירושלים, פנה אליו ר׳ יעקב ספיר וביקש ממנו לקבל אותו לאחת המשרות וכה דבריו: „אינני רוצה חס ושלום לאכול לחם אנשים, ספקני לאכול פת לחם בזיעת אפי כי עובד אנוכי לא מתרפה במלאכתו, מעודי שכמי לעבוד נטיתי, במקרא בדקדוקיה, בתלמוד ויסודותיה ידי הדה. גם בעול דרך־ארץ צוארי משכתי, מן הבא בידי עורף לא פניתי... ובטחתי כי אעבוד אמונת אומן למען כבוד ה׳, ארצו, עירו ועמו, ולמען אכל לחם אני וביתי וארבעת ילדי הרכים״.

יש להניח שבגלל מצבו הדחוק, נאלץ לקבל עליו שליחות לארצות המזרח הרחוק מטעם עדת הפרושים בירושלים.

אבל מצבו הדחוק לא היה הסיבה היחידה לצאתו לשליחות זו, גם אם היתה הסיבה העיקרית.

בשנים ההן רווחו שמועות על קיום עשרת השבטים אי־שם במזרח, על שבט יהודים גבורים — יהודי כיבר — היושבים בתימן, ונוסף על זה הרצון לצאת מבין החומות ולראות את העולם, הרצון להפגש עם יהודי ארצות המזרח שכה מעט ידעו עליהם, — וללמוד את ארחות חייהם, התקוה לגלות את עשרת השבטים, כל אלה חברו יחד ונתנו את הדחיפה העזה לצאת למסעו מטעם האשכנזים והספרדים גם יחד.

לשליחותו הראשונה יצא ביום 25.6.1858, ולפי כתב השליחות היה עליו ללכת להודו ולאוסטרליה דרך מצרים. אבל בהיותו במצרים רימה אותו חלפן מצרי בזמן החלפת כספו, ונתן לו מטבעות נחושת נוצצות במקום מטבעות זהב, ומשום כך לא היה לו מספיק כסף להמשיך ממצרים להודו באנית־קיטור ונאלץ להפליג בסירת מפרש שהסיעה עולי רגל מוסלמים למכה, והוא היה היהודי היחידי ביניהם.

בדרך קמה סערה גדולה והמוסלמים נוסעי האניה קמו עליו להטיל אותו — את הכופר — הימה, על מנת לפיס את האלהים, ולהציל את הספינה מטביעה, ורק הודות לרב החובל שהתחייב בג׳דה לפני סוחר עשיר שישמור עליו, ומפחד הקונסול על רב החובל — שכן ר׳ יעקב ספיר היה עדיין בחסות הקונסול הרוסי — הגן עליו רב החובל, ולא נתן לנוסעי האניה לבצע את זממם, והצילו מידיהם.

שליחותו זו נמשכה קרוב לחמש שנים וחזר ארצה ביום 1.5.1863.

כשנה אחרי שובו — בשנת 1864 — יצא שנית בשליחות, מטעם „ביקור חולים" בירושלים, לארצות אירופה דרך מצרים, ובשלישית יצא בשליחות מטעם אותו מוסד, בשנת 1873 לרוסיה.

את מסעותיו לארצות המזרח, תימן, הודו וכו׳ תיאר בספרו „אבן ספיר" חלקים א׳—ב׳ שיצא לאור: חלק א׳ בשנת 1866 בליק, כפי שנאמר לעיל וחלק ב׳ בשנת 1874 במגנצא.

את מסעותיו לארצות אירופה תיאר ב„אבן ספיר" חלק שלישי, אבל באמצע הדפסת הספר נפטר ר׳ יעקב ספיר וכתב־יד הספר אבד, והספר לא יצא לאור.

ר׳ יעקב ספיר נפטר בשנת 1885 בירושלים, והשאיר אחריו משפחה ענפה. אחד מניניו הוא ר׳ יוסף ספיר, שהיה שר התחבורה בממשלת ישראל ומאז יוני 1967 נבחר כשר בממשלת הליכוד הלאומי מטעם סיעת גח"ל בכנסת.

---

הערה: החומר נלקט ממקורות שונים, אבל בעיקרו מסתמך על:

1) אברהם יערי — שליחים לתימן;
2) פרופ׳ יואל יוסף ריבלין — ר׳ יעקב ספיר (נדפס ב„מאזניים" מס׳ 11, תש"א־ב);
3) דוד תדהר — חלוצי הישוב ובוניו.

# ר׳ יצחק כהן ז״ל

כידוע, נוסדה הסתדרות המורים בארץ ישראל באסיפת המורים שהתקיימה בזכרון יעקב, לפי קריאתו של הח׳ מ.מ. אוסישקין, ביום ה׳ באלול תרס״ג (28.8.1903) והשתתפו בה כ־60 מורים מכל חלקי הארץ.

בין המשתתפים באסיפת מורים זו היה גם ר׳ יצחק כהן שנבחר באותה אסיפה לועדה שתפקידה היה לעבד תכנית הלימודים לבית הספר העברי בארץ, ואמנם פורסמה אח״כ — בשנת תרס״ו — ה„הצעה לתכנית הלימודים של בתיה״ס העממיים בא״י״.

מה ידוע לנו על ר׳ יצחק כהן?

ר׳ יצחק כהן נולד באושמינה ביום הראשון של חג השבועות תרל״א (1871) לאביו הרב מאיר מיכל כהנא ולאמו מושה בת הרב אברהם הירש אייזנשטאט, שהיה רב באוטין (פלך קובנה) ומחבר הספרים „פתח תשובה״ ו„נחלת צבי״.

ר׳ מאיר מיכל כהנא היה רב בעיירות שונות במחוז אושמינה כגון ז׳ופרן, ינובה, וישניבה, ואחר כך באושמינה, ואשתו מושה היתה נשואה לו בזיווג שני.

מנישואיה הראשונים ידוע בנה, ה׳ יהודה (ליאון) רבינוביץ אשר התפרסם כפיזיקאי ועתונאי בכנויו הספרותי „איש יהודי״ בסידרת מאמריו המדעיים ב„המליץ״ החל משנת 1887, ואח״כ כעוזרו של ה׳ ארז (אלכסנדר צדרבוים), עורך „המליץ״, וכן בתור עורך ומו״ל של העתונים „די בלעטער״ ו„דער טאג״ ביידיש, ו„הטבע״ בעברית וכתבי עת אחרים.

יתכן שגם ה׳ יהודה רבינוביץ גדל והתחנך באושמינה היות וידוע שהוא נולד בברסטוביץ (פלך גרודנה) בשנת 1862, ובזמן שנולד ר׳ יצחק כהן באושמינה (1871) היה, איפוא, כבן 9, ומשום כך יתכן מאד שהתחנך בבית אמו — באושמינה.

את חינוכו קיבל יצחק כהן כרגיל בחדר ובישיבה, אבל כבר בגיל צעיר למד מפי אמו, שהיתה ידענית גדולה בתנ״ך — גרמנית ותנ״ך, והיא שנטעה בלבו עוד בשחר ילדותו אהבה רבה לשפה העברית, לתנ״ך ולארץ ישראל, ובהשפעתה החל כבר בגיל צעיר לקרוא את הספרות העברית החדשה.

באושמינה למד גמרא מפי הדיינים, הרב יושה והרב אליהו יונה, ואחר כך נסע לדודו, הרב ר׳ נפתלי אייזנשטאט, ומפיו למד תורה עד שנתפרסם כעילוי והיה נקרא בפי כל „העילוי מאושמינה״.

רצון הוריו היה, כמובן — להכשירו כרב, ובבוא הזמן ישב על כסא אביו, וכן שישמש בתור רב רשמי מטעם הממשלה — שלשם כך צריך היה לרכוש השכלה כללית, כדי שש מחלקות של בית ספר תיכוני ולעמוד בבחינות.

בהיותו כבן 18 הוסמך לרבנות, וביום הולדתו ברכה אותו אמו שיזכה לעלות לא״י להכין מקום ליתר בני משפחתו שיבואו אליו לאחר מכן.

בהיותו כבן 19, בחודש חשון תרנ״א, עלה לא״י, אחרי ויכוח ממושך בין ר׳ ש.י. פיין — ראש חובבי ציון בוילנה אשר טען כי „רב צעיר, משכיל וחובב ציון יכול לעשות בליטא לטובת רעיון יישוב א״י יותר מאשר פועל בא״י״, לבין הרב מוהליבר ומשה לייב לילנבלום אשר קבלו באהדה את רצונו לעליה ועודדוהו להגשמת רצונו זה.

בזמן הראשון הצטרף ל„אגודת הפועלים" ברחובות שעבדו אז בהנהלתו של הח' אהרון אייזנברג בנטיעת גפנים בכרמי המושבה רחובות, שרק לפני חדשים אחדים עלו המתיישבים על אדמתה. (רחובות נוסדה בשנת 1890 ע"י חברת „מנוחה ונחלה" של ציוני ורשה).

באותו זמן פתח הועד הפועל של חובבי ציון ביפו — שבראשו עמד הציוני הידוע נ. טיומקין, בהרשמת רווקים להתישבות בעבר הירדן המזרחי, ור' יצחק כהן נרשם גם הוא להתישבות זו ושילם 200 פראנקים בעד 200 דונם אדמה.

בקיץ של אותה שנה, בזמן הבציר, היה שומר בכרמו של ה' מרדכי לובמן בראשון לציון.

בי"ג בתמוז תרנ"ב (1892) נשא לאשה את מרים בת ר' אהרון רבינוביץ, שעלה לא"י בשנת תר"ן עם משפחתו מסמורגון.

ר' בנימין זאב הלוי ספיר, אחד מבניו של הרב ר' יעקב ספיר, הציע לו מטעם כולל וילנה להתפרנס מ„חלוקה", אבל ר' יצחק לא קיבל את הצעתו.

בשנת תרנ"ג (1893) נתקבל כמורה לבית הספר לבנות ביפו שנפתח באותה שנה ע"י „חובבי ציון" וחברת „כל ישראל חברים" בהנהלת רוזה כהן, ובין מורי בית הספר נמנו אז: יהודה גרנובסקי־גור, בלקינד ואחרים, אשר הניחו את היסודות של החנוך העברי בארץ ועיצבו את דמותו של ביה"ס העברי בשיטת הלימוד: עברית בעברית. ביתו היה אחד הבתים הראשונים בארץ ששפת הדבור בין כתליו היתה אך ורק עברית.

כשנתכנס הקונגרס הציוני הראשון בשנת 1897, שלחה הלשכה הראשית של „בני משה" ביפו מכתב לקונגרס בחתימת ראש הלשכה, ד"ר מ. שטיין, ומזכיר. הלשכה ר' יצחק כהן.

ביפו גר 5 שנים, ובשנת תרנ"ח (1898) חזר לרחובות על מנת להיות מנהל ומורה בביה"ס שבמושבה.

בשנת תרס"ד (1904) נענה לבקשת המושבה עקרון וקיבל עליו את עבודת ההוראה במושבה אשר התמיד בה במשך 17 שנה וזכה לחנך אלפי תלמידים ותלמידות.

בשנת תרפ"א (1921) עזב את ההוראה לאחר שעסק בה כשלושים שנה וחזר לרחובות. ברחובות רכש לו משק ובמשך שנים רבות היה חבר ועד המושבה, וכאשר הועד הוכר רשמית כמועצה מקומית, היה יו"ר המועצה הראשון.

ר' יצחק כהן נפטר ברחובות בשיבה טובה בג' בשבט תשט"ו (28.12.1954) והשאיר אחריו בת אחת בשם מיכל, שהיתה בוגרת המחזור הראשון של הגימנסיה „הרצליה". היא היתה נשואה לעובד אייזנברג, מראשוני המתישבים ברחובות, ובמשך שנים היתה עסקנית „ויצו", פעילה ויו"ר הסניף ברחובות.

ברחובות מתגורר כיום ה' ישי אייזנברג, בנם של מיכל ועובד אייזנברג.

מקורות: דוד תדהר — „חלוצי הישוב ובוניו".
The Jewish Encyclopedia.

זאב בקשט

יונה בערקמאַן / תל מונד

# לומדים

זאָלן דאָ פון די אָפּגרונטן פון פאַרשווונדענעם לעבן אַרויסגעהויבן ווערן געשטאַלטן, וואָס זאָלן אונדז אין אונדזער טיפער אבילות, דערמעגלעכן אויפצוהייבן דעם קאָפּ און קוקן מיט שטאָלץ אויף די אַלע, וועלכע זענען ניט מסוגל אַפילו צו פאַרשטיין דעם אַרט פילן און דענקען, דעם גאַנצן שטייגער לעבן, פון וועלכן מיר, גרייז־גרויע יתומים, שעפּן אונדזער יחוס.

איך וואָרעם זיך נאָך עד־היום אין אָפּשיין פון זייער שלימותדיקן גאַנג, אין שיין פון זייערע גרויע, אָבער כשרע מעשים און... ס׳פּאַרקייקלט זיך אַ טרער צום אויג, אַ טרער פון בענקשאַפט נאָר זייער פשטות, וואָס זיינער צייט איז פון אונדז אַליין, אַזוי ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן.

### ר׳ פייווע מאַטוק

אַ מלמד. לערנען פלעגן ביי אים שוין גמרא־ייִנגלעך. ביים לערנען תנ״ך, האָט ער זיך נוהג געווען איינצוחזרן מיט דער כיתה דעם פרק מיט אַ ספּעציעלן, האַרציקן ניגון. און ס׳איז ממש ניט געווען קיין קינד, וואָס זאָל זיך ניט אַריינטאָן אין רוח פון תנ״ך, צוליב דעם אומעטיקן ניגון טאַקע. די מאָדערנע יידישע און העברעישע שולן האָבן נאָך ניט צוגעטראַכט קיין מעטאָד, וואָס זאָל פאַרבייטן ר׳ פייוועס שיטה פון לערנען, אַ דאַנק וועלכער, צום אַמוויניק־פעיקסטן תלמיד, איז דאָך דערגאַנגען דער מוסר פון די נביאים און דערוואָרעמט זיין נשמה.

פאַרטייטשט האָט ער די פּסוקים אין אַ יידיש, וואָס איז דאַן פרעמד געווען אויף דער יידישער גאַס, צו ניי. היינט איז זיין לשון אַ כשרער באַשטאַנדטייל פון מאָדערנעם יידיש.

איך וויס ניט קיין איין פאַל דער ייד זאָל זיך וועלן שאַפן אַ פרייע מינוט אויפן חשבון פון זיין לערנען מיט די קינדער ,ער האָט עס געהאַלטן פאַר גזילה. איך געדענק, אַז איין מאָל האָט ער אונדז פאַרטייטשט מיט אויפריכטיקער פשטות, אַז אַ רבי נעמט ניט קיין געלט פאַר לערנען, נאָר פאַר השגחה אויף די תלמידים.

פאַרמאָגט האָט ר׳ פייווע אַ חוש פאַר עסטעטיק. תמיד זויבער אַרום זיך און זיין טאַשנטיכל ריין און פריש. אין אַ שיינעם יידן האָט ער געזען דעם צלם אלוהים.

חוץ זיין מלמדות, איז זיין איינציקער צייט־פאַרטרייב געווען איבערזען אַ בלאַט גמרא, וואָס עטלעכע מנינים יידן פלעגן מעריב־צייט לערנען אין קלויז „חברה לומדי גמרא״.

ביי אים איז געווען דאָס איינציקע חדר, וווּ פון איינס ביז צוויי אַזייגער פלעגט קומען אַ לערער לערנען לשון־קודש, עברית. מיטן לערער האָט זיך ר׳ פייווע באַמיט רעדן עברית, אין דער דריטער פּערזאָן, כבודו, ווייל ער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר אַ קענער, זיין ייִנגערע טאָכטער, שרה, האָט אַ דאַנק זיין

שטיצע געענדיקט קאַגאַנס גימנאַזיע אין ווילנע (אַ זעלטענע כמעט דערשיינונג אין יענער צייט אין אָשמענע) און שפּעטער געוואָרן אַ געהילפס־פּראָוויזאָרין.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן נאָך איין מעלה: טאָמער פלעגט טרעפן, אַז עמעצער האָט אין זיין אָנוועזנהייט גענומען רעדן פון אַ שכן, צי באַקאַנטן ניט צום גוטן, פלעגט ר׳ פייווע זיך אויפהייבן און אַוועקגיין. פאַר לשון־הרע האָט ער זיך אויסגעהיט ווי פאַר פייער, און אַזוי אויך מדריך געווען זיינע תלמידים.

געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק.

## ר׳ אידל ציזלינג

אַ מלמד פון זעלבן שניט, ווי ר׳ פייווע.

ווען הרב פיין האָט פאַרלאָזן אָשמענע, האָט ר׳ אידל געזאָגט דעם שיעור אין „חברה לומדי גמרא״. זייער אָפט פלעגט ער בעת אַן הפסקה ביים לערנען דערציילן פון די חז״ל, פון די אחרונים, פון ר׳ עקיבא אייגער, ר׳ אייזיקל חריף, ר׳ חיים בריסקער, פון ווילנער גאון אאַ״וו. און דערציילן פלעגט ער עס מיט אַ זיסן שמייכל, — אַן גוואַלדן. זיין התפעלות איז געווען אַן אינעווייניקסטע און אַ שפּרודלדיקע.

כ׳דערמאָן זיך, אַ מאָל אַ שימחת־תורה האָט ר׳ אידל פאַרבעטן צו זיך אַ פינף־זעקס בעלי־בתים לומדים אויף קידוש. און מיך, אַ יינגל פון אַ יאָר דרייצן־פערצן, האָט מיין טאַטע ע״ה מיטגענומען. מען האָט דערלאַנגט קיכלעך, לעקעך און בראָנפן און נאָך אַנדערע צובייסעכטס. מען האָט געמאַכט אַ כוסה, אַ צווייטע, ווי עס פירט זיך. מען איז געוואָרן לעבעדיק, יום־טובדיק, פאַרצויגן פאַרשידענע ניגונים, זמירות — ברוך אלוהינו, האדרת והאמונה א אַנד. איך האָב דאַן געטרונקען בראָנפן ס׳ערשטע מאָל אין לעבן. נאָך אַ פינף־זעקס קעלישקעס, שיכור ווערנדיק, אַזש אָנגעהויבן לאַכן. צוערשט האָבן די יידן גערעדט פון תורה, דערנאָך, מיטן גלעזל, פון גרויסע צדיקים, בעלי־מופתים, פון שמחות, אויף וועלכע זיי זענען בייגעווען. און ר׳אידל האָט דערציילט שטיל, עקזאַלטירט פון עפּעס אַ יידן, אַן אורח, וואָס איז אַמאָל פאַרבליבן אויף די אַנדערע טעג סוכות אין אָשמענע און ווי אַזוי ער האָט משמח געווען דעם קהל. צווישן אַנדערן האָט ער אָנגעצונדן אַ סך ליכטלעך, אויף די שטיינער פון שול־הויף, האָט זיך פאַרוויקלט אין טלית און מיטן פּזמון „האדרת והאמונה״, האָט ער גטאַנצט צווישן די ברענענדיקע ליכט און מיטגעריסן דעם גאַנצן עולם. ער געדענקט נאָך, זאָגט ר׳ אידל, דעם ניגון, און באַלד פאַרצויגן: האדרת והאמונה, אַך, לחי עולמים! „פונקע דאַנונקע דאַנונונו״, אַך, לחי עולמים!...

צו זיין דערציילן און זינגען האָבן זיך מיט אָפענע הערצער צוגעהאָרכט די האַלב־בגילופנדיקע לומדים און מיט התפעלות פאַרבינדן זייערע קולות צום זמרל פון „פונקע דאנונקע״...

און היינט, ווען איך טראַג זיך אַריבער צו יענער צייט און יענעם פרימיטיוון ניגון, פאַל איך כורעים פאַר דער טיפער אמונה פון ר׳ אידלען און זיינע חברים, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אַלע זייערע אברים.

געווען איז ר׳ אידל אַ מתנגד מיט אַ חסידישער נשמה.

## הרב פיין

אַ הויכער קאָרפּולענטער ייד, אַ ברייטער רבנישער שטערן, אַ הערצל־באָרד, נאָר אַ לענגערע. מיט איין וואָרט — אַ הדרת פּנים. נאָך ר׳ פּסח דעם ראש הישיבהס טויט, האָט ער געזאָגט דעם טעגלעכן שיעור אין „חברה לומדי גמרא״. אַ לייכטע תפיסה, אַ חריף. די קשיות פון די לומדים פלעגט ער געוויינלעך אָפּפרעגן מיט אַ בליציקער שנעלקייט. נאָר טאָמער האָט ער אויפן אָרט ניט געפונען וואָס צו ענטפערן, פלעגט ער זיך עלעגאַנט מאַכן ניט־הערנדיק און ממשיך זיין דעם שיעור. אַן עכטער דיפּלאָמאַט.

אַ רעדנער איז ער געווען פון די סאַמע בעסטע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן. זיינע דרשות, אין ענינים פון הלכה אַפילו, זיינען געווען פאַרכאַפּנדיקע און צוטריטלעך פאַר יעדן צוהערער. ווער רעדט, ווען ער האָט מספּיד געווען אַ בכבודיקן בעל־בית, איז ניט געווען ממש אין בית־המדרש קיינער, מיט ניט קיין רויטע אויגן... די מערהייט, מיט דער עזרת־נשים בראש, איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געוויין.

עד היום געדענק איך — דאַן אַ יינגל פון אַ יאָר ניין — מיט וואָס ער האָט אָנגעהויבן דעם הספּד נאָך ר׳ פּסחן. עס גייען מיר נאָך די ווערטער און זיין אָריגינעלער ניגון, אַ ניגון, וואָס איך האָב ניט געהערט פון קיין שום רב, אָדער מגיד ביזן היינטיקן טאָג.

יום־כּיפּור נאָך כּל־נדרי, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט גערעדט, האָסטו געזען פאַר זיך אַן אויסערגעוויינלעך גייסטיקן כּוח. אַז דער עולם איז שוין געווען גוט צעוואַרעמט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „איז לאָמיר אַ פאַל־טאָן צום רבונו של עולם!״ דערביי האָט ער זיך געגעבן אַ האַסטיקן דריי אויס צום ארון־קודש, בליץ־שנעל אַ צי געטאָן דעם פּרוכת, אַ פראַל־אויף געטאָן דעם אָרון און ממש אַריינגעפאַלן אין אים מיט טענות, אַז אַ שטיין וואָלט צעגיין. קליין און גרויס האָבן געהעשעט, געווען פאַלן פון חלשות צווישן די ווייבער. נאָר ער אַליין האָט קיין טרער ניט אַרויסגעלאָזן. אַן אַרטיסט פון גאָטס גענאָד.

נאָר צוויי מאָל האָב איך אים געזען וויינען. איין מאָל — ווען דער גבאי פון בית־מדרש האָט אים שווער באַליידיקט בפרהסיא, אין בית־מדרש גופא. געווען איז דאַן פּרשת משפּטים. האָט דער רב גערעדט וועגן משפּטים בערך אַ שעה צייט, ניט צוגעגרייט. פון מויל האָבן זיך געשאָן פּערל. מיר, אַ קינד, איז דאַן אויסגעקומען, אַז קיינער האָט ניט געאָטעמט... ווי דער גבאי האָט זיך געפילט אין יענעם מאָמענט — ווינטש איך ניט קיין גוטן פריינד.

צום צווייטן מאָל האָט ער געוויינט בעת ער האָט מספּיד געווען זיין מיטעלן זון, דוד, און די רביצין, וועלכע זענען געשטאָרבן אין איין וואָך פון פלעק־טיפוס.

איך בין ביים רב אין שטוב געווען אַ בן־בית. זיין יינגסטער זון, מרדכילע, איז געווען מיין חבר. דעם רב האָט מען געדאַרפט זען אַ שבת נאָכן טשאָלנט, ווען ער זינגט צוזאַמען מיט די בנים זמירות. ניט קיין פרומקייט, נאָר יידישקייט, אַ טיף־באַזינטע, אַ נשמה יתירהדיקע האָט געשמעקט אין דער לופטן, און געגעבן שפּייז אויף אַ סך יאָרן שפּעטער

ווער פון אונדזערע קינדער וועט מסוגל זיין דאָס צו פאַרשטיין ?...

